ע. פערשלייסער

# אויף שרייבערישע שליאַכן

קריטישע עסייען



פאַרלאַג הסופר

# אינהאַלט:

זייט


אַ פּאָר אַריינפיר־ווערטער — 5


I

## מענטש און בוך


לאַמעד שאַפּיראָ, דער שרייבער און מענטש — 11
ב. גלאַזמאַן, דער אַרונטערגרייסער פון מאַסקעס — 22
יוסף ראָלניק, אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט — 31
אברהם רייזענס דערציילונגען — 38
יעקב גלאַטשטיינס פּראָזע — 43
ב. ריווקין, דער „משיחיסטישער" קריטיקער — 48
י. י. טרונק ווי אַ קריטיקער און עסייאיסט — 60
דוד בערגעלסאָנס נייע דערציילונגען — 70
ישעיהו שפּיגל, דער קינסטלערישער שילדערער פון געטאָ־לעבן — 74
א. לוצקי: פּאָעט־רעציטאַטאָר — 82
בימקאָס אַמעריקאַנער דערציילונגען — 94
לייענענדיק מיכל ליכטן — 100


II

## אין פרעמדע וועלטן


טאָמאַס מאַנס ביבלישער ראָמאַן „יוסף אין מצרים" — 109
טאָראָ, דער אַמעריקאַנער נאַטור־פילאָזאָף — 121
קאַפקאַ, דער ייד — 127
עקזיסטענציאַליזם ביי זיי און ביי אונדז — 133
אַרטור קעסטלער, דער אַסימילירטער שרייבער — 138
גוסטאַוו לאַנדויער, די נביאישע פּערזענלעכקייט — 144

III

## דער ייִנגערער דור

זײַט


אבא שטאָלצענבערג — — — — — — — — — — — — — — — — — 151
מאיר שטיקער — — — — — — — — — — — — — — — — — — 157
א. טאַבאַטשניק — — — — — — — — — — — — — — — — — 164
בעריש ווײַנשטיין — — — — — — — — — — — — — — — — 171
ש. איזבאַן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 178
ח. אַיאַלטי — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 183
ג. סיגאַלאָווסקי — — — — — — — — — — — — — — — — — 190
צווי ראָמאַניסטן — — — — — — — — — — — — — — — — — 197
נח גאָלדבערג — — — — — — — — — — — — — — — — — — 203
יאָסל קאָהן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 209
חיים פּעט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — 213
לוי גאָלדבערג — — — — — — — — — — — — — — — — — — 216
משה דלוזשנאָווסקי — — — — — — — — — — — — — — — — 223
זעליג דאָרפמאַן — — — — — — — — — — — — — — — — — 228

# אַ פּאָר אַריינפיר־ווערטער

ס׳רוב פון די אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זיינען געווען געדרוקט במשך דעם לעצטן אַנדערהאַלבן צענדליק יאָרן אין פאַרשיידענע זשורנאַלן און אויסגאַבעס. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז איצט דורכגעגאַנגען אַ פּראָצעס פון אָפּקלויב, אויסברייטערונג, דערגאַנצונג און לייטערונג. ס׳איז לײדער צוליב מאַנגל אין מיטלען ניט מעגלעך געווען אַרויסצוגעבן אַ גרעסער בוך.

וועגן די צוויי ערשטע טיילן פון בוך וואָס נעמען אַריין אַרבעטן וועגן אַלגעמיין אָנערקענטע שרייבער, וואָס פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער ליטעראַטור (אונדזערער און פרעמדער), וויל איך נאָר באַמערקן אַז מיין כוונה איז ניט געווען צו געבן לומדישע, פאָרשערישע דיסערטאַציעס, אָדער קולטור אָדער ליטעראַטור־היסטאָרישע שטודיעס, נאָר נאָכגיין — ווי איך דייט אָן אין נאָמען פון בוך — אין די שליאַכן פון שרייבער, אַריינדרינגען אין דעם שרייבערס מהות (דעם מענטש און שרייבער ווי אַ גאַנצקייט) און בולט מאַכן דעם שרייבערס קינסטלערישן אויפטו און באַדייט אין דער ליטעראַטור — ווי איך זע עס.

וועגן דריטן טייל פון בוך, „דער יינגערער דור״, וויל איך זאָגן דאָס פאָלגנדיקע:

דער דראַנג צום שרייבן וועגן יינגערן שרייבער, אויף וועלכן אונדזער קריטיק האָט זיך ווייניק אומגעקוקט, אויב ניט אינגאַנצן איגנאָרירט, און ער איז דעם לייענער (דעם ביסל וואָס איז נאָך פאַרבליבן) ווייניק אָדער לחלוטין ניט באַקאַנט, איז ביי מיר ניט קיין נייער. באַלד ווי איך האָב גענומען שרייבן אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״ וועגן ביכער (צוגעצויגן און געמונטערט דערצו פון דעם דעמאָלטדיקן רעדאַקטאָר, דעם איידעלן קולטור־מענטש, דר. הערמאַן פראַנק ע״ה), האָב איך זיך באַמיט צו באַקענען דעם לייענער מיט אונדזערע יינגערע טאַלאַנטירטע שרייבער. איך האָב געשריבן פון צייט צו צייט אונטערן קאָפּ: „דער יונגער דור״ וועגן שרייבער ווען זיי האָבן אַפילו קיין ביכער ניט אַרויסגעגעבן.

איך האָב קיין מאָל ניט געקענט פאַרשטיין דעם פּאַראַדאָקס. מען רעדט ביי אונדז כסדר וועגן המשך און אין דער זעלבער צייט קוקט מען זיך ניט אום אויף דעם ניי־געקומענעם, מען זוכט אים ניט צוצוציען. פאַרקערט: מען שטופּט אים אַוועק אָנשטאָט אים דערנענטערן און דער־מונטערן.

וועמען באַטיטל איך „דער ייִנגערער דור ?"

(ביי אונדז חכמהט מען זיך, אַז יונג הייסט ביי אונדז פופציק און העכער.)

איך נעם אַריין אין דער קאַטעגאָריע שרייבער ניט לויט זייערע יאָרן, נאָר די שרייבער וואָס זיינען געקומען אין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה: געשטעלט דאָ זייערע ערשטע טריט, דאָ געוואַקסן און באַקומען זייער שרייבערישן פּנים.

די שרייבער האָבן קיין מאָל ניט פאָרמירט קיין גרופּע. זיי באַלאַנגען צו אַלערליי ליטעראַרישע שקאָלעס. זיי גייען אין זייערע אייגענע וועגן און שליאַכן. איך שרייב דאָ ניט וועגן די שרייבער ווי אַ גרופּע פון קולטור־היסטאָרישן אָדער ליטעראַטור־היסטאָרישן קוקווינקל. איך לאָז עס צום צוקונפטיקן ליטעראַטור־היסטאָריקער צו שרייבן וועגן דעם וואָס פאַרבינדט דעם ייִנגערן דור און מאַכן דעם סך הכל פון זיין אויפטו. די שריי־בער האָבן נאָך ניט געזאָגט זייער לעצט וואָרט, זיי זיינען נאָך אין מיטן וועג. מ׳קען און מ׳דאַרף נאָך פון זיי דערוואַרטן אַ סך אויפטוען. ס׳איז געווען מיין כוונה ביים שרייבן וועגן זיי אָפּצושאַצן יעדן שרייבער באַזונדער, דערגראָבן זיך צום עצם פון יעדן שרייבערס מהות און קינסטלע־רישער דערגרייכונג.

איין זאַך וואָס די אַלע שרייבער פון ייִנגערן דור האָבן יאָ בשותפות וואָס האָט זיך ביים שרייבן וועגן זיי פשוט געוואָרפן אין די אויגן איז געווען: דאָס פעלן פון פאַרנעם, פון שרייבערישן כוח הרצון וואָס איז נאָך טאַלאַנט די וויכטיקסטע קוואַליפיקאַציע פאַר אויפשטייג.

דער ייִנגער דור האָט ניט געהאַט דעם ברייטן שרייבערישן פאַרנעם, דעם דראַנג, דעם גלויבן, דעם אימפּעט פון די פריערדיקע שרייבערישע דורות, וואָס האָבן געשטופּט פאָרויס אַפילו די, וואָס זיינען געווען באַ־שאָנקען מיט ווייניק טאַלאַנט. עס פעלט ביי אונדזער ייִנגערן דור דער פאַרנעם, דער כוח הרצון צו רייסן זיך, צו פראַצעווען מיט אַלע כוחות וואָס איז פונקט אַזוי וויכטיק ווי טאַלאַנט. דאָס האָט געפעלט דעם שריי־בער פון ייִנגערן דור.

איז אַמעריקע שולדיק אין דעם? האָט די אַמעריקאַנער ייִדישער

סביבה אָפּגענומען די כוחות, אונטערגעהאַקט די פליגל? דאָס און אַ סך, אַ סך אַנדערע סיבות...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אַלט־באַקאַנטער שרייבערישער געקלאָג: למי אני עמל? ווערט היינט אַלץ טראַגישער און שווערער אָפּצושטופּן.

אָבער פאַרן אמתן שרייבער איז קיין אויסוועג ניטאָ. נאָך אַלע קנות און קלאָג־רייד זעצט ער זיך ווידער שרייבן.

באַוואוסטזיניק צי אומבאַוואוסטזיניק האָט פאַר מיר געשוועבט דער געדאַנק שרייבנדיק וועגן די שרייבער פון יינגערן דור צו מונטערן חברים־שרייבער (און זיך בתוכם); אָנרעגן צו גיין ווייטער ווי שווער און אויסזיכטלאָז דער וועג זאָל ניט זיין.

לסוף:

לדאבוני האָב איך ניט באַוויזן צו שרייבן וועגן די אַלע שרייבער פון יינגערן דור וואָס איך האָב בדעה געהאַט צו שרייבן וועגן זיי. איך האָב געשריבן ראשית וועגן די וועמענס טאַלאַנט אָדער שרייבערישער דרך איז מיר נעענטער אָדער סימפּאַטישער, וואָס זייער טאַלאַנט האָט מיך גע־רעגט צו שרייבן וועגן זיי. ס'איז דער ערשטער פאַרמעסט אַריינצונעמען די יינגערע שרייבער אונטער איין דאַך.

# לאַמעד שאַפּיראָ, דער שרייבער און מענטש

לאַמעד שאַפּיראָ האָט פאַרמאָגט דאָס וואָס נאָר די ערלעכסטע און אויפריכטיקסטע קינסטלער פאַרמאָגן: קינסטלערישע אינטעגריטעט. דאָס איז עפּעס לחלוטין אַנדערש פון טאַלאַנט אָדער זשעני וואָס זייער עצם איז: גרויסע שעפערישע כּוחות, שטאַרק צעוואָקסענע אינדיווידואַליטעט, גרויסע ווילנסקראַפט. קינסטלערישע אינטעגריטעט איז אַ מאָראַלישע קוואַליטעט וואָס גייט ניט תּמיד אינאיינעם מיט סטיכישן, שעפערישן דראַנג. מען געפינט זי גראָד אָפטער ביי קלענערע, ווייניקער פּראָדוקטיווע קינסטלער. ס'איז אַ שטילער ברענענדיקער פייער וואָס טרייבט קודם כל צו זיין געטריי צו זיך אַליין, צו זוכן שלימות אין אויסגעקליבענעם וועג.

דער שרייבער פון דעם מין אַרבעט איבער יעדן וואָרט און שורה. ער שלייפט כּסדר און מעקט מער ווי ער שרייבט. ער טוט זיין אַרבעט ווי אַן עבודה. ער איז כּסדר בודק זיין האַרץ צי די כּוונה איז אַ ריינע.

דער מין קינסטלער אַנטלויפט צומאָל פון דער וועלטס טומלדיקן יאַריד אין התבודדות איינצוהערן זיך צו די „שטילע קולות" פון דער וועלט און פון זיין האַרץ.

אַזאַ מין קינסטלער איז געווען לאַמעד שאַפּיראָ.

לאַמעד שאַפּיראָ וואָלט אפשר גליקלעכער געווען ווען ער שרייבט לידער. אין האַרצן איז ער געווען אַ דיכטער באַטש זיין טאַלאַנט איז געווען פון אַ דערציילער. ער האָט איבערגעלאָזן אַ צאָל לידער („קרבן מנחה" — אַן אינטערעסאַנט ביכעלע לידער, אַרויס אין 1941). זיינע לידער זייַנען פּשוטע און אויפריכטיקע, אָבער ניט קיין באַדייטנדיקע פּאָעזיע.

ש. ניגער זאָגט, אַז ל. שאַפּיראָ האָט דער ערשטער אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור „דעם נייעם יידן". דאָס קאָן זיין קולטור־היסטאָריש אמת, אָבער דער אמתער אמת איז, אַז שאַפּיראָס „נייער ייד" איז געווען ער אַליין. שאַפּיראָ איז ניט געווען קיין עפּיקער. ער האָט גע־זען און פאַרשטאַנען אַנדערע מענטשן ווען ער האָט געפילט אַ נשמה־קרובהשאַפט מיט זיי. זיין „נייער ייד" איז געווען ער אַליין וואָס האָט זיך צעבונטעוועט קעגן דורותדיקן יידישן גאַנג. דאָס איז געווען שאַפּיראָס

טיפסטע איבערלעבונג, וואָס ער לאָזט איבערלעבן אַ סך פון די „העלדן" פון זיינע דערציילונגען. דער קלימאַקס פון שאַפּיראָס בעסטע דערציילונגען קומט ווען דער „העלד" דערגייט דערצו אַז ער קאָן ניט ווייטער, ער קאָן מער ניט פאַלשעווען. ער מוז נעמען לעבן זיין אייגן לעבן. דאָס געשעט אין „געגעסענע טעג", אין „ממה נפשך" און אויך אין אַנדערע דערציילונגען. ניט תמיד אַזוי דירעקט. אין „אַ נסיעה דורכן מילכוועג" קומט דער בונט ערשט ווען דער העלד וואָס איז זיין גאַנץ לעבן געווען פאַרטאָן אין געשעפטן, גוססט און מאַכט אַ חשבון הנפש פון זיין לעבן. און אין דער דערציילונג „דאַק" קומט דער בונט קיינמאָל ניט. דער דאָקטאָר וואָס האָט ניט דעם כוח צו צעבונטעווען זיך גייט אין שפּאַן זיין גאַנץ לעבן, אַ ניט אויסגעלעבט שטיל־דערשלאָגן לעבן.

שאַפּיראָס אמתע העלדן זיינען אויסגעהאַלטענע כאַראַקטערן, עקשנים, פיזיש און גייסטיק פעסטע, גאַנצע, וואָס זייער מאָראַלישע גאַנצקייט און ערלעכקייט פירט זיי זייער גאַנץ לעבן אין אַ גראַדן, זיכערן וועג, ווי ר' מנשה פון דער פיינער דערציילונג „רויך", און לייב אין דער „פאַמיליע גערער". די „פאַמיליע גערער" איז איינע פון שאַפּיראָס ערשטע דערציילונגען און לדעתי שטאַרק אויטאָביאָגראַפיש. דער קאַמף צווישן טאַטעס און זין איז דער בונט פון „נייעם יידן" און אַ סך אַנדערע מאָטיוון וואָס שאַפּיראָ האָט שפּעטער אַנטוויקלט זיינען שוין דאָרט שטאַרק בולט.

פלאָנטערס און פאַרדרייטקייטן קומען אין שאַפּיראָס דערציילונגען ווען זיינע העלדן קאָנען ניט נאָכפאָלגן זייער נאַטור, ווען דאָס לעבן נעמט אויף זיי אַרויפצווינגען קאָמפּראָמיסן. ר' מנשה, פון דער דערציילונג „רויך", אַן איידעם ביי אַ רייכן שווער, לאָזט די אָרימע קלויזניקעס ביי אים שנאָרן זיינע גוטע ציגאַרעטלעך. אַן עלטערער איידעם עצהט אים; שוטה, טו אַזוי ווי איך, צוויי סאָרטן; אָבער „מנשה האָט קיין צוויי סאָרטן טאַבאַק ניט איינגעפירט". אַנדערע גייען יאָ אויף קאָמפּראָמיסן, און פון דעם קומט זייער טראַגעדיע. ווי, למשל, ביי סוזיק, דער העלדין פון איינציקן ראָמאַן שאַפּיראָס. אָבער די וואָס גיבן זיך אונטער, פאַרלייקענען זיך, פאַרמשפּטן זיך צום טויט ביים לעבן אויב זיי צעבונטעווען זיך ניט און וואַרפן פון זיך ניט אַראָפּ די קייטן און נעמען ניט גיין זייער אייגענעם וועג.

דער בונט וואָס פאַרנעמט אַזאַ צענטראַלן אָרט אין די בעסטע דערציילונגען שאַפּיראָס, אפשר ריכטיקער, די דערוואַכונג וואָס דער בונט ברענגט מיט זיך וואָס פירט צו אַ ניי לעבן, האָט מיך דערמאָנט אין דעם אַמעריקאַנער ליריקער־דערציילער שערוואוד אַנדערסאָן, וועמענס צענטראַלע טעמע איז אויך די גייסטיקע דערוואַכונג וואָס פירט צו אַ טיפער, עכטער לעבן („ווינעסבורג, אָהייאָ") אָדער זעלבסט רעאַליזאַציע.

שערוואוד אַנדערסאָן האָט אַזוי ווי שאַפּיראָ אָפּגעשפּיגלט אין זיינע העלדן זיין אייגענע טיף־גורלדיקע איבערלעבעניש, וואָס האָט געפירט דערצו ער זאָל ווערן אַ שרייבער. אַנדערסאָנס שרייבערישע קאַריערע האָט געוואָרצלט אין אַ בונט קעגן זיין פריערדיק לעבן. ער איז פריער געווען אַ באַזיצער פון אַ קליין פאַבריקל. ווען ס׳האָט אויסגערייפט אין אים דער בונט קעגן דעם דאָזיקן אופן לעבן האָט ער אַוועקגעוואָרפן זיין פאַבריקל און איז אַוועק פון דער היים און דעם גאַנצן פריערדיקן לעבן און געוואָרן אַ שרייבער.

וואָס איז פאָרגעקומען ביי ל. שאַפּיראָן ?

מיר קאָנען נאָר שפּעקולירן. שאַפּיראָ האָט וועגן זיך ווייניק מגלה געווען. מיר ווייסן נאָר אַז ער האָט געלערנט אין אַ ישיבה און גענומען לייענען „ביכלעך“. ער האָט זיך עטלעכע מאָל פאַרמאָסטן צו ווערן אַ שרייבער. ס׳איז אָנגעקומען שווער ווי קריעת ים סוף. זיין ערשטע אָפּגע־דרוקטע זאַך איז געווען אַ וויץ פאַר וועלכן ער האָט געקראָגן באַצאָלט אַ רובל און שאַפּיראָ, וואָס האָט זיך כל ימיו געראַנגלט פאַר חיונה, האָט זיך געחכמהט אַז דאָס איז געווען דער גרעסטער שרייבערישער האָנאָראַר פאַר שורה וואָס ער האָט ווען עס איז געקראָגן.

ווען שאַפּיראָ איז אַרויס „לתרבות רעה“, גענומען לייענען „ביכלעך“, איז דאָס געווען די טיפסטע איבערלעבעניש שאַפּיראָס; דער בונט קעגן אַלטן יידישן לעבנשטייגער. דאָס איז געווען ביי אים, ווי ביי אַ סך שריי־בער פון יענעם דור (יידישע און העבראַאישע), אפשר די טיפסטע און דער־צידירנדיקסטע איבערלעבעניש פון זיין לעבן. און שפּעטער די פּאָגראָמען, וואָס ער האָט אַליין ניט איבערגעלעבט נאָר געהערט פון זיי. אָבער זיי האָבן געהאַט אויף אים אַ גוואַלדיקע ווירקונג. זיי זיינען געוואָרן די טעמע פון זיינע שטאַרקסטע (אויב ניט קינסטלעריש בעסטע) דערציילונגען וואָס האָבן אים איבער נאַכט באַרימט געמאַכט. אָבער דאָס איז נאָר געווען אַן עפּיזאָד אין שאַפּיראָס שאַפונג פון וועלכן ער האָט זיך באַלד אָפּגע־טרייסלט. ער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרפירן פון כבוד און באַרימטקייט, ווי עס וואָלט געטאָן אַ ווייניקער ערלעכער און עכטער שרייבער. ס׳איז אַזוי לייכט צו גיין אין איינמאָל אויסגעטראָטענעם וועג. ניין, די ביאַליקישע טעמעס זיינען ניט פאַר שאַפּיראָן. ער האָט זיך געפילט בעסער ווען ער האָט געשריבן אַזוינע טיף לירישע זאַכן ווי „אויפן ים“ און „צווישן פעלדער“ און געשריבן מייסטערישע יידישע פּראָזע ווי אין זיינע שפּע־טערדיקע „ממה נפשך“ און „געגעסענע טעג“.

די טיפע פאַרטוענקייט אין יחידיש־גייסטיקע זוכענישן, אין זיך רעאַ־ליזירן, האָבן שאַפּיראָן געמאַכט פאַרן אייביקער זוכער, פאַרן אייביק ניט

צופרידענעם: געמאַכט אים קוקן מיט אַ שאַרף־קריטיש אומטאָלעראַנט אויג אויף מענטש און וועלט — און זיך אַליין אויך. זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ שווערער קאַמף מיט זיך און מיט דער וועלט.

***

לאָמיר שאַפּיראָס גאַנצע ליטעראַרישע ירושה, נאָך אַ פּאָר צענדליגג יאָר אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט איינגענומען מיט שטור־רעם, מיט זיינע פּאָגראָם דערציילונגען, — איז ווייניקער פון אַ טוץ דער־ציילונגען און קלענערע זאַכן, סקיצן, פראַגמענטן און אַ ניט־געענדיקטער ראָמאַן. ער האָט אָפט איבערגעדרוקט זיינע דערציילונגען. אָבער זיינע בע־סערע דערציילונגען זיינען מייסטערווערק פון דעם זשאַנער וואָס זיינען באַקאַנט יעדן לייענער פון יידיש. און אויב זיינע באַרימטע פּאָגראָם־דער־ציילונגען, „דער קוש" און „דער צלם", זיינען געשריבן מיט „אַ קוויטש" — ווי ער אַליין האָט געזאָגט — און ס'איז אין זיי ניטאָ די אייגנאַרט און מייסטערשאַפט פון דעם שפּעטערדיקן שאַפּיראָ, זיינען אַזוינע דערציילונ־גען ווי „די יידישע מלוכה", „געגעסענע טעג", „ווייסע חלה" און „ממה נפשך" צווישן די העכסטע דערגרייכונגען פון דער יידישער „שאָרט סטאָרי", וואָס האָבן מיט רעכט שאַפּיראָן אַוועקגעשטעלט ביי דער מזרח וואַנט, צווישן אונדזערע חשובסטע דערציילער.

אָבער איז דאָס ניט זייער אַ מאָגערער איבערלאָז פאַר אַ שרייבער פון אַזאַ פאַרנעם, פון אַזאַ גרויסן כוח, פון אַזאַ אייגנאַרטיקער אינדיווי־דואַליטעט ?

ווען איך נעם טראַכטן פון שאַפּיראָן, ווען איך נעם לייענען אויפסניי זיינע אַ דערציילונג (ווער ווייס צום וויפלטן מאָל ?) דערפיל איך באַלד דעם שאַרפן אָטעם פון זיין אויסגעשפּראָכענער פּערזענלעכקייט און דער־פיל די מאַגיק פון זיין קאַרג אָבער קרעפטיק, טרעפלעך וואָרט, וואָס כאַפּט אויף דאָס עיקרדיקסטע, די סאַמע עסענץ. אָבער ווען איך נעם באַ־טראַכטן שאַפּיראָן אין דער ראַם פון אונדזער בעלעטריסטישער ליטע־ראַטור, ווען איך נעם באַטראַכטן זיין בעלעטריסטיש־שעפערישן אויפטו, ווי אַ מאָלער פון לעבן וואָס זיינע בילדער דאַרפן אָפּשפּיגלען דאָס יידישע לעבן פון זיין צייט, פון אַלערליי טיפּן מענטשן, כאַראַקטערן, געשעענישן, ווען איך נעם טראַכטן פון אונדזערע גרויסע בעלעטריסטן וואָס האָבן פאַראייביקט אונדזער פאָלקסלעבן — טראַכט איך: ניין, קיין בעלע־טריסט איז שאַפּיראָ כלל ניט געווען. ער איז ניט געווען דער מאָלער, וואָס מאָלט גרויסע לייוונטן, וואָס ווימלען מיט לעבן, וואו ס'איז דאָ אַ הימל מיט ערד, מיט מענטשן, מיט חיות אוןביימער און גראָזן. ער האָט געהאַט

אַ ספּעציעלן טאַלאַנט פאַר קורצע דערציילונגען, ניט סקיצן פון לעבן נאָר קינסטלערישע דערציילונגען וואָס זיינען פאַרטיפטע קאָמפּאָזיציעס, קאָנדענזאַציעס, וואו אַלץ איז אויסגעצירקלט אַרויסצוברענגען דאָס עסענציעלע, דאָס סאַמע עיקרדיקע און עצמדיקע פון לעבן. אָבער אַפילו ווען איך נעם טראַכטן פון אונדזערע אַנדערע גרויסע שרייבער פון קורצע דערציילונגען, רייזען, דער גאָט־געבענטשטער עלעמענטאַרער קינסטלער, אַ וואונדערלעכער מזג פון פאָלקס־געניוס און אינדיווידועלן געניוס; בערגעלסאָן, אַזאַ טיפער אינטואיטיווער קינסטלער־וויזיאָנער; דעם שעפעריש־שפּרודלדיקן שלום אַש, דעם פּרימיטיוון כּוח פון ווייסענבערגן, יוגה ראָזענפעלד — דער אייגנאַרטיקער נשמה־גריבלער, און נעם פאַרגלייכן אָט די גאַנצע עשירות מיט דעם, וואָס שאַפּיראָ האָט אונדז איבערגעלאָזן, — ווערט מיר קלאָר אַז ער איז ערגעץ שטיין געבליבן אין וועג, ניט דערגאַנגען, ניט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָס ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען לויט זיינע כּוחות און פאַרנעם.

ל. שאַפּיראָ האָט עס אַליין געפילט און פאַרשטאַנען. דער שרייבערישער שד — ווי ער האָט אים גערופן — האָט אים געפייניקט און געמאַטערט. שאַפּיראָ האָט מיט זיין שרייבערישן שד געפירט מלחמות. אין זיין לעצט דערשינען ביכל עסייען „אַ שרייבער גייט אין חדר״, וואָס איז זיין קינסטלערישער אני מאמין, זאָגט שאַפּיראָ:

„אַ שרייבער מעג אויך ניט שרייבן״. און „קונסט איז שעפערישדערמיט וואָס זי איז בטבע אינטים פּערזענלעך און איינמאַליק״ (קורסיוו פון מיר — ע. פּ.). אין שאַרף געשניצטע זאַצן רימט שאַפּיראָ אַ שעפעריש קונסט־ווערק ווי דעם היפּוך פון שרייבערישער מלאכה, טעכניק, אינדוסטריע. „די פּראָדוקטן פון דער אינדוסטריע קאָנען זיך זיין געזעלשאַפטלעך נוצלעך צוליב זייער צוגאַנגלעכקייט פאַר אַ גרעסערער צאָל מענטשן; זיי קאָנען אַפילו זיין נעט און עסטעטיש, נאָר דער פּערזענלעכער באַריר און דער ערשטער אימפּולס זיינען פאַרלוירן געגאַנגען״...

אָבער וויפיל מיר זאָלן ניט מסכּים זיין מיט שאַפּיראָן, דעם עכטן קינסטלער, פאַר אָפּטרייסלען זיך פון מעכאַנישער פּראָדוקציע צו וועלכער אַ סך שרייבער נעמען זיך ווען דאָס טאַלאַנט־פייער נעמט זיך לעשן, דאַרף מען אָבער ניט פאַרגעסן אַז עס איז ניט לייכט אָפּצוגרעניצן שעפערישקייט פון מלאכה; אַז די ביידע העלפן זיך אויס אַז ס'מוז קומען צו אַ „מאָדוס־וויוועגדי״ צווישן די צוויי. ווען שרייבער וואָלטן זיך געזעצט וואַרטן אויף דער קאַפּריזנער מוזע, וואָלטן זיי ווייניק געשריבן. מיר לייענען ביי אַ סך שרייבער און גרויסע שרייבער וואָס פאַר אַ מלחמות

זיי האָבן געמוזט פירן מיט דער מוזע ביז זיי האָבן אויסגעפירט אַז זי איז געקומען ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייבטיש.

פאַרוואָס האָט שאַפּיראָ אַזוי ווייניק געשריבן?

דער נאָוועליסט ש. מיללער, שאַפּיראָס אַ חסיד און נאָענטער פריינט, וואָס האָט נאָך שאַפּיראָס טויט אַרויסגעגעבן זיינע פאַרבליבענע „כתבים", דערציילט אונדז אַז ער האָט מיט שאַפּיראָן געהאַט ניט איין דיסקוסיע פאַרוואָס ער שרייבט ניט; געמאָנט ביי אים, געקריגט זיך צוליב דעם מיט אים ביז דער דערצאָרנטער שאַפּיראָ איז איינמאָל אַרויס פון די כלים און זיך צעשריען:

— נו, זאָגט זיי אַז ל. שאַפּיראָ האָט באַנקראָטירט, אָנגעזעצט..."

אין דעם, ווי קעגן זיין אייגענעם ווילן אַרויסגעשריענעם ווידוי, האָט שאַפּיראָ אויפגעדעקט דעם אומבּרחמנותדיקן חשבון־הנפש, דעם גע־ראַנגל און שאַרפן פסק־דין וואָס ער האָט אויף זיך אַליין אַרויסגעטראָגן.

ש. מיללער אין זיין הקדמה צו די אויבן־דערמאָנטע פאַרבליבענע „כתבים" ברענגט אַרויס פאַרשיידענע סברות און דערקלערונגען פאַר שאַפּיראָס כראָנישן ניט שרייבן. צרות מיט פרנסה, דער טויט פון זיין פרוי, זיין פילן אַז אויב ער קאָן ניט פאַרנעמען דעם ערשטן פלאַץ, אָנ־שרייבן ווידער אַ ווערק וואָס זאָל מאַכן אַ רושם אין דער ליטעראַטור, איז בעסער שווייגן — און זיין נעמען זיך צו אַלקאָהאָל אין די לעצטע צוויי צענדליגג יאָר פון זיין לעבן.

עס פאָדערט זיך אַ פּסיכאָלאָגישע שטודיע אָדער אַ פסיכאָגראַף צו דערקלערן ניט נאָר דעם שרייבער שאַפּיראָ נאָר דעם מענטש שאַפּיראָ, זיין לעבן, זיין טעמפּעראַמענט, זיין כאַראַקטער, דעם טראַגישן ויתרוצצו אין אים, וואָס האָט געפירט צו דעם ער זאָל אַלץ מער זוכן שכחה און אַנטרינונג אין אַלקאָהאָל. ביי שרייבער וואָס דערגרייכן שרייבערישע הויכן, וואָס קומען אַרויס זיגער אין געראַנגל וואָס יעדער שרייבער האָט מיט זיך צו פירן, פאַרנעמט לסוף די שרייבערישע פערזענלעכקייט דעם אויבן־אָן; די שרייבערישע געשטאַלט רוקט זיך אַפיר, פאַרדעקט מיט איר חשיבות דעם מענטש. אָבער שאַפּיראָ איז ניט געווען גענוג שאַפע־רישע פערזענלעכקייט זיין שרייבערישע געשטאַלט זאָל קאָנען פאַררוקן אין שאָטן דעם מענטשן. צווישן שאַפּיראָן דעם שרייבער און מענטש איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף. אַ כסדרדיקער ביטערער געראַנגל און קיידער־ווידער. מ'האָט זיך געוואָרפן דעם גט פאַר די פיס. שאַפּיראָ האָט זיך גענומען ווערן אַ דערפינדער און דער שרייבערישער שד האָט ניט גע־שוויגן...

* * *

שאַפּירא, דער שרייבער, איז ניט געווען דער מענטש פון חושים, וואָס נעמט אויף די וועלט דורך די אויגן, אויערן און די אַנדערע חושים. אים האָבן אינטערעסירט קודם־כל פּראָבלעמען, נשמה־קאָנפליקטן, פאַרשאַרפטע דראַמאַטישע סיטואַציעס: גראַנגלען, קריזיסן וואָס קומען פאָר אין מענטשלעכע נשמות.

ער איז קיין מאָל ניט אָביעקטיוו ווי בעלעטריסטן עפּיקער וואָס שטייען מן הצד. ער איז תמיד דאָ אין זיינער אַ דערציילונג. ער האָט באמת ניט קיין אַנדערן העלד ווי זיך אַליין. מ'פילט זיין אָטעם, זיין אופן רעאַגירן, זיין אופן טראַכטן. זיינע העלדן האָבן זיין טעמפעראַמענט. דער סטיל זיינער האָט זיך געשטאַלטיקט לויט זיין דמות. זיינע כאַראַקטערן ריידן ווי ער, מיט קלוגע, איראָנישע, קורצע און שאַרפע ווערטלעך און פאַרמאָגן זיין שאַרף־ביטער געמיט מיט זיין רוגזה, ברומען און אָנגעלאָדן שווייגן.

דאָס איז איינער פון די בולטסטע קענצייכנס פון גרויסער שרייבערישער קראַפט.

איך וועל נעמען פאַר אַן עדות דערויף דעם גרויסן אַמעריקאַנער שרייבער, וויליאַם דזשיימס. אָט איז אַ ציטאַט פון זיין עסיי „דהי אַרט אָוו פיקשאָן”:

...די וועגן אויף וועלכע דער נאָוועליסט קען דערגרייכן זיין ציל, זיינען פאַרשיידענע, אַזוי פאַרשיידן ווי די טעמפעראַמענטן פון מענטשן... דער דערפאָלג פון נאָוועליסט איז אָפּהענגיק פון דעם ווי ווייט ער ווייזט אַרויס אַ באַזונדערן צוגאַנג, אַנדערש פון יעדן אַנדערן... אַ נאָוועלע איז אין ברייטסטן זין אַ פּערזענלעכע אימפּרעסיע פון לעבן. דער ווערט דערפון איז גרעסער אָדער קלענער לויט דער אינטענסיווקייט פון דער אימפּרעסיע...

אין דער אינטענסיווקייט פון שאַפּיראָס לעבן־אימפּרעסיע קען קיין ספק ניט זיין.

אָבער די קרעאַטיווע פאַנטאַזיע איבערצושאַפן די אימפּרעסיעס און איבערלעבענישן אין קינסטלערישע שאַפונגען ווי עס האָבן געטאָן גרויסע שעפערישע נאַטורן דאָס האָט לכתחילה שאַפּירא ניט געהאַט. און די שווערע שטרויכלונגען אין זיין לעבן און קינסטלערישן וועג האָבן די פאַראַנענע כוחות פאַרהאַמעוועט.

ניט קאָנענדיק און ניט ווילנדיק אפשר פאַרנעמען זיך אין דער ברייט האָט שאַפּירא אַ סך געאַרבעט אויף פאַרטיפונג, אויף דעם קינסטלערישן לבוש, אויף סטיל און שפּראַך. פון זיינע ערשטע ביז די לעצטע דערציילונגען ליגט אַ שלל אָפּגעטוענע אַרבעט. שאַפּירא האָט דערגרייכט אַן

אייגענעם סטיל. אָדער בעסער געזאָגט: ס׳האָט זיך דעם שרייבער אַזוי נאַטירלעך איינגעגעבן צוזאַמענגיסן זיך מיט זיין לשון אַז ווי פשוט און נאַטירלעך ער רעדט ניט, דערפילט מען באַלד זיין שאַרפקייט, זיין סאַטירישע אומגעדולדיקייט, זיין דינאַמישקייט, זיין טיפן ערנסט, זיין ערנסטן בייזער...

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר אים איז אַ קורצער זאַג, וואָס באַלייכט אַלץ פאַראויסגעזאָגטע ווי מיט אַ בליק. אַזוי, למשל, צום סוף פון ברענערס עסיי זאָגט ער (ווען ס׳קומט צו רייד מכוח דעם טראַגישן סוף פון י. ח. ברענער פון אַן אַראַבישן פאָגראָמטשיקס האַנט אין יאָר 1921):

„דער מענטש וואָס האָט זיך געקווינקלט צו גיין אין אַ שפּייזגעוועלב צו קויפן אַ ברויט, וועלכער האָט זיך ניט געלאָזט אינטערוויואירן פון אַ רעפּאָרטער — האָט צום סוף געהאַט אַן אינטערוויו מיט דער ליבער מענטשלעכער נאַטור פּנים אל פּנים. ער האָט געמוזט האָבן עטלעכע ביטערע מינוטן, אפשר שעהן, איידער דער שווערער פאַרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צווישן אים און אונדז״.

און פאַרענדיקט:

— אַך ס׳אַר אַ וועלט!

דוכט זיך אַזוי שאַבלאָן, מיט אַן אויסגעשריי־צייכן אפילו — אָבער די שאַבלאָנעדיקע שורה באַלייכט מיט אַזאַ שאַרף ליכט אַלץ וואָס ער האָט אונדז דערציילט פריִער, און באַלייכט אויך שאַפּיראָס געמיט מער ווי אַ סך בלעטלעך פון פיין געשפּונענע פּראָזע וואָלטן עס געקאָנט טאָן... זאָל עס אַן אַנדערער שרייבער פּרוּוון זאָגן: „אַך ס׳אַר אַ וועלט!״

לאָמיר שאַפּיראָ האָט ליב אַזוינע קורצע איראָנישע זאָגעלעך צום סוף אָדער אין מיטן פון פּאַראַגראַף. אַזוי גיט ער אַ זאָג ווען ער רעדט וועגן דעם ענין חורבן־ליטעראַטור:

— „און אַז דער רבונו של עולם בייזערט זיך: מעשה ידיך טובעים בים ואתם אומרים שורה?! איז דאָס אויך שיינע ליטעראַטור״.

באַלייכט דאָס ניט ווי מיט אַ בליק דעם גאַנצן ענין חורבן־ליטעראַטור, אַן ענין וואָס איז אַ סך דיסקוטירט געוואָרן אין אונדזער צייט?

שאַפּיראָ האָט ליב קורצע, שאַרפע זאַצן. אָפט שטעלט ער אַוועק אַ זאַץ במקום אַ גאַנצן פּאַראַגראַף. דאָס איז ניט אַ קאַפּריז אַזאַ. דאָס איז איינס פון זיינע סטיליסטישע המצאות, דער רעזולטאַט פון צמצום זוכעניש. עס האָט אים געגעבן אַ לעבן לאַנג אַרויסצוקריגן פון דעם באַריידעוודיקן יידישן פאָלקס־לשון, די קורצקייט און צמצומדיקע קאָנדענסירטקייט פון זיינע לעצטע דערציילונגען. זיין לעצט בוך דערציילונגען „בו־יאַרקיש״ איז דער הויכפּונקט פון שאַפּיראָס קינסטלערישע און סטיליסטישע דערגרייכונגען.

כמעט אַלע דערציילונגען דאָרטן הויבט שאַפּיראָ אָן מיט איין זאַץ־פּאַראַ־גראַף וואָס גיט דעם טאָן פאַר דער דערציילונג ווי בעטהאָווענס ערשטע אַריינפיר־קלאַנגען וואָס זאָגן אָן די שטימונג, די אַטמאָספּערע און זיינען דער הויפּט־מאָטיוו פון דער סימפאָניע וואָס וועט זיך צעוויקלען און פונאַנדער־שפּילן.

די דערציילונג „נו־יאָרקיש" הויבט זיך אָן:

„פאַרנאַכט האָט אַ מענטש מיט אַ ברוגזן פּנים באַשטעלט אַ פּאָרציע בלינעס ביים הייסן טיש".

די דערציילונג „ממה נפשך" הויבט זיך אָן:

„די רביצין איז געווען זייער אַ נאַרישע יידענע".

די דערציילונג „געגעסענע טעג" הויבט זיך אָן:

„איך האָב דעמאָלט געגעסן טעג און מיר האָט געפעלט אַ דינסטאָג".

די דערציילונג „דאַק" הויבט זיך אָן מיט דעם זאַץ:

„בעני מילגרוים האָט אָנגעהויבן קולטיווירן אַ פליך נאָך אין די סטו־דענטישע יאָרן".

נאָך דעם ווי שאַפּיראָ עפנט די דערציילונג „ממה נפשך" מיט דעם זאַץ־פּאַראַגראַף: „די רביצין איז געווען זייער אַ נאַרישע יידענע", דערציילט ער אין צווייטן פּאַראַגראַף:

„דעם רבס שכירות מיטן רח"ש צוזאַמען זיינען געווען אַזוי קליין, אַז אַלע אירע יאָרן האָט זי געהאַלטן אין איין שטיקעווען דעם סוף פון דער וואָך צום אָנהויב פון דער נעקסטער. עס האָט זיך ניט געשטיקעוועט און פירן די רבנישע באַלעבאַטישקייט איז געווען אַזוי שווער ווי צו פירן אַ מלוכה. פונדעסטוועגן איז ביי דער רביצין געוואַקסן אַ גוידער און איר פּנים איז געווען גלאַט און געריטלט ווי ביי אַ מיידעלע. זי איז געווען לאַנג און דין אָבער ווייט פון מאָגער, דעם קאָפּ האָט זי געהאַלטן אַביסל פאָרויס און געבויגן ווי אַ הון וואָס זוכט קערנדלעך. געהאַט צווי בלויע אינגאַנצן אומ־שולדיקע מיידלעשע אייגעלעך, אַביסל קורצזיכטיק און פון אונטערן פאַר־וואָרפענעם ווייס־זיידענעם טיכל האָבן אַרויסגעקוקט צווי קליינע אויערלעך ווי רויזנבלעטלעך, מיט אַלטפּרענקישע געפּאַסטע בריליאַנטן אין זיי — אַ ירושה פון דורות. — די רביצין איז געווען אַ שיינע און נאַרישע יידענע".

ס'אַ קרישטאָל־קלאָרע קערנדיקע פּראָזע!

שאַפּיראָ איז געווען שטרענג צו זיך, ערלעך מיט זיך. ער איז זיך מפשפש אין זיינע געדאַנקען און מעשים ווי אַ מוסרניק.

ער איז חושד אַז דער שרייבערישער שד איז — „אַ גלוסטעניש צו זיין ביים עולם אין אויג". איך האָב שוין דערמאָנט, דוכט זיך, דעם באַ־קאַנטן זאָג זיינעם, אַז ער האָט ניט געוואָלט אָנשרייבן „נאָך אַ צלם" און

„נאָך אַ ווייסע חלה" להפוך צום רוב פון אונדזערע שרייבער וואָס האָבן שוער איבערצולאָזן וואָס גרעסערע פּאַליצעס מיט ביכער.

שאַפּיראָ איז געווען אַ שרייבער אַ מאָראַליסט; אַ שרייבער וואָס זיין שרייבן איז אַ מאָראַלישע טאָט. ס'זיינען פאַראַן צווייערליי שרייבער. שרייבער וואָס האָבן דעם איינגעבוירענעם טאַלאַנט צו דערציילן אַ מעשה, אויסזינגען אַ ליד, מאָלן אַ בילד. די דאָזיקע קינסטלער־נאַטורן האָבן אַליין הנאה און ווילן אונדז מהנה זיין, זיי ווילן אונדז ניט לערנען, מוסרן, אָדער פירן. זייער קונסט איז ספּאָנטאַן, זיי זיינען די מזלדיקע קינסטלער. זייער קונסט קומט זיי אָן לייכט און זיי זיינען באַליבט און פּאָפּולער. ס'זיינען אָבער דאָ שרייבער־מאָראַליסטן, שרייבער מיט אַ „מיסיע", שרייבער מגזע הנביאים, שרייבער וואָס ראַנגלען זיך מיטן שרייבערישן שד אַ גאַנץ לעבן. צווישן די צוויי מינים שרייבער זיינען פאַראַן גרעסערע און קלענערע טאַלאַנטן און די מחיצה איז ניט תמיד בולט.

ביי יידן, ביי וועמען דאָס מאָראַלישע און מאָראַליסטישע האָט פּרעדאָמינירט און אונטערדריקט די קינסטלערישע אַנטוויקלונג (פון לא תעשה לך פסל — ביז מה נאה אילן זה...) האָט די פּלאַסטישע קונסט געקענט זיך ערשט צעבליען ווען דער כוח פון רעליגיע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער דאָזיקער קאַמף צווישן די צוויי פּרינציפּן האָט זיך שטאַרק אָפּגערופן ביים יידישן קינסטלער און אָפט געשאַפן אַ ויתרוצצו.

שאַפּיראָ דער קינסטלער האָט זיך געראַנגלט מיטן מאָראַליסט. ער האָט געמוזט זיך שלאָגן, ראַנגלען צו ווערן אַ פּלאַסטישער קינסטלער. דערפאַר זיין כעס אויף זיינע מאָראַליסטישע זאַכן ווי דער „צלם" און „דער קוש". ער האָט ניט געקענט סובל זיין דעם מאָראַליסטישן „קוויטש" פון זיינע ערשטע דערציילונגען; געוואָלט זיך באַפרייען פון דער יידישער ירושה, פון דער יידישער גייסטיקייט און ווערן אַ „ריינער קינסטלער". דער קינסטלער דאַרף שאַפן געשטאַלטן, בילדער, לעבעדיקע מענטשן; געבן סענזאָריעלע פּלאַסטישע בילדער, פאַרב, קלאַנג, שטימונג, אוממיטלבאַרע עמאָציע, ניט אינטעלעקטועלע טראַכטעכצן, גייסטיק שפּינוועבס, געמוטשטע קאָנסטרוקציעס; ניט זיין זאָגעריש, פּרעדיגעריש, אַבסטראַקט אין רעדן פון הויכע ענינים, נאָר איבערגעבן ס'טעגלעכע, רויע, חושמדיקע.

דאָס איז געוואָרן דער אני מאמין פון קינסטלער שאַפּיראָ ווען ער האָט זיך גענומען באַוואוסטזיניק אַרבעטן איבער זיך ווי אַ קינסטלער־דערציילער. דאָס האָט ער געוואָלט געבן איצט אין זיינע דערציילונגען, ניט די מאָראַליש־גייסטיקע אידייען פון „צלם" און „קוש". שאַפּיראָ האָט באַאַרבעט אַ סך פון זיינע פריערדיקע דערציילונגען. ס'איז זייער אינ־

טערעסאַנט נאָכצופאָלגן ווי שאַפּיראָ האָט עס געטאָן (אָן אַרבעט פּאַר אַ צוקונפטיקן פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור): ווי ער האָט אַרויס־געוואָרפן דאָס אַבסטראַקטע, זאַגערישע, געמוחטע און אַריינגעשטעלט ס'רויע לעבן: פאַרב, קלאַנג, בילד און עמאָציע.

„געגעסענע טעג", וואָס איז אפשר שאַפּיראָס מייסט קינסטלעריש־פולקאָמענע דערציילונג, איז אַ פולשטענדיקע באַאַרבעטונג פון אַ פריער־דיקער, אין די ייִנגערע יאָרן געשריבענער דערציילונג, און לייענענדיק ביידע, קען מען בפירוש זען דעם וועג וואָס שאַפּיראָ האָט דורכגעמאַכט, ניט נאָר אין שפּראַך און סטיל, נאָר אין דעם גאַנצן צוגאַנג, אין באַטאָ־נונג און אין אויפפאַסונג פון די הויפּט־עלעמענטן פון אַ דערציילונג. דער העלד פון דער באַאַרבעטער דערציילונג, „געגעסענע טעג", איז שוין ניט דער מוח־מענטש אָדער גייסט מענטש. ער רעאַגירט מיט די חושים, מיט דער סענסיביליטעט, מיט זיין בלוט און נערוון.

אָבער שאַפּיראָ האָט זיך אַליין ניט געקענט איבערמאַכן. ס'טיפסטע אין אים איז געבליבן דער גייסט, די מאָראַלישע איבערצייגונג. ער איז געווען בעצם דער מוח מענש, דער איש־הרוח.

אפשר איז דאָס געווען דער שד מיט וועלכן דער קינסטלער אין שאַפּיראָן האָט געמוזט פירן כסדר מלחמה?

שאַפּיראָ דערציילט אונדז אין זיין „דער שרייבער גייט אין חדר" ווי דער קינסטלער אין אים האָט זיך געראַנגלט מיטן מאָראַליסט. ער דערציילט, אַז די טעמע פון יידישע באַנדיטן וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פּאָגראָמען פון 1919־20 האָבן אים פאַרפאָלגט, ער האָט — זאָגט ער — געטריבן עס פון זיך ווי מ'טרייבט מאָסקיטן. אַזוי רעדט דער קינסטלער. אָבער דער מאָראַליסט רעדט אויף אַן אַנדער אָרט:

„איך באַמי זיך אַרויסצוראַטעווען פון דער בלוטיקער בלאָטע כאָט איין־איינציקע יידישע נשמה — נפש אחת מישראל און זאָל דער גאָט פון דער קונסט זאָגן וואָס ער וויל".

די אַלע ויתרוצצוס און מכשולים, — אינערוויניקסטע און דרויסנ־דיקע, — און געראַנגלען וואָס ל. שאַפּיראָ האָט געפירט מיט זיך און דער וועלט האָבן פאַרהאַמעוועט דעם פולן צעבלי פון זיין בולטן, קרעפטיקן טאַלאַנט וואָס האָט מיט אַזאַ עלעמענטאַלן כוח אַ שלאָג געטאָן באַלד ביי זיינע ערשטע אַרויסטריטן וואָס האָבן אים באַרימט געמאַכט איבער דער יידישער וועלט.

# ב. גלאַזמאַן, דער אַרונטערדרייסער פון מאַסקעס

.1

פון גלאַזמאַנס ווערק קאָן מען לייכט אַרויסלייענען זיינע פערזענלעכע טענות און מענות, זיינע אייגענע צרות און קריוודעס און זיינע אייגענע מיינונגען. דער שרייבער דאַרף זיך טאַקע אָנזען אין זיינע ווערק, אָבער ס'ווענדט זיך ווי אַזוי מ'ווייזט זיך פאַר דער וועלט. פאַר דער וועלט דאַרף מען זיך אויספוצן אין שענסטן און בעסטן. דער נאַקעטער קעניג איז גלייך צו יעדן בשר ודם. גלאַזמאַן האָט זיך געוויזן פאַר דער וועלט אַ נאַקעטער, אַ בייזער, אַ פאַרביטערטער, פול מיט תרעומות און טענות. ער האָט דערציילט פון זיינע צרות, ווי שלעכט די וועלט איז און ווי ביטער ס'איז די מערכה פון יידישן שרייבער. דאָס איז אַלץ אמת, אָבער די וועלט האָט פיינט דעם נאַקעטן אמת. דערפאַר איז גלאַזמאַן נישט געווען באַליבט און געשעצט ווי אַנדערע אַ סך ווייניקער טאַלאַנטירטע שרייבער.

גלאַזמאַנס פאַרביטערטע אָנגעשטויסנקייט אויף דער וועלט האָט דעם נאָוועליסט גלאַזמאַן אויך קיין טובה נישט געטאָן. די דערציילונג, אָדער ראָמאַן איז נישט דער פּלאַץ פאַר אויסטענהן זיך מיט דער וועלט. דער שרייבער איז טאַקע פריי דאָרט אַלץ אַריינצוברענגען, אָבער אַזוי ווי אַ קוכער מוז גוט צוקלייבן און צוגרייטן די מאַטעריאַלן פאַר אַ גוטער פּאָטראַווע, אַזוי מוז דער דערציילער זיינע מאַטעריאַלן גוט צוקלייבן, איבערזיפּן און לייטערן. און ווען ער זעצט זיך סוף כל סוף צום שרייבטיש מוז ער פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם קויטיקן טאָג־טעגלעכן בגד און זיך אָנטאָן יום־טובדיק.

צווישן שרייבער און לייענער גייט נישט אָן קיין שיחת חולין. אַפילו ווען דער שרייבער שמועסט זיך מיט זיין לייענער כלומרשט דורך, דערציילט אים אַ מעשה שהיה, איז עס נאָר אַן אָנשטעל אַזאַ. אַפילו ווען דער שרייבער רעדט פּשוטע אָדער „גראָבע רייד” מוז עס אָבער פאָרט זיין „שיינע ליטעראַטור”. דער שרייבער פירט דורך אַ געהויבענע שליחות אַפילו אין אונדזער פּראָזאַאישער צייט וואָס איז

גרייט זיך אויסצולאַכן און אָפּשפּעטן פון אַלע שיינע הויכע רייד. די פאָרם און תוכן פון דער דערציילקונסט האָט זיך אַ סך געביטן זינט די ערשטע מעשה־דערציילערס האָבן דערציילט אָדער אויסגעזונגען זייערע מעשות פאַר זייערע צוהערערס און אַפילו זינט באָקאַטשיאָ, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַרן ערשטן מאָדערנעם דערציילער, אָבער זייער עצם איז פאַרבליבן דערזעלבער. דער הייַנטיקער מעשה־דערציילער פאַרענדיקט נישט זיין מעשה מיט אַ מוסר השכל ווי דער אַמאָליקער, אָבער אויף אַ פאַרשטעלטן אופן ברענגט ער אויך אַרויס אַ מוסר השכל. דער מוסר השכל איז פאַרבאַהאַלטן אין דעם וואָס דער מעשה־דערציילער פילט און טראַכט וועגן מענטשן און זייערע גורלות. דאָס איז זיין פּירוש אויפן לעבן.

די פּראָבלעמען וואָס דער דערציילער פירט אַרויס מוזן זיין אַל־מענטשלעכע פּראָבלעמען, אָדער אפשר זאָלן מיר בעסער זאָגן: זיי ווערן אַל־מענטשלעכע פּראָבלעמען דורכן כוח פון שרייבערס פער־זענלעכקייט (נישט זיין פּערזאָן!), דורך זיין ליידנשאַפטלעכן אַריינטראַכטן זיך און דורכפילן דעם מענטשנס גורל אויף דער ערד און פאַרשטייט זיך זיין טאַלאַנט. די פיקטיווע העלדן זיינען טאַקע דעם שרייבערס קרעאַטורן, רעדן זיינע רייד און טראַכטן זיינע געדאַנקען, אָבער זיי מוזן האָבן זייער אייגן לעבן. ווי דאָס געשעט איז דער סוד פון נאָווע־ליסטס קונסט. אַפילו ביי אַזאַ געניאַלן נאָוועליסט ווי דאָסטאָיעווסקי געפינען מיר סצענעס און גאַנצע דערציילונגען אין וועלכע ס'איז דעם שרייבער נישט געלונגען צו מאַכן פון זיינע פאַרטראַכטעכצן לעבעדיקע מענטשן. אָבער אַזוי ווי ס'איז דאָסטאָיעווסקי, הערן מיר זיך צו מיט דרך ארץ אַפילו ווען ער קייעט איבער זיינע גוט־באַקאַנטע רייד און געדאַנקען.

אַ בעלעטריסט פון קלענערער מדרגה דאַרף זיך שטאַרק היטן זיינע „העלדן" זאָלן נישט רעדן און טראַכטן ווי דער שרייבער אַליין. גלאַזמאַן טוט עס זייער אָפט בפרט אין די שאַפונגען פון זיינע שפּעטערע יאָרן, ווען צער און ביטערקייט האָבן ביי אים צוגערויבט די נייטיקע נאָוועליסטישע דיסטאַנץ. אַנשטאָט שטיין מן הצד לאָזט ער זיין צער און פאַרביטערטקייט אַרויסשרייען פון אים...

דער טראַגישער גורל פון יידישן שרייבער אין אַמעריקע שטייט פאַר די אויגן פון יעדן יידישן שרייבער דאָ ווי אַ בייז געשפּענצט. יאוש און אַפּהעטיקייט באַפאַלן אים אָפט. גלאַזמאַן האָט דאָס בייזע געשפּענצט נישט געקענט פאַרטרייבן אויף אַ רגע, עס איז תמיד גע־שטאַנען ביי זיין זייט. פשוט גערעדט: די ראַנגלענישן פון אַ יידישן

שרייבער קאָנען נישט ווערן קיין טעמע פאַר דערציילונגען און ראָמאַנען. דאָס איז אַ צו קליין ווינקעלע פון לעבן, אַ יחידישע זאַך וואָס קאָן נישט האָבן קיין באַטייט און גילטיקייט פאַרן כלל. גלאַזמאַן האָט נישט געקאָנט סובלימירן זיין צער און פערזענלעכע איבערלעבעניש צו געבן זיי אַל־מענטשלעכע גילטיקייט. דאָס האָט זיך געשטעלט אין וועג זיין באַדייטנדיקן דערציילערישן טאַלאַנט. קאָן זיין דער מענטש גלאַזמאַן איז נישט דערוואקסן צו דער מדרגה פון גלאַזמאַן דעם שרייבער. קאָן זיין לעבן איז געווען צו שווער. אים האָט געפעלט — מיין איך — קינסטלערישע תמימות, פשטות און עניוות. ער איז געווען צו פיל עגאָצענטריקער. לזכות דאַרף מען זאָגן אַז גלאַזמאַן האָט נישט אַרויסגעלאָזן די פען פון האַנט, געאַרבעט מיט עקשנות ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן. זיין לעצטן ראָמאַן „ברויט" האָט ער געשריבן אַ קראַנקער אין בעט. ס'איז זיין געלונגענסטער ראָמאַן. דאָס איז דער בעסטער אַטעסטאַט פאַרן מהות פון שרייבער.

.2

גלאַזמאַנס נאַטוראַליסטישער מעטאָד איז מיזאַמע, געדולדיקע בוי־אַרבעט, שטיינדל צו שטיינדל, ציגל צו ציגל, דעטאַל צו דעטאַל. ער מאָלט סביבה, מענטשן, מיט אָן אַ שיעור דעטאַלן. ער צעגלידערט שאַרף, ער איז בודק די מעשים און די כוונות פון זיינע פאַרשוינען מיט חשד בייזקייט און שפּאָט.

כאָטש גלאַזמאַן איז טעמאַטיש דער אַמעריקאַנישסטער דערציילער אין דער יידישער ליטעראַטור איז זיין דערצייל־מעטאָד אַ קאָפּיע פון אייראָפּעאישע מוסטערן. דער אַמעריקאַנער דערציילער, דער מאָדערנער, וויל אין זיין פּראָזע איבערגעבן דעם מאָדערנעם טעמפּאָ פון דער היינטיקער צייט. ער זוכט נייע וועגן פון אויסדרוק צו קאָנען געטרייער אָפּשפּיגלען דעם היינטיקן מענטש. גלאַזמאַן באַנייט גאָרנישט, ער גייט געטריי אין די וועגן פון די אייראָפּעאישע דערציילערס פון 19־טן יאָרהונדערט. זיין אופן דערציילן האָט מיך אָפט דערמאָנט אין די פראַנצויזישע פּסיכאָלאָגישע ראָמאַניסטן כאָטש ער איז אין תוך אַ נאַטוראַליסטישער רעאַליסט. זיין געטרייקייט צום רעאַליזם גייט אַזוי ווייט, אַז ער גיט נישט נאָר איבער באריכות די רייד פון זיינע מענטשן, נאָר אַפילו די שפּראַך און דיאַלעקט אין וועלכער זיי רעדן. געפינען מיר אין זיין פּראָזע אָפט רוסישע און ענגלישע און אַפילו אַנדערע פרעמד שפּראַכיקע ווערטער און זאַצן גאַנצע אַריינגעבראַקט.

די נאַטירלעכע פּאָזע פון גלאַזמאַנען, דעם דערציילער, איז שטיין

מן הצד ווי אַן אָבסערוואַטאָר און צעגלידערן קאַלט ווי אַ גזלן און פּשטלען און פּאַרטייטשן און צייגן אונדז דעם מענטש מיט אַלע זיינע שלעכטע מידות, מיט זיין גאַנצער מיאוסקייט.

מען דאַרף אָבער אָפּטיילן דעם פריערדיקן גלאַזמאַן און דעם שפּעטערדיקן גלאַזמאַן. דער פריערדיקער גלאַזמאַן איז נישט געווען אַזוי פאַרביטערט און געזען רק פינצטערע פאַרבן. דער פריערדיקער גלאַזמאַן (פון זיינע ערשטע ביכער) האָט אַרויסגעוויזן אַ סך לירישקייט און צאַרטקייט און ראָמאַנטישקייט, אַפילו ווייכקייט און סענטימענטאַלקייט. זיין בוך „אויף אַ האָר" און זיין ערשטער ראָמאַן וועגן אַ פישער שטעטל לעבן ניו־יאָרק „אויף אַן אינדזל" האָבן אַ סך נאַטור לאַנדשאַפטן געמאָלן מיט ליבשאַפט און טיפן פּאָעטישן געפיל. אינעם ראָמאַן איז דער העלד אַ ראָמאַנטישער יונגער מענטש וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ ליבע וואונד וואָס אַנשטאָט זי לאָזן זיך פאַרהיילן רייסט ער כסדר אויף. די העלדן פון גלאַזמאַנס ערשטע דערציילונגען זיינען שטילע, איידעלע, זייליידן שטיל, פאַרבאָרגן. זיי זיינען פאַרהויכט אין אַן איידעלער, לירישער שטימונג. ס'זיינען נישטאָ אין גלאַזמאַנס ערשטע דערציילונגען די נאַקעטע סענזועלע באַשרייבונגען מיט וועלכע דער שפּעטערדיקער גלאַזמאַן האָט זיך ליב צו עוסקן ממש אויפן פראַנצויזישן שטייגער: ס'נישטאָ די בייזקייט, דאָס פּאַסמאַקעווען זיך מיט אויסטאָן מענטשן נאַקעט, ווייזן זיי מיט אַלע זייערע פאַלשקייטן, חזירייען און שלעכטס.

פון וואַנעט האָט זיך גענומען די גוואַלדיקע ביטערקייט ביי גלאַזמאַנען? גיט אַ קוק אויף גלאַזמאַנס פאָטאָגראַפיע. די אויגן קוקן זיך אין אייך אַריין מיט אַ קלוגן שפּאָטישן קוק, ווי אייגער רעדט: מיר קאָנט איר נישט נאַרן. איך בין אַ מבין אויף אייך. זיין פּנים האָט עפּעס פון תלמיד חכם, פון שאַרפן מוח וואָס האָט ליב צעגלידערן און אָפּשפּעטן. מיר דוכט זיך איך זע אין פּנים אויך אַ הויך פון דער ווייכקייט און לירישקייט וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין גלאַזמאַנס ערשטע שאַפונגען. אָבער וואָס האָט גלאַזמאַנען אַזוי שטאַרק פאַרביטערט? איז עס געווען אַ בהדרגההדיקער פּראָצעס, אָדער האָט אַ טיפע איבערלעבעניש געשאַפן אַזאַ טיפע איבערקערעניש אין אים?

איך האָב זיך אָנגעטראָפן אין אַ פראַגמענט פון גלאַזמאַנס אָוטאָביאָגראַפישן ראָמאַן אויף דעם ענטפער. ער דערציילט דאָרט, אַז ווען ער איז געווען אַ יונגער בחור האָט ער געאַרבעט אין אַ קיעווער זומער טעאַטער ווי אַ סטאַטיסט. האָט שוין דעמאָלט דער ישיבה־בחור וואָס איז אַרויס „לתרבות רעה" געקראָגן — ווי ער זאָגט — „זיין ערשטן אוממיטלבאַרן אַריינבליק הינטער די קוליסן" און ס'איז ביי אים זינט

רעמאָלט „פאַרבליבן אַן עקל אויפן גאַנצן לעבן צו די אַלערליי הינטער־קוליסן געננג און מאַניפּאָרגעס אינעם לעבנס־טומל". אָט דאָס איז עס! איך וועל ברענגען נאָך אַ פּאָר שורות פון גלאַזמאַנס פּסיכאָאַנאַליז וואָס ער פירט אַליין דורך אויף זיך. שוין דעמאָלט, זאָגט גלאַזמאַן, האָט ער אָנגעהויבן וואַרפן אַן אומחן אויף טעאַטראַלישקייט, אויף פּאָזעס און אָנשטעלן בכלל און אויף די הויכע, פּאָמפּאָזנע טענער בפרט. שוין דעמאָלט האָט דאָס נאַקעטע פּנים הינטער אַ מאַסקע אים מער אינטריגירט איידער די פּאַראַדנע אָנשטעלן פון דער מאַסקע.

האָט זיך — הייסט עס — ביי גלאַזמאַנען געשאַפן אין זיינע יונגע פאָרמאַטיווע יאָרן דאָס וואָס פּסיכאָאַנאַליטיקער רופן אַ „טראַומאַ", אַ שאָק, ווען דער נאַאיווער, ראָמאַנטישער בחור האָט דערזען די פאַלשקייט און טאָפּלטקייט פון מענטשלעכן כאַראַקטער. און די דאָזיקע איבערלעבונג האָט געהאַט אַ פּעולה אויף זיין גאַנץ לעבן, און ווען גלאַזמאַן איז געוואָרן אַ נאָוועליסט האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פון דעמאַסקירער, אַראָפּרייסער פון מאַסקעס און אָנשטעלן, פון שילדערער פון מענטשלעכע שוואַכקייטן און נישטיקייטן.

מיר מעגן נעמען גלאַזמאַנס ערקלערונג מיט „אַ טראָפּן זאַלץ". גלאַזמאַנס איבערלעבעניש ווי אַ סטאַטיסט אין טעאַטער איז גיכער געווען דער כעמישער קאַטאַליסט וואָס האָט פאַרשנעלערט דאָס אויסקריסטאַליזירן זיך פון גלאַזמאַנס כאַראַקטער. ווען גלאַזמאַן פּרוּאווט וואַרפן די גאַנצע שולד פון זיין ביטערקייט אויף דער דאָזיקער יוגענטלעכער איבערלעבעניש קאָן מען דערפון אַרויסלייענען אַז ער וויל אונדז געבן אַן אַפּאָלאָגיע פאַר דער זייט פון זיין כאַראַקטער פון וועלכער ער אַליין האָט מסתמא נישט קיין גרויסע הנאה געהאַט און וואָס האָט געשאַפן אַ שטאַרקן ויתרוצצו מיט דער צאַרטער לירישער זייט פון זיין נאַטור. דער ויתרוצצו, דער קאַמף צווישן די פאַרשיידענע זייטן פון זיין נאַטור האָט ביי גלאַזמאַנען נישט געפירט צו אַ דורך ראַנגלעניש אויסגעקעמפטער פּאַרטיפיקער שעפערישער דערקענטעניש פון וועלכע דעם שרייבערס אַרבעט געווינט אין וואָג און אין חשיבות. ביי גלאַזמאַנען איז די צעשפּאַלטונג קיינמאָל נישט אויסגעלייזט געוואָרן. גלאַזמאַן האָט נישט באַוויזן איבערצוּוואַקסן, אַרויסצוּוואַקסן פון זיינע שוואַכקייטן; אַריבערוואַקסן דעם קליינעם מענטש אין זיך; אַוועקשטעלן זיך פאַר אונדז ווי אַ שרייבערישע פּערזענלעכקייט וואָס זאָל אונדז לאָזן פאַרגעסן די קליינלעכע זייטן פון מענטש. מיר הערן און זען פון די דערציילונגען און ראָמאַנען, וואָס זיינען שוין די פּירות פון דעם שרייבערס רייפקייט, וואָס האָבן שוין הן אין פאָרם הן אין תוך אַן אייגנאַרטיקע גאַנצקייט

נאָך אַלץ צו פיל אַרויס דעם מענטש גלאַזמאַן. די יאָרן פון רייפקייט האָבן אים נישט געמילדערט ,באַזינט, פאַרטיפט. ער האָט נישט באַוויזן בייצוקומען — לאָמיר זיך באַנוצן מיט זיין דערקלערונג — דעם ביטערן שאָק פון זיינע יונגע יאָרן.

גלאַזמאַנען פעלט די געבענטשטע פשטות, גאָטס מתנה צו גרויסע שרייבער, די אומיטלבאַרקייט. אַפילו אין זיינע לירישע דורכגעפילטע נאַטור באַשרייבונגען, וועו ער שטייט נישט אין דער פּאָזע פון דעמאַסקירער, אַפילו אין זיי פילט מיר אַן אינטעלעקטועל איבערגעלעבטע עמאָציע, נישט די דירעקטע רעאַקציע פון די חושים. די עמאָציע איז ביי גלאַז־מאַנען ווי אַ באַהאַלטענע און ס׳נעמט לאַנג ביז מיר קומען צו איר צו. ס׳קומט אויס ווי גלאַזמאַן וואָלט אַליין באַדאַרפט זיך דערגראָבן צו איר.

גלאַזמאַן איז מער קאָפּ שרייבער ווי געפיל שרייבער, און ער איז גוואַלדיק באַרעדעוודיק. ער ווייסט נישט דעם סוד פון צמצום.

דאָס נאַראַטיווע, דער פרימיטיוו דערציילערישער עלעמענט וואָס אַ געבוירענער דערציילער האָט און וואָס איז דער פונדאַמענט פון דער־ציילערישער קונסט איז ביי גלאַזמאַנען זייער שוואַך. גלאַזמאַן דערציילט נישט ווי אַ נאַטירלעכער דערציילער, נאָר ווי איינער וואָס פירט דורך אַן אויספאָרשונג. איך מוז זיך מודה זיין אַז איך האָב אַ סך מאָל נישט געהאַט קיין געדולד נאָכצופאָלגן אים אין זיינע לאַנגע אויספאָרשונגען. זיין אַריינמישן זיך אין נאַראַטיוו האָט מיך אַ סך מאָל איריטירט. אָבער אַז איך בין מיט אים יאָ געגאַנגען ביזן סוף בין איך לרוב באַלוינט געוואָרן.

גלאַזמאַן איז אַ בעסערער דערציילער ווי אַ ראָמאַניסט. דער ראָ־מאַניסט מוז קאָנען זיין אָביעקטיוו, נישט אַריינשטופן זיך כסדר. די דערציילונג פאַרטראָגט שוין גיכער סוביעקטיוויקייט. גלאַזמאַן האָט אַ סך גוטע און זייער גוטע דערציילונגען בפרט די לענגערע (דער באַריידעוו־דיקער שרייבער דאַרף אַ סך פּלאַץ). איך וועל אָנרופן עטלעכע וואָס זיינען — לדעתי — די סאַמע בעסטע. „אַ שיף אויף גרויסע וואַסערן״, „די גרויסע בענקשאַפט״, „מר. נעסוי פאָרט אויף קבר אבות״ (זיין סאַטירע דאַרט כאָטש אַ באַהאַלטענע, מינערט אָבער איר קינסטלערישן ווערט) און אַ גאַנץ היפּשע צאָל אַנדערע.

גלאַזמאַן האָט געהאַט דעם ראָמאַניסטס דראַנג צו פּאַנאָראַמישע גרויסע לעבנס־בילדער. זיינע אַלע איבערלעבענישן און דערפאַרונגען האָבן זיך אין זיינע הענט געלאָזט לייכט איבערגיסן אין בעלעטריסטישער פאָרם. אָבער ער האָט נישט געהאַט אָדער דעם כוח־היצורה וואָס עס פאָדערט אַ גרעסערע בעלעטריסטיש ווערק אָדער די באַדינגונגען אונטער

וועלכע ס׳איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן זיינען נישט געווען גינסטיקע פאַר גרעסערע ווערק.

גלאַזמאַנס צוויי בענדיקער ראָמאַן „לענדער און לעבנס" איז מער אַ רעפּאָרט פון אַ רייזנדן שרייבער מיט אַ נאָטיץ־ביכל אין האַנט, ווי אַ ראָמאַן.

אָבער לאָמיר נישט פאַרגעסן אַז גלאַזמאַן, דער בעלעטריסט האָט ווי אַלע פון יענער זייט אַריבערגעקומענע יידישע שרייבער אין אַמעריקע זיך אָנגעשטויסן אויף דעם שווערן מכשול פון פרעמדקייט, אויסגע־וואָרצלטקייט — אין דעם פּראָבלעם פון שפּראַך. דער ראָמאַניסט מער ווי יעדער אַנדער שרייבער מוז פילן פעסטע ערד אונטער די פיס. פאַר אים איז אויסגעוואָרצלטקייט, פרעמדקייט, באַדנלאָזיקייט אַ גרעסערע קללה ווי פאַרן דיכטער אָדער אַפילו שרייבער פון קורצע דערציילונגען. די דערציילונג קאָן גיכער פאַרטראָגן צופעליקייט אין טעמאַטיק און נישט צו טיפע אַריינגעוואָקסנקייט אין באָדן.

(גלאַזמאַן דערציילט אין זיין אויבן־דערמאָנטן ביאָגראַפישן אָנוואורף ווי ער איז געפאָרן אָפּפרישן דעם קשר מיט דער אַלטער היים און לעבעדיקן יידישן לשון און ווי ס׳האָבן אים אויסגעפּעלט ווערטער ווען ער האָט גענומען שרייבן זיין ערשטן אַמעריקאַנער ראָמאַן פון פישער שטעטל).

און ווי איראָניש. גראָד ער, וואָס באַזיצט אַ סך וועלטלעך וויסן און וועלט־קענטעניש, ער דער סאָפיסטיקירטער פּראָזאַאיקער, וואָס איז ווי באַשאַפן צו פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער יידישער זשורנאַ־ליסטיק, קאָן זיך נישט דערשלאָגן צו אַ שטעלע און חיונה אין די יידישע צייטונגען פון דער „איסט־בראָדוועיסקאַ אוליצאַ" ווען אַזוי פיל ווייניקער פעיִקע און פּאַסיקע שרייבער האָבן זיך באַזעצט פון ערשטן טאָג אָן דאָרט ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן. און גלאַזמאַן מוז זיך כל ימיו ראַנגלען פאַרן שטיקל ברויט.

גלאַזמאַן האָט זיך מיט דער „איסט־בראָדוועיסקאַ אוליצאַ" אָפּ־גערעכנט אין זיין ראָמאַן „דער גאָלדענער זומפּ" וואָס איז אָבער גיכער אַ ביטערע פּאַשקווילעסטישע סאַטירע ווי אַ ראָמאַן.

.3

דער ראָמאַן „ברויט" וואָס גלאַזמאַן האָט געשריבן אַ קראַנקער אין זיינע לעצטע יאָרן פון וועלכן ס׳איז דערוויַיל נאָר אַרויס דער ערשטער טייל (וועט אויך דער צווייטער טייל אַמאָל דערשיינען?), איז אויטאָ־ביאָגראַפיש אַזוי שטאַרק, אַז מ׳ווערט אַמאָל פאַרחידושט ווי דער

שרייבער האָט נישט געהאַט קיין אינהיביציעס און האָט אַלץ באַשריבן, נישט געשאַנעוועט זיך און זיין משפּחה און נישט געשאַנעוועט קיין אַנדערע מענטשן. ווידער מוז איך איבערחזרן, אַז דער שרייבער איז געוואָרן צו טוביעקטיוו און פאַרגעסן אין קינסטלערישער אָביעקטיוו־קייט... ער באַשרייבט זאַכן און געשעענישן און מענטשן, אין וועלכע מען זעט זיין פּערזענלעכע כוונה. ער וויל זיך אָפּרעכענען מיט מענטשן, וועלכע האָבן אים שלעכטס געטאָן אָדער פּוגע בכבוד געווען, אָדער וועלכע געפעלן אים גלאַט נישט... אויף זיי גיסט ער אויס, זייער טאַ־לאַנטפול, זיין כעס און ביטערקייט און יאוש.

גלאַזמאַן איז אַ גרויסער מייסטער צו ווייזן מיט אַלע קלענסטע פּרטימלעך, מיט אַ סך גאַליקער סאַטירע — אָבער נישט קיין גוזמאַדיקער — ער איז תמיד דער רעאַליסט און געטרייער אָבזערוואַטאָר — אויף וואָס דער מענטש איז פּעאיק... דאָ, אין דעם ראָמאַן, אין וועלכן ער מאָלט כאַראַקטערן וואָס מען קען זיך לייכט אָנשטויסן וועמען ער מיינט, גיט ער אַ סך מאָל נאָך דעם קליינלעכן געפיל פון נקמה נעמען, פון אָפּרעכענען זיך מיט מענטשן, וואָס האָבן אים מצער געווען.

כאָטש גלאַזמאַן טוט עס מיט אַ סך קינסטלערישער באַהאַווּנטקייט, בלייבט אָבער פאָרט דער רושם פון פּערזענלעכע חשבונות. דער שרייבער האָט זיך דערמיט קיין טובה נישט געטאָן. די מענטשן פון ראָמאַן זיינען צוליב דער שוואַכקייט גלאַזמאַנס נישט געוואָרן קיין קינסטלעריש אָביעק־טיווע געשטאַלטן, וואָס האָבן זייער אייגן לעבן. עס זיינען אַרויסגעקומען נישט אָביעקטיוו געמאָלענע כאַראַקטערן, נאָר סאַטיריש, קאַריקאַטוריסטיש געצייכנטע פיגורן, חוזקדיק פאַרקרימטע מענטשעלעך...

מ'זעט, אַז דער שרייבער האָט נישט געטאָן שעפערישע אַרבעט, נאָר גענומען פאַרטיקע מוסטערן און זיי אַרומגעמייסטרעוועט. דאָס איז אין תוך זשורנאַליסטישע אַרבעט, רעפּאָרטאַזש, נישט שעפערישע כאַ־ראַקטער־מאָלעריי, וואָס איז דער סאַמע עיקר אין אַ ראָמאַן.

אויך דאָ — ווי אין זיינע אַנדערע ווערק — ווייזט זיך גלאַזמאַן אַרויס מער מייסטער אין דעטאַליזירטן שילדערן מיט אָן אַ שיעור פּרטים איידער אין אויסמאָלן אַ לעבעדיקן מענטשן, אין וועלכע אַלע קליינע שטריכן פון זיין פּערזענלעכקייט (קאָן זיין שלעכטע און בייזע — דער שרייבער מוז נישט מאָלן גוטע און איידעלע מענטשן — ווי עס פאָדערט ש. ניגער) שאַפן אַ לעבעדיקן מענטש.

בערגעלסאָנס מענטשן זיינען אויך אָפט בייזע, שלעכטע, אָבער זיי זיינען וואונדערלעך לעבעדיק. ביי גלאַזמאַנען ווערט אַ סך מאָל דער

מענטש זייגער דערטרונקען אין דער מאַסע דעטאַליזירטע, פּיטשינקע קליייניקייטן, דערטרונקען ביז איבערן קאָפּ...

צום לעבעדיקסטן האָט זיך דעם שרייבער איינגעגעבן צו מאָלן די „הויפּט העלדין״ — זיך, זיין פרוי און קינד... דאָ איז צונויף געקומען דעם שרייבער זיין עגאָצענטרישקייט, זיין כסדרדיק פאַרנומען זיין מיט זיך, אַ זאַך, וואָס אַלע שרייבער און קינסטלער זיינען דערמיט באַשאַנקען פון דער נאַטור. דאָס איז אפשר אַ בייטיקער באַשטאַנד־טייל פון קינסטלערישן טאַלאַנט. גלאַזמאַן האָט עס בלי ספק געהאַט אין אַ גרויסער מאָס און — מערקווערדיק! דער העלד פון בוך, קאַרלין (לייען: גלאַזמאַן), קומט אַרויס נישט קיין סאַטיריש פאַרביטערטער מענטש, נאָר אַ טיף פילנדיקער, ווייכהאַרציקער, ממש אַ סענטימענטאַלער מענטש. אפשר די צווייטע זייט פון גלאַזמאַנען, דאָס פּנים, וואָס ער האָט זיך אויסגעהיט צו ווייזן דער וועלט...

זייער רירנדיק קומט אַרויס די האַרציקע, געפילפולע באַציאונג צווישן מאַן און ווייב און די ליבשאַפט פון פאָטער צום קינד און ביז גאָר רעאַליסטיש און איבערצייגנדיק די אַטמאָספערע פון אַ היים, וואָס דער קריזיס האָט שווער געטראָפן, וואָס ראַנגלט זיך פאַר ברויט; דאָס געפיל פון הילפלאָזיקייט, פון אומגליק, פון כסדרדיקער, נישט־אָפּלאָזנדיקער זאָרג און מורא פאַרן מאָרגן, געמישט מיט אַ שיין פון האָפענונג: אָט, אָט וועט מען עפּעס געפינען און ס׳וועט בעסער ווערן...

דאָ קומט גלאַזמאַנס מעטאָד פון אָנהויפן דעטאַלן, ווי איין ציגל אויפן אַנדערן, זייער צונויף. דער לייענער וועט פשוט גערירט ווערן און מיטלעבן מיט די געשעענישן. אָבער ס׳וועט זיך אים אפשר אַמאָל וועלן איבערהיפן די שטעלן, וואו גלאַזמאַן זעט זיך צופיל אָפּ, וואו ער לאָדט איבער די דערציילונג מיט זייטיקע זאַכן, מיט צופיל אומ־נוציקער דעטאַלירטקייט... גלאַזמאַן, דער גוטער דערציילער, פאַרגעסט זיך אַמאָל אַזוי פיל, אַז ער ווערט אַזש לאַנגווייליק. אמת דאָ, אין דעם בוך, געשעט עס זייער זעלטן, ווייל דאָס בוך האָט גלאַזמאַן געשריבן מיט אַ סך מער האַרץ ווי אַלע אַנדערע זיינע ביכער. און דערפאַר איז דאָס בוך אפשר דאָס בעסטע פון זיינע ביכער. דאָס בוך „ברויט״ ווייזט גלאַזמאַנען אין זיין גאַנצער סטאַטור אַלס דערציילער־נאָוועליסט: איינער פון די וויכטיקסטע פּראָזאַאיקער, וואָס אונדזער פּראָזע־ליטע־ראַטור האָט אַרויסגעגעבן.

# יוסף ראָלניק, אַ דיכטערישע פּערזענלעכקייט

איך געדענק, אין מיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע, ווען מיין לי־בער חבר, דער פּריצייטיק־פאַרשטאָרבענער דיכטער שטאָלצענבערג האָט מיך אַ שעמעוודיקן כמעט מיט כוח אַרייננעצויגן אין שרייבערישן קאַפע „איראָפּאַ" אויף איסט בראָדוויי, און איך בין דאָרט געזעסן אַ פרעמדער און זיך נייגעריק באַטראַכטנדיק אַרומגעקוקט אויף די שרייבער ביי די טישלעך, האָבן מיינע נישטערנדיק־זוכנדיקע אויגן זיך אַ סך מאָל אָפּגעשטעלט אויף ראָלניקן. מיט אויפגעוואַכטער סימפּאַטיע און יראת הכבוד האָב איך „שטודירט" זיין פּנים, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פיל כאַראַקטער, דאָס פּנים פון אַן איראָפּעאישן מענטשן, מיט די דיקע וואָנסעס, מיט די בולטע געזיכט־שטריכן, און אַרויסגעלייענט פון פּנים דאָס מהות פון מענטש: ערלעך־מענלעך־ערנסט... באַקענען זיך בין איך געווען צו שעמעוודיק, מיין אויג האָט אים אַ סך מאָל אַרומ־גענומען מיט יינגלישער פאַרערונג...

ווען איך האָב מיט אַ סך יאָרן שפּעטער איבערגעלייענט ראָלניקס אַ ביכל לידער, איבערגעלייענט דאָס בוך אין איין אָטעם אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג אין פּאַרק, איז דער רושם געווען אַ גוואַלדיק גרויסער. איך האָב דעמאָלט אונטערן איינדרוק פון איבערגעלייענטן אָנגעוואָרפן פאַר־צייכענונגען, וואָס איך וועל איצט אויסנוצן. זיי זיינען אפשר גילטיקער ווי דאָס וואָס איך וואָלט געקענט זאָגן היינט. וואָס איך האָב היינט גע־וואונען אין דער גרעסערער רייפקייט פון אינטעלעקט און קריטישער מעסטונג, האָב איך פאַרלוירן אָבער אין געפיל און התלהבות... און דער כוח פון פּאָעזיע איז דאָך אין דעם געפיל, וואָס זי קען אַרויסרופן, דעם גלי, מיט וועלכן זי קען אָנצינדן און נישט אין דער אָפּשאַצונג פון קרי־טישן אינטעלעקט... (דערפאַר די גרויסע אַטראַקציע פון פּאָעזיע אין די יוגנטלעכע יאָרן). איך זע היינט אויך ראָלניקס חסרונות, ווען דעמאָלט האָב איך געפילט רק באַגייסטערונג... און נאָך אַ זאַך מוז קלאָר ווערן. ראָלניק האָט איבערגעגעבן אין פּאָעזיע אַ געמיטס־צושטאַנד, אַן איי־

גענעם, אינדיווידועלן לעבנס־קוק. דער דאָזיקער געמיטס־צושטאַנד מוז אײַנעם נאָענט זײַן, די פּאָעזיע ראַלניקס זאָל בײַ אים געפינען אַ טיפערן אָפּקלאַנג. אַזוי ווי אַ שײנער גאָטעס־דינסט קאָן אַפילו אויף אַ נישט גלויביקן מאַכן אַ גרויסן רושם, אָבער גאָרנישט צו פאַרגלײַכן צו דעם רושם אויפן גלויביקן... (קונסט און רעליגיע האָבן אַ סך בשותפות) פּאָעטן האָבן זײערע חסידים, אַזוי ווי רביים.

איך האָב אין מײַנע פאַרצײכענונגען מיט יאָרן צוריק געשריבן:

ראַלניק איז אַ דיכטער. דאָס איז זײַן באַשטימונג. זײַן נאַטור. ס׳זײַנען דאָ שרײַבער, וואָס שרײַבן גוטע לידער. זײער מהות איז אָבער נישט פון קײן דיכטער, זײ זײַנען כלל־טוער, זשורנאַליסטן, ליטעראַטן, וואָס דער ענין שרײַבן איז בײַ זײ אַ מיטל, אַ פּערדל, אויף וועלכן זײ רײַטן, זײ זאָלן זיך אָנזען, מען זאָל זײ אָפּגעבן כבוד...

מען קען האָבן אָנגעשריבן אַ סך ביכער מיט לידער און אַפילו נישקשהדיקע לידער און נישט זײַן אַפילו קײן פּאָעט, נאָר אַ „קרעפטס־מען", אַ בעל־מלאכה...

איך האָב ווײַטער דעמאָלט פאַרצײכנט.

... וואָס איז דער הויפּט־טאָן אין ראַלניקס ליד?

ראַלניקס ליד איז צאַרט, פרום, און אומעטיק־שטיל. זײַן טעמע איז טרויער און אײַנזאַמקײט, צער, ספיקות, קאַמף און רעזיגנאַציע און דערגרײכט איר העכסטן אויסדרוק אין בטחונדיקן גלויבן, אין אָננעמען גאָטס ווילן.

זינגט מײַן לײַב צו גאָט אַ ליד\
זינגט צו אים אַ יעדעס גליד\
קראַנק בין איך און שווער מיט פּלאָג\
זינג איך און ווער נישט מיד\
פון דער פינצטער, פון דער נאַכט,\
אויפן שוועל פון אונטערגאַנג;\
שיק איך מײַן געבעט צו גאָט,\
שיק איך אים מײַן לויבגעזאַנג.

אַמאָל געפינען מיר בײַ ראַלניקן אַ לײַכטן שמײכלענדיקן הומאָר פון אַ טיף־טרויעריקן מענטשן. אַפילו ראַלניקס הומאָר איז פרום. אַזוי ווי ער אַליין וואָלט נישט געקענט לאַכן, נאָר ס׳פאַלט אים אַמאָל אײַן אַ געדאַנק: קוק נאָר, ס׳איז דאָך צום לאַכן...

איך האָב איצט נאָכאַמאָל דורכגעלײענט כמעט אַלע לידער ראַל־

ניקס. ס׳ווערט קלאָר דער לעבנס־וועג, דער דיכטערישער וועג וואָס ראַלניק האָט דורכגעמאַכט. ביי ווייניק דיכטער איז דאָס ליד אַזוי נאָענט פאַרבונדן מיטן דיכטערס לעבן. ראַלניק האָט נישט קיין אַנדערע טעמע ווי זיך. און אַ סך פון זיינע לידער באַקומען קיין קינסטלערישן תקון נישט. זיי בלייבן פּערזענלעך. אָבער זיי זיינען תמיד ראַלניקישע לידער אויב ער דערגרייכט אַפילו אין זיי נישט די הויכע קינסטלערישע מדרגה וואָס אין אַנדערע.

ראַלניק איז מיט אַלע זיינע קאָרעניעס פאַרוואָרצלט אין דאָרף, אין לעבן פון נאַטור — און ווען ראַלניק איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן און יאָרן לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט אין אַ וועלט, צו וועלכער ער איז געבליבן אַ גייסטיק־פרעמדער (ווי דער גרעסטער טייל יידישע שרייבער), איז ער צום סוף אַנטלאָפן אין זיין שטילקייט און איינזאַמקייט — און מיטגענומען זיין היימישע מיל. אַ סאַטירישער מאָלער וואָלט געקענט אויפמאָלן אַ גראָטעסק בילד פון ראַלניקן, ווי ער פליט אַריבער דעם אַטלאַנטיק מיט זיין מיל. די מיל, וואו ראַלניק איז אויפגעוואַקסן, איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער וועלט פון יוגנט, ווען די חושים האָבן אַריינגענומען אין זיך (אויף אייביק) די היימישע דאָרף־בילדער, מיט די יידן און פויערים און די גאַנצע אַרומיקע וועלט... פון דעם אוצר שעפּט ראַלניק כסדר. דאָס איז דער טיפסטער און ריינסטער קוואַל פון וועלכן ער שעפּט אַ גאַנצן לעבן. וואָס פאַר אַ דערגרייכונגען ער האָט דערגרייכט מיט זיין מיל, וואָס פאַר אַ פּאָעטישן מאָנומענט ער האָט איר אויפגעשטעלט! מיט ווירגילישער, קלאַסישער פשטות און מיט נישט פאַרגייענדיקער, ווי אין טייערן שטיין געקריצטער, שיינקייט... ער האָט זיך צו איר אין זיין לעצטן ביכל („אַ פענצטער צו דרום״ — 1941) ווידער אומגעקערט. מיט גרויס ליבשאַפט רעסטאַווירט דאָס יידישדאָרפישע לעבן און דאָס לעבן פון דער נאַטור — מיט וואונדערלעכער געטרייקייט און עכטקייט...

אַט זיצט דער דיכטער אין אַ רעסטאָראַן שבת „אַ פרעמדער ביי אַ לעצטן טישל אַ נישט דערטרונקן גלאָז אין האַנט״ און ער „איז טויזנט מייל ווייט״.

איך זע אַ מיל: אַ פולע גויים  
צוויי שטיינער מאָלן מעל אויף ברויט.  
דער ווינטער טאָג האָט ערשט זיך אָנגעהויבן  
און דער פרימאָרגן איז בלוי נאָך אין די שויבן

אָבער די גאַנצע שטוב, די שוועסטער מיט דער מאַמען
איז אויף. מען וואַרעמט וואַסער פאַר די קי;
די גויע האָט געבראַכט פון מיל אַ מעסטל קלייען...

ראַלניק האָט, ווי אַלע אויסגעוואָרצלטע און אַרויסגעריסענע פון אייגענעם באָדן, געהאַט דורכצומאַכן אַ שווערן וועג, פול מיט שטרויכלונגען און קאַמפן... ער ליידט פון שלעכטסקייט פון מענטשן, פון פרעמדקייט. ער ליידט ווי אַ מענטש, ווי אַ דיכטער. דער דיכטער איז געבליבן שטיין פאַר אַ פרשת דרכים. אָדער גיין זיין וועג ביחידות, אָדער אונטערגיין. אָדער דאָס האַרץ זאָל איינשרומפּן „ווערן קאַלט און קליין און גליטשיק" און ער וועט שוין קענען זאָגן: זעט, „איך בין שוין ווי איר אַלע", אָדער: איינבויגן זיך, אַוועקגיין, גיין זיין וועג... און ער האָט אויסגעקליבן... און פון דעמאָלט אָן זאָגט ער: „גייט ער צופוס ווען אַנדערע יאָגן אויף הויכע פערד" און „מיידט דעם שליאַך, דעם טומלער" און „מיט אַ שטומען און אָפּגעלייגטן וועג גיי איך — וועל אַלץ איינס קומען" — דעם רעפריין פון „אַלץ איינס קומען" חזרט זיך איבער אַ סך מאָל אין פאַרשיידענע אופנים, ווי אָן אַפּאַלאָגעטישע פאַרענטפערונג און שפּעטער ווי אַ פאַרטיפטער רעזיגנירטער ענטפער פון אַ גלויביקן: אַלע וועגן פירן צו גאָט... און צום טויט, וואָס ער, דער גלויביקער נעמט אָן באהבה. אָבער נישט אַלע מאָל. אַסך מאָל ראַנגלט ער זיך, ס'איז אים קשה צו פאַרשטיין, ביז ער בייגט זיך ווידער...

נאָר איין וואונטש איז מיר געבליבן
וואָלט אַ גאַנצע נאַכט געשריבן
נישט געקליגטע לידער.

גאָט מיין שטיצונג און מיין לאַנד
לייז מיך אויס פון שניטערס האַנט
לייז מיך אויס מיט לידער.

אין די תפילה לידער, וואו ראַלניק האָט אויף זיך אַרויפגעשלעפּט די קרועה־בלועה־קליידער פון אָרעמען פּילגרים און גאָט־זינגער, האָט ער אין פאָרם און אינהאַלט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין שאַפונג־וועג...

אין די לידער האָט ער געפונען די פאָרם אַזוי צוגעפּאַסט צו זיין געמיט און לעבנס־פילאָזאָפיע.

אַלע טראָגן אויף די פּלייצעס אָנגעפּילטע זעק
ווער מיט גאָלד און ווער מיט טראַנטעס און ווער מיט האַרטן
שטרוי
אַלע פּלייצעס ברענען וואונדיק אויף דעם גאַנצן וועג
ביז מיר קומען אויפדערנאַכט צו גאָט...

די פּשוטע ווערטער אין די קליינע, אָרעמע, פיר־סטראָפיקע לידער צעבליִען זיך און שימערירן מיט פאַרבאָרגענע, סימבאָלישע רייכקייטן...

ראָלניקס בעסטע לידער, זיינע, „פרומע לידער", ווי קריטיקער רופן זיי, זיינען רעליגיעז אָנגעהויכטע מענטש־גורל לידער. אין זיי פאַרמאָגט ראָלניקס קליין־ליד גרויס־פּאָעטישן אמת, וואָס איז נישטאָ אין זיין מיל (היים) לידער, מיט וויפל עכטקייט און ערלעך תמימות־דיקער פּשטות זיי זאָלן נישט געשריבן זיין. אין זיינע „פרומע" לידער איז דאָ די אַלטע, אַלטע חכמה פון רעליגיעזן מענטשן, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבן גאָטס רצון, אַ רעזיגנירטער.

נידעריק, נידעריק בויג איך מיין קאָפּ
ביז צו דעם שטויב פון דער ערד,
זאָל ער, ווי שטראָמען, אַריבער מיין קאָפּ
דער זודיקער שטויב פון דער ערד.
זאָל ער, ווי שטראָמען, אַריבער מיין קאָפּ
ווי גליאיקער זודיקער וויין.
טיפער פון שטויב נאָך בויג איך מיין קאָפּ,
אויב עס קאָן טיפער זיין.

ראָלניקס רייפע חכמה איז שטיל רעזיגנירט אָנצונעמען דעם גורל מיט אַלע מכות און פּורעניותן... „שטיל — שווייגנדיק, ווי אַ בוים אין וואַלד"... ס'איז גאָר נישטאָ ביי ראָלניקן פון חסידישן דינען גאָט באהבה, פון פריידיקער, טאַנצנדיקער לעבנס־באַיאָאונג. זיין גאָט איז דער וויי־טער, שטרענגער גאָט, דער גאָט פון תפלה־מורמלנדיקן אַנקאָרעט און נזיר, דער גאָט וואָס מען דינט אים מיט הכנעה און רעזיגנאַציע, מיט יסורים און ליידן און „געבויגענעם קאָפּ" און פון וועמעס שטראָפנדיקער האַנט און צאָרן און טויט, וואָס ער שיקט, מען ראַטעוועט זיך מיט „קליינע לידער"...

אַ „כמו רעליגיע", ווי ב. ריווקין האָט אונדזער גאַנצע ליטעראַטור גערופן, אָדער אַ רעליגיע?

גלויבט ראַלניק אין זיין גאָט, אָדער עס איז ביי אים, ווי ביי אַ סך אונדזערע דיכטער, מליצה, נוסח אָדער אַ נאָמען פאַר אַ סך אַנדערע זאַכן? האָט ראַלניק, אמתע אמונה וואָס איז היינט כמעט נישט בנמצא, אָדער איז עס רעליגיאָזיטעט, דער סובסטיטוט פון אמתער אמונה, אַלץ וואָס אַ נישט־גלויביקער היינטיקער מענטש קאָן דערגרייכן?

(דאָס איז נישט פוסטע גריבלעריי. דאָס איז די טיפּסטע דילעמע פון היינטיקן קינסטלער, וואָס ראַנגלט זיך צווישן גלויבן און נישט־גלויבן.)

ראַלניק האָט געענטפערט קריטיקער וואָס האָבן מעיז געוועזן צו צווייפלען אין זיין אמתער אמונה. — „פון וואַנען ווייסן זיי?" האָט ער בייז געפרעגט. זיי ווייסן פון די לידער וואָס ער האָט געשריבן. ער האָט זיך אַליין נישט איין מאָל געשטעלט די פראַגע: ווער איז זיין גאָט?

אָט איז איינער פון זיינע ענטפערס, דער אויפריכטיקסטער און קלאָרסטער:

איך האָב מיין גאָט אַ יתום פון גאַס,
אין הויז צו זיך אַריינגענומען,
איך האָב אים געהאָדעוועט אויף מיין צער,
און ווי אַ קלייד אים געגעבן מיין נאָמען.
פון אַלע קינדער אין מיין שטוב
איז ער מיר טייערער געוואָרן.
נאָר ווי אַ געחלומטער גאָלדענער רינג
ווערט ער אָפט פון מיר פאַרלאָרן.
און וואָכן און חדשים לאַנג —
איך קען אים נישט געפינען.
איך וואָלט אים גערופן פון עק וועלט,
גייט זיין נאָמען אַרויס פון זינען.
אין יענע טעג איז לעבן נישט ליב,
הימל נישט הויך, זון נישט טייער,
אין שטוב איז טיש און בעט נישט זיס
און אויסגעברענט אויפן טאָק דער פייער.

**אַ קלאָרער ענטפער!**

ראַלניק איז נישט פון די פּאָעטן וואָס פאַרכאַפּן, וואָס איר פאַלט אַרונטער אונטער זייער כשוף צוליב דעם גרויסן כוח וואָס שלאָגט פון

זייערע לידער, פון זייער וויזיאָנערישער קראַפט, אָדער שפּראַך כשוף.
אין ראָלניקס לידער אַז איר לייענט זיך אין זיי אַריין דערפילט איר
עפּעס מער ווי די עסטעטישע דערהויבונג וואָס קונסט איז ביכולת צו
געבן, איר דערפילט דעם דיכטער, דעם מענטש, דורך זיינע לידער.
זיי זיינען געוואָרן איינס.

אין ראָלניקס לידער איז דאָ אַ מאָראַלישע קראַפט וואָס קומט פון
גאַנצקייט, פון שלימות, פון אַ פּאָעטיש און מענטשלעך ערלעך לעבן,
פון גיין עניוותדיק דעם שווערן לעבנס וועג מיט אַ „טיפער פון שטויב
נאָך בויג איך מיין קאָפּ״.

דער לייענער וואָס זוכט אין פּאָעזיע אָדער קונסט עפּעס מער ווי
עסטעטישע דערקוויקעניש וועט אין ראָלניקס לידער געפינען אַ שטאַר־
קונג און טרייסט פאַר זיין געמיט פון דעם תהלימדיק־תפלהדיקן אָטעם וואָס
ווייעט פון זיינע לידער. ער וועט דערפילן דורך דער טיפער עכטקייט
פון פּאָעטס וואָרט די מיסטעריע פון פּאָעזיע וואָס איר עצם איז די מיס־
טעריע פון מענטש און לעבן.

# אברהם רייזענס קורצע דערציילונגען

רייזענס דערציילונג אָטעמט מיט עכטקייט און וואַרעמקייט. מען פילט אין איר נישט די „געמאַכטקייט", וואָס מען פילט אַמאָל אַפילו אין די בעסטע קינסטלערישע דערציילונגען. ווי קינסטלעריש פאַרטיפט און לעבנס־געטריי אַ דערציילונג זאָל נישט זיין, קען זי זיך אַמאָל נישט באַפרייען פון געקינצלטקייט, קען נישט דערגרייכן די פרימיטיווע נאַטירלעכע פשטות און טיפן אמת פון דער פאָלקס־דערציילונג אָדער דער פרימיטיווער לעגענדע. איך וויל נישט זאָגן אַז די פרימיטיווקייט און פשטות פון דער פאָלקס־דערציילונג שטעלט זי אַוועק העכער פון דער שעפערישער קינסטלערישער דערציילונג. בפירוש נישט. אָבער ס'איז כאַראַקטעריסטיש אַז דער קינסטלער פילט תמיד דעם באַדאַרף צו קריגן פרישע שפּייז פאַר זיין פאַנטאַזיע פון פאָלקס־קוואַל; ער גייט תמיד צוריק באַוואוסטזיניק, צי אונטערבאַוואוסטזיניק צום פאָלק — דער מאַמע ערד...

טאָמאַס מאַן, דער גרויסער דייטשישער שרייבער, איז אַוועק שעפּן פאַר זיין גרויס לעצט ווערק, זיין פיל בענדיקן ראָמאַן „יוסף אין מצרים" פון דעם פאָלקס־קוואַל פון לעגענדע און מיטאָס און מעשהלע, אַוועק דאָרט זוכן די טיפסטע אמתן פון מענטשלעכן לעבן און געשיכטע... ער זאָגט ערגעץ, רעדנדיק וועגן זיין ווערק: ס'זיינען דאָ צוויי מינים טאַלאַנט; איינער, דער פאָלקס־טאַלאַנט וואָס נעמט דירעקט פון פאָלק, און דער צווייטער וואָס שעפּט פון פאָלקס־קוואַל און באַאַרבעט עס מיט זיין אייגענעם טאַלאַנט. דער צווייטער איז בלי ספק דער העכערער...

רייזען איז דער צווייטער מין טאַלאַנט כאָטש אויבנאויפיק קאָן זיך אפשר אויסדאַכטן אַז ער איז אַ פאָלקס־שרייבער... אָבער ס'איז נישט אַזוי. ער, וואָס שטייט ביים סאַמע בראשית פון דער יידישער ליטעראַטור, איז נאָר געבענטשט מיט דער וואונדערלעכער פשטות וואָס טאָלסטאָי האָט זיך גענומען זוכן אויף דער עלטער אין זיינע קורצע דערציילונגען, און וואָס גאָרקי האָט זיין גאַנץ לעבן נישט דערגרייכט ביז ער האָט זיך נישט גענומען שרייבן זיינע ביאָגראַפישע ביכער... די־אַ מעלה פון עכ־

טער פּשטות האָט אברהם רייזען. ער האָט די פּשטות פון פאָלקס־שריי־בער און איז אַ קינסטלער דערציילער מיט אַן אינדיווידועלן צוגאַנג, אַן אייגענעם קוק און אייגענעם אויפנעם. מען טאָר זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דער פּשטות זיינער. זי איז קיינמאָל נישט אַן אַנאָנימע. אונטער איר שטייט תמיד דער קינסטלער, וואָס זעט זאַכן אויף זיין אייגענעם אופן...

דער טשוואָק פון דער רייזענישער דערציילונג איז דער איינפאַל. ס׳איז נישט דער „פּלאָט", דער ספּור המעשה. דאָס איז ביי רייזענען נישטאָ. ס׳איז איין קניטש, איין ווינקל, איין כאַראַקטעריסטישער שטריך וואָס אויף דעם בויט רייזען אויף זיין דערציילונג. אַזוי ווי ער וואָלט מיט איין שאַרפן קוק אויפגעכאַפּט אַ דערציילונג, אויפגעכאַפּט דאָס עצמדיקע, כאַראַקטעריסטישע, וואָס אין דעם ווערט זיך שוין אָפּשפּיגלען דאָס גאַנצע, דאָס וועזנטלעכע.

דער אינצידענט, די מעשה, איז אַמאָל אַזוי קליין, אַז ס׳איז שווער צו זען ווי אַן אַנדערער דערציילער וואָלט דערפון עפּעס געמאַכט. אָבער רייזען מאַכט עס. ווייל רייזען דאַרף נישט קיין ספּור המעשה, קיין לאַנגע צוגרייטונגען, קיין כאַראַקטערן און פאַרפלאָנטערטע געשעענישן. ער בויט זיינע דערציילונגען אויף טאָג־טעגלעכע קלייניקייטן. אַמאָל איז דער איינפאַל אַזוי קליין, אַנעקדאָטיש, אַז ער איז נישט גענוג שטאַרק צוזאַמענצוהאַלטן די דערציילונג און אַמאָל איז דער אויספּיר אַ גע־קינצלטער, אַ פאָראויסגעזעענער פון אַ געניט אויג... אָבער וואָס עס ראַטעוועט די דערציילונג איז די עכטקייט פון רייזענס אופן זען. מען גלויבט אים. מען פאַרגעסט די (ליטווישע ?) טרוקנקייט און אַלטמאָדישן אופן מאָלן בילדער (פּאַר אַ מאָדערנעם לייענער וואָס לייענט היינט) און מען דערפילט זיך דערוואַרעמט און אַריינגעצויגן פון דער עכטקייט פון זיין דערציילערישער קונסט.

וואָס איז דער רייזענישער קוק? וואָס זיינען די כאַראַקטער־שטריכן פון דער רייזענישער דערציילונג?

מען קאָן אָנרופן עטלעכע כאַראַקטער־שטריכן, אָבער דער בולט־סטער איז די איראָניע. אין דער בעסטער רייזענישער דערציילונג זעט מען דעם איראָנישן קוק מיט וועלכן דער שרייבער האָט געקוקט אויף דער סיטואַציע און וואָס אויף איר האָט ער געבויט זיין דערציילונג. בפרט זעט מען דאָס אין זיינע בעסטע זאַכן, זיינע ערשטע קליינשטעטל־דיקע דערציילונגען איידער רייזען האָט אָנגעהויבן צו מישן זיין אי־ראָניע מיט זיין וואויל־באַקאַנטער רייזענשער גוטסקייט צו מענטשן. די גוטסקייט צו מענטשן (איך רעד פון זיין ליטעראַרישן צוגאַנג) —

האָב איך אַ סך מאָל געפילט איז אַ ליטעראַרישע שיטה וואָס האָט זיך נישט תמיד אַריינגעגאָסן אָרגאַניש אין דער דערציילונג, געבליבן אָפּט פון דרויסן פון דער דערציילונג. די דערציילונגען וואו דער מאָטיוו פון גוטסקייט פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ זיינען נישט פון די בעסטע. דער אמתער רייזענשער מאָטיוו איז סימפּאַטיע און אַ גוטמוטיקע, סימפּאַטיזירנדיקע איראָנישקייט, אָדער איראָנישע סימפּאַטיע. אַמאָל וועגט איבער די איראָניע און אַמאָל וועגט איבער די סימפּאַטיע בפרט איז זיינע איידעלע מיט אמתן טיפן רחמנות געפיל דורכגעוועבטע קינדער־דערציילונגען. די צוויי גרונט־געפילן אין אַ גוטער פּראָפּאָרציע און ווען רייזען האָט אַ גוטע קליינשטעטלדיקע טעמע, אויפגעכאַפּט מיט דער פאַרטיפטער זעאונג־קראַפט פון פּאָעט, שאַפן רייזענס בעסטע דערציילונג. אַזוי למשל, דער אַכטער באַנד דערציילונגען (פאַרלאַג „אידיש״, 1917) לייענט זיך זייער געשמאַק. איך האָב געלייענט דערציילונג נאָך דערציילונג מיט גרויס פאַרגעניגן. לאָמיר אָנרופן עטלעכע דערציילונגען: „בולקעס״, „דער אַלטער טשעסליע״, „פאַרמאַכט״, „צוויי שוועסטער״, „די נייע רייזעלע״, „דאָס בענטשערל״, „דעם טאַטנס שטיוול״, „די רעוואָלוציע אין דעם קליינעם בית־המדרש״. לייענענדיק די אַלע דערציילונגען, וואָס זיינען באמת ווי קאַפּיטלעך פון אַ בוך וואָס הייסט שטעטל, גייט מען נאָך דעם קינסטלער רייזען און מען קוקט אויפן שטעטל און זיינע מענטשן מיט דער וואַרעמקייט און סימפּאַטיע און איראָניע, אַ סך מאָל מיט וואַרעמען הומאָר דורכגענומענער איראָניע... רייזען קען אַזוי גוט דאָס יידישע שטעטל, אַז ער דאַרף אַ סך נישט באַשרייבן און שילדערן. דורך דעם קליינעם אינצידענט, דורך די פּאָר שפּאָרעוודיקע דעטאַלן, דורך דער קליינער מעשה, דערציילט ממש אויפן וואונק — ווי ער וואָלט עפּעס אילוסטרירט, ווי ער וואָלט גערעדט צווישן דערוואַקסענע יידן אין בית־המדרש און געשעמט זיך פּשוט דערציילן לאַנגע ווייבערשע מעשיות — דורך דעם אַלעמען שלאָגט זיך אַדורך רייזענס עכטער פון טיפעניש פון פאָלק אַרויסגעוואָקסענער, און מיט פאָלק פאַרוואַקסענער טאַלאַנט.

נישט אַזוי גוט געלינגט רייזענען ווען ער גייט אַוועק פון שטעטל. אין דער גרויסער שטאָט פאַרלירט זיך רייזען. אין זיינע גרויס־שטעטטישע דערציילונגען איז דאָ דער רייזענישער מאַניער, אָבער ס׳נישט דער פאַרוואָרצלטער, עכטער דערציילער רייזען. אין קליינעם שטעטל זיינען זיינע איינפאַלן און ביואַגסן און קלייניקייטן פון חשיבות, זיינע קלייניקייטן זיינען פול מיט באַדייטונג פאַרן בילד פון גאַנצן, אָבער אין דער גרויסער וועלט איז רייזענס קליינע סקיצע ווי אַ פאַרבלאָנדזשע־

טע... די קלייניקייטן ווערן נישט אויסגעלייזט. זיי פאַרבלייבן טאַקע נישט מער ווי קלייניקייטן. אַ סך מאָל זעט מען נישט דעם קינסטלער רייזען, נאָר רייזענען, דעם לעבעדיקן מענטשן מיט זיינע רייזענישע איינגעשאַפּטן און השגות, זיין ענערגיע און ליטעראַרישן טומל...

רייזען איז נאָר רייזען ווען ער שרייבט פון שטעטל, ווען דאָס לעבן אַליין שרייבט ממש דורך זיינע הענט... דאָרט וואו ער וויל ווערן פּסי־כאָלאָג, כאַראַקטער־מאָלער, נאָוועליסט, פאַרלירט ער פון זיין סטאַטור.

איך וויל זיך נאָך אין דעם קליינעם אַרטיקעלע — וואו איך האָב נישט געמוג פּלאַץ צו אילוסטרירן און אַנטוויקלען און באַווייזן די אויבן אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען און אימפּרעסיעס — אָפּשטעלן אויף איין פּונקט אויף וועלכן, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, די קריטיק האָט זיך נישט גענוג אָפּגעשטעלט, דעם שטאַרקן סאָציאַלן געפיל אין ריי־זענס דערציילונגען. איך האָב לייענענדיק רייזענס דערציילונגען געזען פּאַר די אויגן די גוואַלדיק גרויסע מחיצה וואָס ס׳איז געשטאַנען צווישן גביר און אָרעמאַן אין יידישן שטעטל...

ס׳האָט מיך דערמאָנט אַן שטעטל פון בערגעלסאָנס „פּענעק" און די צוויי וועלטן: די הינטערגעסלעך, וואו ס׳האָבן געוואוינט די אַלערליי הונגעריקע קבצנים — און די גבירישע הייזער. בערגעלסאָנען האָט מען פאָרגעוואָרפן, אַז ער האָט איבערגעטריבן, אַז ער איז געגאַנגען אין שפּאַן, געפּאָלגט די „ליניע"... סקאָן זיין אַז ס׳איז פאַראַן אַ היפּש ביסל אמת אין דער באַשולדיקונג, נישט אין עצם, נאָר אין דער באַ־טאָנונג, אין דעם באַוואוסטזיניקן אָנווייזן אַלע מאָל מיטן פינגער... ביי רייזענען קריגט זיך דאָס זעלבע אַן ספּעציעלער באַטאָנונג, אָן אָנווייזן כסדר מיטן פינגער...

רייזען האָט געזען דאָס קליין־שטעטלשע לעבן מיט די אויגן פון אַ ריאַליסט. מ׳דאַרף עס אונטערשטרייכן. רייזען דער דערציילער איז אַ שטאַרקער ריאַליסט. זיין אויג איז קלאָר דורכדרינגענדיק, זעט דאָס עצמדיקע, און ציט אַראָפּ פאַלשע שלייערן פון וועלכן ס׳איז קאָליר... זיין אויג האָט אַמאָל די שאַרפקייט פון טאָלסטאָיען, צו וועמענס שאַרפקייט פון ריאַליסטישן קוק ס׳איז נישטאָ כמעט קיין גלייכן אין דער וועלט־ליטעראַטור... די ספּעציעלע שאַרפקייט פון זען קומט ביי רייזענען קלאָר אַרויס מער פאַר אַלץ אין מאָלן אַלטע מענטשן... און זי קומט אַרויס פון זיך אַליין... מען קען אפשר זאָגן אַפילו געגן דעם ווילן פון שרייבער... דער שרייבער האָט גאָר עפּעס אַנדערש גע־וואָלט באַטאָנען...

אַזוי למשל, קומט נישט אַרויס אַזוי אמתדיק די גוטסקייט פון אַלטן

זרח אין דער דערציילונג „אַמאַליקע מענטשן“ ווען ער וויל נישט לאָזן וויסן זיין אַלט ווייב, אַז זיין געלט איז געלעגן ביי גרונעמן, ביי וועמען די שטוב האָט אָפּגעברענט. נאָר דווקא זייער גוט קומט אַרויס דער אַלטער זרח אַליין — דער קאַרגער אַלטער ייד, וואָס וויל נישט עסן קיין לייטישן ביסן אין מיטן וואָך...

און מיר זעען זייער קלאָר דעם אַלטן ייד אין „אַלטן טשעסלע“, דעם אַלטן ייד „אין לאַמטערן“ און נאָך אַנדערע אַלטע יידן...

רייזענס אויג האָט דאָ באַוויזן וואונדער... קוקנדיק אויף די אַלטע לייט אָן פאַלשן רחמנות, אָן טעאָריעס און כוונות האָט ער דערזען דאָס איראַציאָנאַלע, איינגעעקשנטע קלאַמערן זיך פון מענטש אין לעבן — ווי פון אַ בוים וואָס קלאַמערט זיך מיטן לעצטן וואָרצל פאָדים צום לעצטן טראָפּן זאַפט וואָס ער קאָן נאָך אַריינקריגן צום לעבן...

אפשר וועט אַמאָל דער צוקונפטיקער קריטיקער וואָס וועט שרייבן דעם סך־הכל פון דער יידישער ליטעראַטור — וואָס האָט אַזוי פּראַקטיק אויפגעבליט און גייט ממש אונטער פאַר אונדזערע אויגן — דערזען אין דער טאָלסטאָיִשער שאַרפקייט פון רייזענס אויג, וואָס גיט אַמאָל אַ בליץ־אויף, אַ סימן פון זיין קינסטלערישער גרויסקייט — מער ווי אין אַלע זיינע אַנדערע מער באַקאַנטע און מער באַזונגענע אייגנשאַפטן.

# יעקב גלאַטשטיינס פּראָזע

ס׳איז אַ פּנים לייכטער צו זיין אַ פּאָעט ווי אַ פּראָזע־שרייבער. והראיה: וויפל זיינען ביי אונדז פאַראַן פּאָעטן און וויפל פּראָזע־שרייבער? ס׳איז באַקאַנט, אַז אונדזער ליטעראַטור איז כמעט געוואָרן אַ פּאָעזיע־ליטעראַטור. אויף אַ האַלבן טוץ פּאָעטן קאָן מען אפשר געפינען איין פּראָזאַאיקער. פאַרשטייט זיך, ווען איך האָב געזאָגט: לייכטער צו זיין אַ פּאָעט, האָב איך, אין גרונט, זיך נאָר לייכטער גע־מאַכט צו דערקלערן דעם ענין. ס׳זיינען בלי ספק פאַראַנען אַ סך טיפערע סיבות, כאָטש מ׳קאָן אפשר ניט אינגאַנצן אָוועקמאַכן מיט דער האַנט דעם לייכטער. אויף פּראָזע דאַרף מען אַרבעטן. אין פאַרגלייך מיט שרייבן אַ ליד, איז אָנשרייבן אַ דערציילונג, שוין אָפּגערעדט פון אַ ראָמאַן „קאַטאָרזשנע אַרבעט״.

איך וויל דאָ נישט אַריינגיין טיפער אין דעם ענין. איך באַריר אים נאָר דרך אגב. מען מוז זיך נאַטירלעך פאַרטראַכטן וועגן דעם, שרייבנדיק וועגן יעקב גלאַטשטיינען, וואָס האָט באַוויזן אַזאַ אויפטו: נישט נאָר צו זיין איינער פון אונדזערע בעסטע פּאָעטן, נאָר אויך אַ מייסטערהאַפטער שרייבער פון פּראָזע. באַטראַכטנדיק די אָרעמקייט פון אונדזער פּראָזע, און אַז אַפילו ביי די אומות העולם זיינען גוטע פּראָזע־סטיליסטן אַ יקר המציאות (איינע פון די סיבות פון דער אָרעמקייט פון אונדזער פּראָזע איז אַוודאי די יונגקייט פון אונדזער שפּראַך־אַנטוויקלונג. יעדער שרייבער מוז דאָ נאָך טאָן אַרבעט, וואָס ביי אַנדערע פעלקער האָבן שוין פאַרגענגער אָפּגעטאָן, און אונדזערע שרייבער זיינען ס׳רוב אויטאָ־דידאַקטן), איז דער וואונדער נאָך גרעסער.

ווי האָט עס יעקב גלאַטשטיין באַוויזן?

טאַלאַנט? אוודאי! די מיסטעריעזע זאַך, וואָס איז נאָך היינט, ווען מען האָט שוין וועגן דעם אָנגעשריבן אָן אַ שיעור ביכער, שווער צו דעפינירן. אַז יעקב גלאַטשטיין איז אַ גרויסער טאַלאַנט וועט זיך שוין היינט קיינער ניט שפּאַרן. איך וויל זיך אין דעם אַרטיקל נאָר אָפּשטעלן אויף גלאַטשטיינען דעם פּראָזאַאיקער, אויף ווי ווייט מען

קען אים אָפּטיילן פון גלאַטשטיינען דעם פּאָעט; גלאַטשטיינען דעם אויטאָר פון די באַרימטע „יאָש" ביכער; גלאַטשטיינען דעם ברי־ליאַנטענעם אָריגינעלן פּראָזע־סטיליסט, וואָס קומט צום פאַרשיין אין אַלץ וואָס ער שרייבט און וואָס איז לעצטנס מיט אַ ספּעציעלן כּוח אַרויסגעקומען אין זיינע שאַרף ראַפינירטע און בליציקע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען.

גלאַטשטיינס פּראָזע איז ווירטואָזיש. זי איז שפּעדיק אָנגעלאָדן, אָבער אין דער זעלביקער צייט צמצומדיק, אויסגערעכנט. ס'איז דאָ אַן עלעגאַנטע בויגעוודיקייט און באַטעמטע וואוילקלינגעדיקייט אין זיינע שורות. און אַ פיינע מייסטערהאַפטע קאָמפּאָזיציע וואָס באַהערשט דעם כלומרשט פרייען קאַלאַקוויאַלן אופן רעדן...

גלאַטשטיין איז בעצם אַ פּאָעט, וואָס איז אויך אַ דערציילער. ער האָט אָנגעשריבן אַ סך דערציילונגען און נאָוועלן, און ווען ער וויל קאָן ער אוודאי אָנשרייבן אַ גוטן ראָמאַן, אָבער דאָס האָט שוין צו טאָן מיט זיין גרויסער פעאיקייט און פען־מייסטערשאַפט. דאָס האָט נישט צו טאָן מיט זיין עצם טאַלאַנט, אָדער מיט זיין שרייבערישן מהות. לויט זיין שרייבערישן מהות איז גלאַטשטיין אַ פּאָעט.

וואָס איז אַ פּאָעט? אין עצם, אַ וויזיאָנער, אַ זינגער און באַזינגער פון דער וועלט: איר שיינקייט און איר מיאוסקייט — אַ געפילס־מענטש, אַ מענטש ביי וועמען די חושים אַרבעטן מיט עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער פאַרטיפטער קראַפט און וועמעס אופן זען איז אימאַזש, בילד, וויזיע...
דער פּראָזאַאיקער, דער נאָוועליסט, איז אַנדערש. ער איז „ערדישער", נישט אַזוי פאַרשלייערט ווי דער פּאָעט. ער איז נאָענטער צו דער ערד.. ער איז נישט דער צענטער פון דער וועלט, ווי דער פּאָעט, וואָס זעט אַלץ פון זיך אַרויס. דער פּאָעט זעט די וועלט דורך אַ פאַרגרעסערטן זיך. ער האָט פאַרגרעסערט דעם זיך אַרומצונעמען די גאַנצע וועלט. דער נאָוועליסט־דערציילער פּראָזשעקטירט זיך, וואַרפט זיך אַריבער אין די מענטשן און דער וועלט...

גלאַטשטיין איז אַ טיף פילנדיקער אָריגינעלער פּאָעט. ער איז אַ מאָדערנער פּאָעט וואָס שטייט מיט ביידע פיס אין טאָג־טעגלעכן רעאַלן לעבן, היט זיך פון הויכן „פּאָעטישן" וואָרט.... ער שרייבט לידער מיט די פּשוטסטע, פּראָזאַאישסטע ווערטער, און דערגראָבט זיך צו די טיפסטע קוואַלן פון פּאָעזיע. ווי ביי אַלע פּאָעטן האָט ביי גלאַטשטיינען גע־שפּילט אַ גוואַלדיקע ראָלע די וועלט וואָס די חושים האָבן אַריינגע־זויגן אין זיך אין די יונגע יאָרן. ער איז טאָקע אַ מענטש פון געדאַנק און אינטעלעקט (און דער אינטעלעקט ווערט שפּעט רייף), אָבער דאָס

טיפסטע און עכטסטע ביי אים איז דאָס געפילטע און געזעענע און איבערגעלעבטע אין די פריע יאָרן, מיט די יונגע חושים. ער פאַר־וועבט עס אין די „יאַש"־ביכער מיט די באַשרייבונגען פון דעם איצטיקן, און די באַשרייבונגען און שילדערונגען פון זיין „אַמאָל", פון זיין אַמאָליקן לעבן, האָבן תמיד אַן אמתער לעבן ווי די רעאַלע סביבה, די רעאַלע מענטשן וואָס ער באַשרייבט. דער פּאָעט האָט איבערגענומען דאָס דיריגיר־שטעקעלע, דער פּאָעט שלאָגט אָן דעם טיפן אייגענעם טאָן...

די „יאַש" ביכער זיינען אייבן־אויפיק רייזע־ביכער. דער פּאָעט איז געפאָרן אַהיים אויף אַ באַזוך, נאָך אַ סך יאָרן אין דער פרעמד... דאָס ערשטע בוך שילדערט די רייזע — יאַש איז געפאָרן. דאָס צווייטע בוך שילדער יאַש — יעקבן אין דער היים — אין פּוילן, וואָס ער האָט געזען, געהערט, זיינע באַגעגענישן... צו מאַכן פון אַזאַ טעמע אַ ווערק וואָס ווערט אַ ליטעראַרישע געשעעניש (ער האָט פאַרן דאָזיקן בוך באַקומען דעם לאַמעד־פּרייז אין 1941), איז שוין פון ליטעראַטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אַן אויפטו...

מיט וואָס צייכענען זיך די „יאַש" ביכער אויס? וואָס איז דער אויפטו אין זיי?

קודם כל, מיט דער מייסטערשאַפט פון שפּראַך (פון וועלכער כ'האָב גערעדט און וועל נאָך ווייטער אויך רעדן) דער וויטאַליטעט, דער לעבעדיקייט און קלאָרקייט פון די באַשרייבונגען און שילדערונגען; דער גרויסער גאַלעריע פון מענטשן, וואָס גלאַטשטיין האָט אויפגעכאַפּט מיט גרויס שאַרפקייט און פּרעציזקייט, און די ראַפינירט־איראָנישע קלוג־שאַפט, וואָס הויערט איבער דעם גאַנצן... אָבער שטאַרקער פון אַלץ און דאָס וואָס גיט די רייזע־ביכער אַזאַ חשיבות, איז וואָס זיי זיינען געשריבן פון דעם פּאָעט גלאַטשטיין; וואָס זיי האָבן די עכטקייט און אויטענטישקייט פון פּאָעטס טיף דורכגעפילטע איבערלעבונגען. דאָס גיט די „יאַש" ביכער חשיבות און וואָג...

איך געדענק דעם ערשטן רושם (און דער ערשטער רושם איז דער שטאַרקסטער) פון דעם בוך „יאַש איז געפאָרן" (1938), ווען איך האָב עס געלייענט אין פאַרזעצונגען אין „אין זיך", די אומגעדולד מיט וועלכער כ'האָב געוואַרט אויף יעדן המשך... דאָס געפיל פון עפּעס נייעם, דעם עסטעטישן „טריל", וואָס עס גיט אַ ניי אמתדיק קונסט־ווערק...

גלאַטשטיינס פּראָזע אין דעם בוך האָט ביי מיר אַרויסגערופן די דערמאָנונג פון דער פּראָזע פון גרויסן דייטשישן דיכטער רילקע, בפרט

אין זיין „מאַלטוס בריגגע"... אַזוי ווי יענער דיכטער, באַזיצט י. גלאַטשטיין אַן אויסערגעוויינטלעכע קראַפט פון אויפנעמען די איידלסטע און דינסטע שפּירונגען און אויף אַן אייגענעם, אינדיווידועלן אופן...

און דערפאַר ווערט מען כסדר באַצויבערט פון דער שיינקייט, וואָס שטייט ווי אַ פּילקאָליריקער רעגנבויגן איבער דער וועלט וואָס דער פּאָעט האָט אויפגעבויט, אַרויסגעצויבערט ווי מיט עפּעס אַ כישוף־שטעקעלע.

וואו האָט ער זי — פרעגט מען זיך — געזען? ער האָט דאָך זי נישט געזען אויף דער שיף, אויף וועלכער ער איז געפאָרן אַהיים, אָדער אויף זיין באַזוך אין לובלין...

דער רעזולטאַט פון דעם היים־באַזוך איז דאָס בוך „יאָש איז געקומען", אַ טיף יידיש בוך — אַ פּאַנאָראַמע פון יידיש־פּוילישן לעבן, וואָס איז שוין היינט נישטאָ.

דאָס איז וועגן דעם תוכן, אָבער נאָך שטאַרקער איז דער רושם פון דעם „ווי אַזוי". ביי גלאַטשטיינען פילט מען תמיד די מייסטערשאַפט זיינע, די ווירטואָזיטעט פון זיין שפּראַך און סטיל. אפשר האָט דאָס גלאַטשטיין צו פאַרדאַנקען דער מוזיק, פון וועלכער ער איז אַזאַ קענער און ליבהאָבער, וואָס אין זיין סטיל און שפּראַך איז תמיד פאַראַנען מייסטערהאַפטע קאָמפּאָזיציע (מוזיקאַליש גערעדט), ציל־באַוואוסטקייט און פולשטענדיקע באַהערשונג פון מאַטעריאַל.

גלאַטשטיינס שפּראַך שפּאַרט זיך שטאַרק אָן אויף פאָלקס־אידיאָם. זי איז דורכגעדרונגען מיט אידיאָמאַטישע אויסדרוקן, מיט פאָלקס־ווערטלעך, מיט לאָקאַליזמען אַפילו. און דאָך איז דער איינדרוק פון אַ מאָדערנעם און אינדיווידועלן שפּראַך־אינסטרומענט.

אָט האָט ער דאָך געניצט אַזוינע פּשוטע, געוויינטלעכע רייד, אָבער צום סוף זעט מען, ער האָט געשפּילט אויף אַלערליי אינסטרומענטן, אָר־קעסטרירט אַ פיין שטיקל מוזיק...

אַ שפּראַך־ווירטואָז איז לייכט צו פאַרשפּילן זיך, לאָזן זיך טראָגן פון די שיינע קלאַנגען. משה נאַדיר, אַ גרויסער שפּראַך־מייסטער, האָט זיך אַ סך מאָל מיט שפּראַך געשפּילט, ווי מיט שטיקלעך צירונג. ער האָט ליב געהאַט צו וואַרפן מיט גאַנצע זשמעניעס שפּראַך. ער האָט ליב געהאַט צו זען ווי עס גלאַנצט, ווי עס שעמערירט, ווי יעדעס טייערע שטיינדל שפּילט מיט אַן אַנדער קאָליר. גלאַטשטיין טוט עס נישט — היינט. ער האָט זיך אויך אַמאָל געשפּילט. היינט גיט ער נאָר אַזוי פיל, ווי פיל ס'איז נויטיק. ער האָט באַקומען אַ גרעסערן אחריות־געפיל. ער איז ערנסטער, פאַראַנטוואָרטלעכער געוואָרן. זיין שפּראַך האָט, ווען

ער איז געוואָרן מער יידיש באַוואוסטזיניק, אָנגענומען אַ נייעם קאָלאָריט. זי איז געוואָרן ווייכער, וואַרעמער, מיט דער וואַרעמקייט פון דער פויליש־יידישער פאָלקס־שפּראַך און פאָלקס־שאַפונג.

אַ פּאָר ווערטער צום סוף וועגן גלאַטשטיינס ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען. גלאַטשטיין האָט דאָ אַ געלעגענהייט צו אַנטוויקלען אַלע זיינע פאַרשיידנאַרטיקע שרייבערישע פעאיקייטן. איך וועל זיך אויס־באָרגן אַ מוזיקאַלישן טערמין צו באַשרייבן גלאַטשטיינס צוגאַנג, זיין אופן שרייבן ליטעראַטור־קריטיק. גלאַטשטיין שרייבט אַ „טעמע מיט וואַר־יאַציעס". דער שרייבער, וועגן וועלכן ער שרייבט, איז דער אויסגאַנגס־פונקט, און ער שרייבט, שפּילט אויס אַרום דער צענטראַלער טעמע אַלערליי וואַריאַציעס. ביי גלאַטשטיינען איז נישט אַזוי וויכטיק דער שרייבער ווי דער עלוישער פּירוש, וואָס דער שרייבער גיט אים די געלעגנהייט דערפאַר. גלאַטשטיינס קריטישער אַרטיקל איז תמיד ברי־ליאַנט, קלוג, גייסטרייך און ווירטואָזיש געשריבן. ס'פאַרבלייבט אין זכרון אַ גוטער נאָכקלאַנג. מ'געדענקט אַ סובטילן זאָג אָדער אַריינזאָג, אַ קלוג ווערטל, אַן אינטערעסאַנטן אויסטייטש...

גלאַטשטיין טראָגט אויף זיין שיינעם שטאָלצן קאָפּ צוויי קרוינען. ער איז דער אָריגינעלסטער פון אונדזערע מאָדערנע דיכטער און ער איז אַ מייסטער פון דער יידישער פּראָזע.

# ב. ריווקין, דער „משיחיסטישער קריטיקער״

באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש האָט זיך ביי מיר דערוועקט צו ריווקינען אַ געפיל פון ליבשאַפט און אָפּשיי. איך האָב אינטואיטיוו דער־שפּירט אין אים אַן אייגנאַרטיקן מענטש און אַ גרויסע גייסטיקע קראַפט. איך האָב דערפילט אַ וואַרעמקייט; אַלע מיינע חושים זיינען געוואָרן אָנ־געשפּיצט אין די זעלטענע מאָמענטן וואָס כ׳האָב מיט אים פאַרבראַכט. איך האָב פאַר אים אַביסל מורא געהאַט, ווי אַ יונגער שרייבער, שטאָלץ און שעמעוודיק באַגלייך, אין זיך אַ פאַרשלאָסענער, ווען עס שפּיזלען אים דורך פאַרשנדיקע בליקן פון אַן עלטערן באַרימטן שרייבער און קריטיקער וואָס פרעגן:

— מי אתה? מיט וואָס קומסטו? וואָס ברענגסטו?

אָבער מיט ריווקינען האָט זיך גיך געלאָזט אַראָפּוואַרפן די פאַר־שלייערונגען מיט וועלכע יוגנט שלייערט זיך, ווייל ריווקין איז ניט גע־ווען דער קריטיקער־שופט וואָס זיצט אויף אַ טראָן און משפט שרייבער. ער האָט ניט געוואויגן און געמאָסטן צי איינער איז ראוי צו קומען פאַר אים. ריווקין איז דעם שרייבער אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ האַרציקן ברוך הבא. יעדער שרייבער איז פאַר אים געווען אַ גרויסער געווינס. ער האָט זיך געפילט ווי קאָלומבוס וואָס האָט אַנטדעקט ניי לאַנד, אַז ער האָט גע־פונען אַ פונק פון טאַלאַנט ער זאָל קאָנען אים אַנגליען, אויסלייטערן. זיין בליק האָט אויפגעשטראַלט ווען ער האָט געקענט אָנזאָגן: ס׳דאָ.

(זאָל מיר דערלויבט זיין דערציילן עפּעס פערזענלעכעס. ווען ס׳איז אַרויס מיין ערשט בוך דערציילונגען און חברים האָבן אַראַנזשירט אַ שטיקל אָוונט — ווי ס׳פירט זיך — האָט ריווקין זיך אַליין אָנגעבאָטן צו רייִדן. עס ווערט שפּעט. דער זאָל פּוסטעוועט. די עטלעכע רעדנער אויף דער בינע קוקן זיך איבער, שושקען זיך: מען דאַרף אפשר אָפּלייגן. אָבער ריווקין שטורעמט: ער וועט רייִדן פאַר צוויי מענטשן. און ער האָט גערייעדט).

ריווקין איז ניט געווען פון די פּראָפעסאָרישע קריטיקער וואָס פאַר־

שליסן זיך אין זייערע קאַבינעטן מיט ספרים און פּאַליאַנטן, וואו זיי זיינען בודק דעם שרייבער אונטערן מיקראָסקאָפּ; קריטיקער־פּוסקים וואָס לערנען אַ ליד אָדער אַ דערציילונג ווי אַ בלאַט גמרא, פּילפּלען און חקרנען און דרשנען. ריווקין איז געווען קודם כל אַ שעפּערישער מענטש. אַ מענטש פון גייסט און אינספּיראַציע וואָס זיין אויג איז תמיד געווען אָפן צו מענטש און וועלט — אַ מענטש פון אינטואיציעס, פון שפּירונגען, אויפבליצן, אַריינבליקן (אויסשפּירן די עסענץ — איז זיין באַליבטער אויסדרוק). ער איז ממש הערזעריש אין דערטאַפּן דעם עצם, ווי אַ מייס־טער־כירורג אַרויספּאַלמעסן דאָס פּאַרבאָרגנסטע. ער טוט עס מיט אַ כירורגישן סקאַלפּעל אָבער אין דער זעלבער צייט מיט ליבשאַפט ווי עס טוט אַ מוסטער־כירורג. ער לעבט איבער די יסורים און פּיבערס אין התלהבותן פון שעפּערישע חבלי־לידה, ווי אַ דאָקטאָר־אַקושער פּאָלגט ער נאָך אַלע געבורטס־סטאַדיעס פון דער אַנטוויקלונג פון עמבריאָ ביז צו דער געבורט. ער ווערט אַ שותף צום שרייבערס יצירה־פּראָצעס. דאָס איז דעם קריטיקערס אופן פון שעפערישקייט וואָס קאָן זיך אַנטפּלעקן רק דורכן מעדיום פון שרייבער.

* * *

ריווקין באַקלאָגט זיך דערויף. ער וויל ניט זיין דעם שרייבערס משרת, זאָגט ער. אָבער אין זיינע הענט איז די „משרתות" דערהויבן גע־וואָרן צו דער העכסטער מדרגה. ער שליסט זיך ניט אָפּ אין בית־דין שטיבל צו פּראַווען משפּטים איבער שרייבער. ער וויל זיין אַ באַגלייטער, אַ מיטגייער און וועגווייזער אין שווערן גורלדיקן וועג פון יידישן שריי־בער. ער וויל, ווי דער קאָצקער, פּראַווען, לייטערן, מתקן זיין, אָנפייערן יידישע שרייבער צו זייער גרויסער שליחות, ער זאָל מיט זיי קאָנען אָנ־קלאַפּן אין די טויערן פון הימל, אַראָפּברענגען משיחן...

ריווקין, וואָס איז געווען אַ קורלענדער, אַ האַלבער ליטוואַק — ווי ער זאָגט אויף זיך אַליין — איז געווען דער היפּוך פון טרוקענעם ליטוואַק. ער האָט געהאַט אין זיך די דבקות און התלהבות פון חסידישן רבין, פון עקסטאַטישן מקובל, וואָס גאַרט צו דערקענען די מיסטעריעס פון מאחורי הפּרגוד. ווען ער ווערט געבוירן אַביסל פריער וואָלט ריווקין געוואָרן אַ רבי, אַ בעל־מופת, אָדער אַ פייערדיקער מגיד וואָס קומט וועקן דאָס יידישע האַרץ מיט פלאַם־פייערדיקע רייד, מיט פלאַי־פלאַימדיקע מעשות און משלים (לייוויק דערציילט אין זיין עסיי וועגן ריווקינען ווי ער האָט אים געטראָפן אינמיטן גאַס אויף סעקאָנד עוועניו אַ פאַרטרויערטן פון אַ פאַמיליע־טראַגעדיע און ריווקין שרייט: דער טויט וועט ניט גובר זיין, איך בין גוזר...).

די צייט פון רבנים און גוטע יידן איז שוין אָבער געווען פאַריבער ווען ריוווקין איז געקומען. ער איז געקומען צו אַ ניט־גלייביקן דור. זוכט ריוווקין אַ נייע תורה פאַרן ניט־גלייביקן דור, נייע לוחות פאַרן היינטיקן יידן וואָס וויל מער ניט זאָגן נעשה ונשמע צו דער תורה פון באַרג סיני, אַ תורה פאַר אַ יידן וואָס האָט קיין אמונה ניט.

ריוווקין קומט צום סאָציאַליזם־אַנאַרכיזם. אָבער די סאָציאַליסטישע תורה, דער מאָדערנער מעטאַמאָרפאָז פון נביאישן געשריי נאָך יושר און צדק וואָס ברענט אין יידישן בלוט דורך אַלע דורות באַפרידיקט ניט זיין יידיש האַרץ וואָס דאַרף „מאַקסימום יידישקייט". דער שעפערישער גייסט אין ריוווקינען זוכט אַ תורה וואָס זאָל שפייזן יידישע הערצער פון ניט־גלייביקן דור. פאַר יידן דאַרף מען האָבן אַ יידישע תורה מיט יידישע נביאים, מיט אַ יידישן שולחן־ערוך. געפינט דאָס ריוווקין אין דעם נייסטן צעבלי פון יידישער שעפערישקייט, אין דער מאָדערנער יידישער ליטע־ראַטור. די יידישע ליטעראַטור וועט ווערן די נייע תורה פאַר יידן און די יידישע שרייבערס — די נייע נביאים און תנאים, אָדער אויפן ריווו־קינישן לשון: געשטאַלט געבערס, משיח־אָנזאָגערס, משיח־צוגרייטערס.

„די יידישע ליטעראַטור איז געקומען די יידישע רעליגיע צו פאַר־בייטן — צו זיין די טרעגערין פון פאָלקס־גורל, פון פירן דעם פאָלקס־חשבון מיט זיין געשיכטע און זיין חשבון מיט דער וועלט" (לייוויק־בוך).

די יידישע ליטעראַטור דאַרף ווערן אַ מין אחד־העמישער מרכז רוחני פאַרן באַדנלאָזן און גייסטיק אויסגעהוילטן יידן; ווערן אַ „כמו טעריטאָריע", אַ „כמו רעליגיע", וואָס זאָל קענען ווייטער אויפהאַלטן ס'יידישע פאָלק אין גלות, געבן אים לעבנס־ענערגיע וואָס דער ייד האָט געשעפּט מיט פולע עמערס פון דער אַלטער תורה, וואָס האָט אים באַ־גלייט אין לאַנגן גלות־וועג. די יידישע ליטעראַטור וועט ווערן די יורשטע פון יידנס גלאַררייכן עבר. וואָס קאָן זיין פשוטער און לאָגישער? די יידישע ליטעראַטור וועט ווערן דאָס לעגענדאַרע אויל־קריגעלע וואָס וועט ברענען עד סוף כל הדורות. „אַ תפילה פאַרן אומגלייביקן וואָס וועט באַלד אַ תפילה טאָן פאַר אים" — אין ריוווקינס לשון.

ווערט ריוווקין אַ מאָדערנער מגיד פאַרן אומגלייביקן דור. מיטן פייערדיקן גלויבן פון אַ גרויסן בעל־מאמין פון אַמאָליקע דורות, נעמט ער פּרעדיקן, דרשנען, מעורר זיין. דער מאָדערנער מגיד איז אָבער אַלס דרשן אַ כבד־פּה. ער האָט ניט די צונג איבערצוגעבן זיינע צוהערער אין אַ פאַרשטענדלעכער שפּראַך דעם גאָט־דראַנג, די מיסטישע דער־הייבונג, דעם פאַרצערנדיקן פייער וואָס ברענט אין אים. ער האָט ניט די אָראַטאָרישע מאַגיק וואָס באַצווינגט און פאַרכישופט. ער דאַרף אַרויס־

שלאָגן פֿון זיך דאָס וואָרט ווי משה האָט אַרויסגעשלאָגן וואַסער פֿון שטיין. און זיין נידעריקע פּעסלדיקע פיגור מיט די צעיאָגטע האָר בשעת ער לויפֿט אַרום אַהין און צוריק איבער דער בינע, שפּרינגט אונטער און זשעסטיקולירט מיט די הענט, רופֿט אַרויס ביים סקעפּטישן צוהערער אַ שמייכל, מאַכט דעם רושם ווי ער וואָלט געשפּילט טעאַטער.

זאָגט טאַקע מלך ראַוויטש (אין זיין עסיי אין „ריווקין־בוך”), אַז ס׳איז געווען „ריינער טעאַטער”. און יעקב גלאַטשטיין דערציילט אונדז (דאָרטן), אַז ריווקין האָט זיך „אויפֿגעשפּילט”.

איך בין איבערציַיגט, אַז ריווקין איז געווען פֿון די ערלעכסטע און אויפֿריכטיקסטע מענטשן ביי אונדז. זיינע אידעען זיינען ביי אים ניט געווען אַן אינסטרומענט פֿאַר זיין ווילד־צעוואַקסענעם גאוהדיקן איך, ווי מיר זעען ביי אַ סך אַנדערע פּערזענלעכקייטן. ער האָט ניט געזוכט קיין זעלבסטדערהייבונג, קיין פּירער־שטולן, קיין רבנישע פּאָזיציעס. ער איז געווען אַ גאָר אָריגינעלער קינסטלער־נאַטור מיט אַ סך תמימות און אַפֿילו קינדישער נאַאיוויטעט, ניט געקוקט אויף זיין גאַנצן אינטעלעקטואַליזם און וויסנשאַפֿטלעכקייט (אין זיין באַנוצן זיך מיט וויסנשאַפֿטלעכע טעאָריעס איז ער אויך תמימותדיק־נאַאיוו). דער „אויפֿשפּיל”, דאָס אַקטיאָרישע אין אים — אויב מ׳קען עס אַזוי אָנרופֿן — איז מסתמא געקומען פֿון טעאַטראַלישן און אַקטיאָרישן וואָס איז פֿאַרפֿלאַנצט אין יעדער קינסטלערישער נאַטור. זאָגט אונדז גלאַטשטיין אַליין, אַז ריווקין האָט געקאָנט קינדיש לאַכן פֿון זיין אויפֿשפּיל. ריווקין, וועמעס בעל־פּה האָט אַזויפֿיל געליטן פֿון זיין כבד־פּה־איקייט, האָט דערפֿאַר אונדז קאָמפּענסירט מיט זיין וואונדערלעכן שבכתב. דאָ מוזן זיינע שאַרפֿסטע קריטיקער אָנערקענען אַז דער לבוש פֿון ריווקינס תורה, אויב ניט די תורה אַליין, וואָס זיי פּסלען איז אַ חידושדיק־אייגנאַרטיקע קרעאַציע, באמת אַ יחיד במינו.

מען ווערט פּשוט פֿאַרכאַפּט פֿון ריווקינס סטיל און לשון, פֿון זייער פֿול צעבליטער שפּעדיקער רייכקייט, בפֿרט ווען מען גיט אַ טראַכט אַז ביי די ליטוואַקעס איז דאָס לשון ניט פֿון זייערע גרעסטע אויפֿטוען, אַז קיינער פֿון די ליטווישע קרעאַטיווע שרייבער האָבן ניט באַוויזן דעם טרוקענעם ליטווישן יידיש צו פֿאַרוואַנדלען אין דעם ווירטואָזישן אינסטרומענט ווי עס האָבן עס באַוויזן צו טאָן פּוילישע און גאַליצישע פּראָזע־מייסטערס.

ריווקינס שפּראַכלעכער און סטיליסטישער אויפֿטו פֿאַרדינט אַ באַזונדערע לומדיש־אַנאַליטישע אָפּהאַנדלונג וואָס זאָל באריכות אַנאַלי-

זירן און אילוסטרירן זיין אייגנאַרטיקע שפּראַך־שעפערישקייט, די אינ־
ספּירירט־וויזיאָנערישע בילדלעכקייט פון זיין סטיל.

קיינער פון די אַלע חשובע שרייבער וואָס זיינען פּאָרטראַטן אין
דעם „ריוווקין־בוך״, אַ חוץ טאַבאַטשניקן, וואָס רעדט וועגן גלאַנץ און
פּראַכט פון ריוווקינס סטיל, האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף ריוווקינס דעם
קריטיקערס טיף־אייגענעם לשון. ליטעראַטור־קריטיקער, ניט נאָר ביי
אונדז נאָר אויך ביי די אומות העולם, האָבן זעלטן אַן אייגן לשון און
נאָך זעלטענער זיינען דאָ צווישן זיי סטיליסטן און שפּראַך־אויפטוער.
ס׳לשון פון פאָרשונג, אָפּהאַנדלונג, ליטעראַטור־קריטיק איז לרוב אַן
אָפּגענוצט רוטין־לשון.

ריוווקינס לשון איז תמיד זיין אייגנס. עס שלאָגט אין אים דער
אָטעם פון עקסטאַטיקער־וויזיאָנער, דעם פייערדיקן מגיד וואָס ווען ער
האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן האָט זיין כבוד־פּהאיקייט זיך אויפגעלייזט
און זיינע רייד האָבן געפּלייצט און געשטורעמט ווי כוואַליעס פון אַן
אָנגעשוואָלענעם טייך.

אונדזער צווייטער גרויסער קריטיקער ש. ניגער, דער אמתער
ליטוואַק, וואָס איז דער היפּוך פון ריוווקינען הן אין זיין מהות הן אין זיין
שרייבעריש־קריטישן דרך האָט מיט ריוווקינען אָפט פאַרפירט מחלוקתן,
פּאָלעמיזירט מיט אים און אים ניט געשאָנעוועט. אָבער ער מוז צוגעבן
דעם כוח פון ריוווקינס „עקסטאַטיש וואָרט״. אָפּשפּעטנדיק פון ריוווקינס
משיחיסטישער קריטיק (אין זיין אַרטיקל אונטער דעם נאָמען געשריבן
באַלד נאָך ריוווקינס טויט) מוז ער אָבער אָנערקענען די „געלונגנקייט״ פון
ריוווקינס „שפּראַך־חידושים״, לויבן די „דערפינדערישקייט״ פון דער „צע־
היצטער פען״ פון ריוווקינען דער „שרייבער עקסטאַטיקער״ (ניגערס אויס־
דרוקן).

מיט זיין „משיחיסטישער קריטיק״, מיט זיין „עקסטאַטישן וואָרט״
האָט זיך ריוווקין געשטעלט אַ דויערנדיקן מאָנומענט אין דער יידישער
ליטעראַטור. די עוואַלואַציע פון ריוווקינען דעם פּובליציסט און נאַציאָ־
נאַלן טעאָרעטיקער וועל איך לאָזן צו אַנדערע. איך האָב ניט די קאָמפּע־
טענץ אַריינטיפן זיך אין ריוווקינס נאַציאָנאַל־סאָציאַלער אידעאָלאָגיע,
אין זיין אינדיווידועלן צושטייער צו די טעאָריעס פון וועלטלעכער יידיש־
קייט פון זיין צייט: זיין אָריגינעל גייסטרייכן פאַנאַנדערוויקלען די טעזען
פון דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ „כמו רעליגיע״ און „כמו טעריטאָריע״.

ריוווקין האָט מיט דעם ברען פון זיין אור־יידישן גלויבן און בטחון
אויסגעבויט אַ גרויסאַרטיקן בנין. אָבער דער פונדאַמענט פון דעם בנין
איז — לדעתי — געווען איינער פון די טיפּיש יידישע מנחם־מענדלשע

חלומות — מיראַזשן וואָס זיינען אויפגעשוואומען אין לאַנגן יידישן וואַנ־דער־וועג. אַ כישוף־באַלון אָן וועלכן זיך אָנצוהאַלטן און פליען במקום אַ באָדן אונטער די פיס. אַ מאַגיש כמו־לאַנד, אַ בנין געבויט אויף לופט, ווי די יידישע פרנסות פון די יידישע שטעטלעך אין דער אַלטער היים. דאָס ביסל ממשות וואָס איז געווען אין דעם חלום איז איצט אָוועק מיטן רויך פון קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן פון די אומגעבראַכטע מיליאָנען יידיש־ריידנדיקע מאַסן.

* * *

דאָס סאַמע טיפסטע און וואָגיקסטע פון ריווקינס שרייבערישער מלאכה וואָס האָט רעאַלן באָדן אונטער די פיס (אין קעניגרייך פון וואָרט איז אויך פאַראַן רעאַליטעט און פאַנטאַזיע) איז ריווקינס ליטעראַטור־קריטיק.

דאָ שטעקט דער עצם פון זיין שרייבער־טאַלאַנט. אָבער טאַלאַנט וויאַנעט ווען ער קאָן ניט שלאָגן טיפע וואָרצלען. ריווקינס טאַלאַנט איז דערהויבן געוואָרן צו דער העכסטער מדרגה דורך זיין ריינער און עכטער פערזענלעכקייט, אָנגעגליט געוואָרן פון פייער פון זיינע אידייאישע פלאַ־מען און עקסטאַטיקערס נשמה־עליות. למען האמת דאַרף מען אָבער אויך זאָגן אַז צומאָל האָבן די דאָזיקע פאַר ליטעראַטור־קריטיק ניט עצמדיקע, פרעמדע, אַפילו שטערנדיקע עלעמענטן ריווקינס דעם ליטעראַטור קרי־טיקערס אַרבעט מבלבל געווען, פאַרטונקלט זיין קריטישן בליק און אָביעקטיוון אָפּשאַץ און מעסט־פעאיקייט. אָבער אָביעקטיוויטעט און מעסט־פעאיקייט זיינען נאָר אַ טייל, אָוודאי ניט דער חשובסטער פון קרי־טיקערס אַרבעט. ריווקין האָט פאַרמאָגט עפּעס וויכטיקערס: פאַרשטענ־דעניש און דערקענטעניש פון מענטש און שרייבער ווי אַ גאַנצקייט; כוח צו זען פון אינעווייניק, אַריינדרינגען אינטואיטיוו אין די פאַרבאָרגנסטע קוואַלן וואָס נערן דעם שרייבער און מאַכן אים וואַקסן. ער האָט געקאָנט אַרויסשפּירן דעם שרייבער, דערפילן זיינע אינטענציעס, געראַנגלען, דער־גרונטעווען זיך צו זיינע טיפסטע וואָרצלען. ער האָט ניט באַדאַרפט וואַרטן וואָס די פאָרשונג און אַנאַליז וועלן אים אויפדעקן, נאָר ווי דורך כישוף זיך אַריינגעבויערט אין שרייבערס עצם אָדער, נוצנדיק ריווקינס לשון, אַריינגעגעסן זיך, באַזעצט זיך אין שרייבערס נשמה.

ווען דער כישוף אַרבעט(ניט תמיד אַרבעט ער) באַקומען מיר גרויס־אַרטיקע דערשטוינענדיקע רעזולטאַטן.

דאָס „לייוויק־בוך" האָט טיפע וואונדערלעכע קאַפּיטלעך פון אַריינ־דיבוקן זיך אין שרייבערס נשמה. די ראַנגלענישן און פאַרפלאָנטערטקייט

פון גרויסן דיכטערס וועג האָבן דעם קריטיקער געגעבן די געלעגנהייט נאָכצוטויכן נאָך אים אין די טיפֿעניש און באַלייכטן זיי.

ריווקין האָט, ווי פֿרויד, געגראָבן זיך אין אונטערבאַוואוסטזיין. איך מיין דערמיט ניט צו זאָגן אַז ער האָט אָנגעווענדט פּסיכאָאַנאַליטישן אַנאַליז (ווי פֿרויד אַליין האָט עס געטאָן מיט דאָווינטשי, דאָסטאָיעווסקי, משה) און ווי עס טוען אים נאָך איצט אַ סך קריטיקער. דאָס פֿירט דעם קריטיקער אַוועק פון זיין אייגענער אַרבעט אין אַ פֿרעמד פֿעלד. דער קריטיקער קאָן זיך צוהעלפֿן אין זיין אַרבעט מיט פֿרוידס מעטאָדן, אָבער ניט אים מאַלפּיש נאָכטאָן. ריווקין האָט דאָס וואָס ער האָט גע־לערנט פון פּסיכאָאַנאַליז גענוצט אויף זיין אייגענעם אופֿן, שעפֿעריש. ער האָט רעקאָנסטרואירט דעם שרייבערס גייסטיקן און קינסטלערישן אויפֿקום און אויסוואוקס. ער האָט פֿאַר אונדז מיטן כוח פון זיין קרעפֿטיקן שרייבערישן טאַלאַנט אויסגעמאָלן פּאַרטיפּטע פּאָרטרעטן פון שרייבערס אין וועלכע דער הינטערגרונט, די זייטיקע פֿיגורן, אַלע פּינזל־שטריכן און פֿאַרב־פֿלעקן שפּילן האַרמאָניש צונויף מיט דער הויפּט־געשטאַלט כדי אַרויסצוברענגען אַ פּאַרטיפּט, אייגנאַרטיק, אין זכרון זיך איינקריצנ־דיקע בילד.

ריווקינס קריטישע אַרבעטן זיינען ניט פֿאָרמאַליסטישע פֿאָרשערישע שטודיעס פון אַ ליטעראַטור־פֿאָרשער. זיי טראָגן דעם בולטן חותם פון אַ שעפֿערישער שרייבער־פּערזענלעכקייט.

אין ריווקינען זיינען געווען צוויי מענטשן: דער עקסטאַטישער בעל־מאמין און דער עילווישער חריפֿותדיקער קריטיקער. ס׳ניט קיין גוטע קאָמבינאַציע. נעמט אַמאָל די אויבערהאַנט דער עקסטאַטיקער (וואָס שפּילט זיך אויף לויט די „ניט־גלייביקע״) ווערט זיין אינספּירירטע באַ־ריידעוודיקייט פֿאַנטאַסטיש, פֿאַרפֿליט אין גוזמאדיקע דיסטאָרציעס.

מיר דערמאָנען זיך אָבער אין טאָמאַס האַרדיס טשיקאַווער דעפֿיני־ציע: קונסט איז דיסטאָרציע. ריווקין — ווי איך האָב שוין געזאָגט — איז געווען אַ קינסטלער־נאַטור און מיר מוזן אים מוחל זיין זיינע דיסטאָרציעס און גוזמאות, קוקן אויף זיי ווי אויף די אומפֿאַרמיידלעכע טונקעלע פֿלעקן וואָס זיינען נאַטירלעכע באַגלייט־דערשיינונגען פון ליכט.

ריווקינען האָט די נאַטור באַשאָנקען מיט אַ שעפֿערישער אימאַגי־נאַציע. עס האָט צוערשט ביי אים געמוזט אויפֿבליצן אַ וויזיע, אַ גע־שטאַלט וואָס האָט אין זיך פֿאַרקערפּערט דעם שרייבערס מהות. ערשט ווען עס האָט פֿאַר אים דורכגעשוועבט די וויזיע וואָס האָט אים געגעבן אַן אַריינבליק אין עצם פון שרייבער האָט ער זיך געקענט נעמען צו דער אַרבעט. דאָס געשטאַלט, די וויזיע, דער אימאַזש זיינען דער שעפֿערישער

יהי־אור. דערנאָך קומט די דאָקומענטאַציע, דער אַנאַליז, די קאָנסטרוק־ציע־אַרבעט.

לייוויק האָט מיט זיינע גאָט־ און גאולה־זוכענישן ביי ריווקינען אַרויסגערופן די משיח־געשטאַלט. אין לייוויקן האָט ער געזען די פאַר־ווירקלעכונג פון זיינע חלומות וועגן דער גרויסער שליחות פון דער יידישע ליטעראַטור: איר משיחישן דראַנג. האָט ער לייוויקן געגעבן דאָס בעסטע וואָס ער האָט געהאַט. ער פאַרטיפט זיך אין אים מיט מער אינ־טערעס און ליבשאַפט ווי אין אַן אַנדערן שרייבער. ער גייט נאָך זיינע פוס־טריט. ער לאָזט זיך מיט אים אַראָפּ אין די תהומיקע פינצטערע לאַבירינטן, וואו דאָס לייוויקישע ליד ווערט געבוירן און וואַקסט ביז עס קומט אַרויס צו דער ליכטיקער שיין.

אַזוי ווי ביי לייוויקן האָט פאַר ריווקינען פירגעשוועבט די משיח־געשטאַלט וואָס האָט אים אַזוי אָנגעפּייערט אַזוי האָט ביי אַלע אַנדערע שרייבערס וואָס ער האָט וועגן זיי געשריבן פאַר אים פירגעשוועבט אַן אימאַזש, אַ געשטאַלט. רייזען גיט דעם ליטוואַק ברויט. ראַלניק איז אַ פאַרשטעלטער בעטלער. מאַני לייב איז דער פאַרכישופטער. משה לייב איז אַ האַלבער גאון וואָס האָט ניט באַוויזן צו ווערן אַ גאון און זיך פאַר־משפּט צום טויט. אברהם משה דילאָנס לידער — דערציילט אונדז ריווקין — האָט ער צוערשט ניט פאַרשטאַנען. ערשט ביים צווייטן לייענען האָט ער זיך געכאַפּט אַז דילאָן פּראָוועט „אַ שוואַרצע מעסע״. איז אים אַלץ געוואָרן קלאָר. צו דעם סאָרט וויזיאָנערישע אויפבליצן געהערט דער ביז גאָר אָריגינעלער פּרוש ווי משה לייב האָט פאַרשלונגען די געשטאַלט פון זיין פאָטער, דעם קונצנמאַכער.

ריווקין שטייט זייער נאָענט צום פּאָעטס וועלט פון וויזיע, פון פאַנ־טאַזיע, צו די כישוף־בילדער פון אימאַגינאַציע (ער גיט אַ זאָג: איך און לייוויק און דער מהר״ל פאַרשטייען כישוף, „לייוויק־בוך״). אָבער ביים קריטיקער זיינען מיר געוואוינט ער זאָל דעם פּאָעטס וויזיאָנערישע וועלט אַראָפּברענגען אויף דער ערד, זי פאַרטייטשן על פי שכל. ווערן מיר ניט איין מאָל פאַרבליפט פון ריווקינס פאַרפליען אין פּאָעטס אָדער מיס־טיקערס וועלט.

אָבער אַז מיר שרעקן זיך ניט אָפּ, אַז מיר לאָזן זיך נאָך אים גיין, נעמט באַלד אַוועק אין זיינע בעסערע קריטישע אַרבעטן די לייצעס פון מיס־טיקער וויזיאָנער דער עילוישער קריטיקער. מ׳דאַרף ניט פאַרבלענדט ווערן פון ריווקינס מיסטישן און מיסטיפיצירנדיקן „אויפשפּיל״. ווען ריווקין דער קריטיקער נעמט זיך צו דער אַרבעט און נעמט געבן עקס־פּאָזעס, צעגלידערן, אַריינדרינגען, נאָכגיין טריט ביי טריט די שרייבערס

וועגן און שטעגן, פאַנגט ער אונדז און מיר ווערן טויזנטפאַך באַלוינט. מיר באַקומען מייסטערווערקלעך פון פאַרטיפטער אינטערפּרעטאַציע, וואָס גיבן אונדז הן מיט זייער אָריגינעלן קוק און באַנעם הן מיט זייער שרייבערישער פאָרם די טיפערע עסטעטישע הנאה וואָס נאָר שעפערישע ווערק גיבן אונדז.

מען דאַרף אויך אין זינען האָבן שרייבנדיק וועגן ריווקינען אַז ער האָט זיך קיין מאָל ניט דערשלאָגן צו קאָנען רואיק זיצן און שרייבן. ער איז קיין מאָל ניט געווען באַפרייט פון דאגות פּרנסה, צעטרענצלט זיינע כוחות אויף רוטינער צייטונג־אַרבעט, אויף אגב־אורחאדיקע אַרטיקלען, ניט געקענט אַוועקזעצן זיך בשלום ושלוה צו דער אַרבעט מיט דער קאָנצענטראַציע און פּלאַנירונג וואָס עס פאַרלאַנגען גרעסערע ווערק.

זיין איינציק פאַרגאַנצט אויסגעפּלאַנירט ליטעראַטור־קריטיש ווערק (אַלע אַנדערע ביכער וואָס זיין פּרוי האָט ערשט נאָך זיין טויט אַרויסגעגעבן זיינען צונויפגענומענע ברוך־שטיקער) איז „גרונט־טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור״. ס׳איז — לדעתי — דאָס אָריגינעלסטע ווערק וועגן דער יידישער ליטעראַטור וואָס מיר פאַרמאָגן. ס׳איז ניט קיין טעקסט־בוך, פּראָפעסאָרישע אויסשעפּלעכע פאָרשונג־אַרבעט. מיר האָבן פאַר זיך אַן אייגנאַרטיקע קולטור־פילאָסאָפישע אינטערפּרעטאַציע ווי די באַדינגונגען פון דער יידישער עקזיסטענץ און יידישן גייסט האָבן פאָרמירט די יידישע ליטעראַטור און אירע בויערס.

דאָ האָט ריווקין זיין פאַנטאַזיע געהאַלטן אין צאָם, געשריבן מיט אויסגערעכנטן צמצום, מיט מאָס און סדר. ער האָט אויפגעשטעלט אַ בנין אין וועלכן אַלע דעטאַלן זיינען אויסגעסדרט אין דער קאָנסטרוקציע לויטן פּלאַן. אויב אַפילו מיר זיינען ניט תמיד מסכים מיט אים האָבן מיר הנאה פון אַ גייסטרייך־אָריגינעלן גוט־קאָנסטרואירטן ווערק.

ריווקין דערמאָנט מיט זיין אייגנאַרטיקן אופן אינטערפּרעטאַציע און זיין געהויבענעם פּלאַמיקן אופן פון שרייבן אין דעם באַרימטן ענגלישן מאָראַליסט און ליטעראַטור־מפרש טאָמאַס קאַרלייל, וואָס האָט אויך אויף זיין אייגענעם פילאָזאָפיש־מאָראַלישן שטייגער אינטערפּרעטירט געשיכטע און ליטעראַטור און געשריבן אין אַן אייגנאַרטיקן סטיל און לשון. ער האָט, ווי ריווקין, געשריבן וועגן שרייבערס ווי גייסטיקע רעפּרעזענטאַנטן פון זייער פאָלק („שרייבערס ווי העלדן״) וואָס פאַרקערפּערן די „גרונט־טענדענצן״ פון אַ פאָלק און זיין ליטעראַטור, אָדער ווי ריווקין וואָלט געזאָגט, אַז די געשיכטע האָט זיי אויסגעקליבן צו טאָן שליחות, ווערן די „געשטאַלט־געבערס״, שאַפן „מוסטער־געשטאַלטן״ ווייל זיי האָבן אין זיך „די יידישע גרונט־פעאיקייט אַרויסצוגעבן פון זיך מוסטער־

געשטאַלטן" א. אַז. וו. ווייל, זאָגט ריווקין, "ליטעראַטור איז אַ גייסטיקע היים וואו אַ פאָלק אַרבעט זיך אויס זיין זעלבסט־באַוואוסטזיין".

ריווקין האָט געשטעלט גרויסע פאָדערונגען צו יידישע שרייבערס. ער האָט געוואָלט זיי זאָלן זיין די גענאַלבטע פון גאָט פאַר "זייער שליחות פון פאַרקינסטלערן רעליגיאָזיטעט און מענטש־שאַפונג" און "קינסטלע־ריש אויפלעבן די משיח־זעאונג".

אַוודאי האָט ער צופיל געפאָדערט פון יידישע שרייבער וואָס זיינען בעוונותינו הרבים אָפט קליינע מענטשעלעך. אָבער דעם בעסערן קרי־טיקערס דראַנג צו וועלן אויפהייבן דעם שרייבער, זיין דעם שרייבערס מדריך און לערער, איז ניט קיין נייעס אין אַלע ליטעראַטורן. אַלע באַ־דייטנדיקע קריטיקער האָבן עס געטאָן אויף זייערע פאַרשיידענע אופנים. אפשר האָט עס ריווקין געטאָן מיט מער יידישן ברען. קומט ש. ניגער און חוזקט פון אַזאַ "משיחיסטישער קריטיק" און פאַרגלייכט ריווקינס מאָנען די אַלע זאַכן פון שרייבער צו דער פאַרטיי־געטריישאַפט און פראָ־פאַגאַנדע־ליטעראַטור וואָס עס פאָדערן די דיקטאַטאָרישע, פאַשיסטישע און קאָמוניסטישע רעזשימען. דאָס איז בייזוויליקע פאָלעמיק וואָס ברענגט בלי ספק ניגערן קיין כבוד ניט.

***

איך האָב דאָ עטלעכע מאָל דערמאָנט אונדזער צוויטן גרויסן קרי־טיקער ש. ניגער (שוין אַ גאַנצער ליטוואַק ניט אַ האַלבער ווי ריווקין; בעל־מחשבות איז אויך געווען אַ ליטוואַק. אַפנים ליטווישע גמרא־קעפ טויגן זיך אויס צו קריטיק). ווי עס טרעפט אָפט קאָנען צוויי גדולים אין איין געביט זיך ניט סובל זיין סיי צוליב אידייאישע סיי צוליב פערזענ־לעכע טעמים. ס'איז ניט געווען גלאַט חילוקי־דעות. ניגער און ריווקין זיינען געווען רעפּרעזענטאַטיוו פאַר צוויי סאָרטן מענטאַליטעטן וואָס האָבן זיך אויספאָרמירט במשך דעם דורותדיקן יידישן וועג. איינער: דער רבנישער טיפּ, דער פוסק און מסביר־מפרש וואָס שווימט אין ים־התורה. דער צווייטער: דער נביאישער טיפּ, דער רבי, וועמעס תורה איז ניט דער פועל יוצא פון קנעלן טאָג און נאַכט, נאָר פון חזיונות, אַנטפּלע־קונגען, אינטואיטיווע אויפבליצונגען, ראַנגלענישן און זוכענישן.

ש. ניגער האָט געלערנט די יידישע ליטעראַטור ווי אַ רב לערנט ש"ס. זיין דרך איז געווען איינשטעלן אַ סדר, פאַרפאַסן אַ שולחן־ערוך. זיין אופן אַרבעט איז געווען ווי פון אַן אַקאַדעמישן פאָרשער, זיצן איבער הויפנס ביכער און ערלעך און גרינטלעך אויספאָרשן אַן ענין. ניגער טוט זיין אַרבעט מיט רבנישער אָפּגעהיטקייט, זיינע פירעכצן זיינען "באַזאַכט

באַדאַכט", ווי לוצקי זאָגט אין זיינע „פּאָרטרעטן". ער איז אַ לערנער מיט אַ קלאָרן לאָגישן מוח. ער זאָגט: איצט קאָן מען שוין לערנען אַ קאַפּיטל יהואש אָדער גאַנץ אַפּאַטאָשו — ווי אַ רב וואָלט געזאָגט גאַנץ ש"ס.

ריווקין איז געווען דער רבי מיט אַן אייגענעם דרך, אַ גאָט־זוכער, אַ מיסטיקער, געפירט פון אינטואיציע, התלהבות און פלאַקערדיקן גלויבן.

ס'איז לייכט פּאַר אַ פּראָפעסאָריש למדנישן קריטיקער צו טייטלען מיטן פינגער און אָנווייזן אויף סתירות און גוזמאות. אַוודאי, פאַר הויך־שול תלמידים איז ריווקינס ליטעראַטור־קריטיק לחלוטין ניט צוגע־פּאַסט. ש. ניגער איז זייער קריטיקער. ער איז געווען אַ וואונדערלעכער בעל־הסברה, אַ מפרש, וואָס האָט ליב געהאַט קלאָרקייט און עקזאַקטקייט.

ניגער האָט פאַרנומען אַזאַ דערהויבענע פּאָזיציע ביי אונדז ווייל אונדזערע לייענער און ס'רוב פון אונדזערע שרייבער זיינען געווען ווייניק באַהאַוונט אין הלכות ליטעראַטור און מען האָט באַדאַרפט מיט זיי קנעלן. ניגער האָט עס געטאָן. און ער האָט געוואוסט, ווי צו פירן שטאַט ווי ס'פּאַסט פאַר אַ גאון, אַ פּוסק. האָט די גאַנצע ליטעראַרישע וועלט — דער שרייבער און לייענער — צו אים אַרויפגעקוקט און געוואַרט בדחילא רחומא ווי אַזוי ער וועט פּסקנען.

ריווקין איז געווען ממש דער היפוך דערפון. ער איז געווען דער באַהעמיאַנער אויף וועמען די פיליסטערישע באַלעבאַטישע וועלט קוקט מיט חשד, אַן צוטרוי. איז אַנשטאָט זיצן אויפן כסא הרבנות און פירן שטאַט איז ריווקינען באַשערט געווען אַ כסדרדיקער קאַמף פאַרן טרו־קענעם שטיקל ברויט. איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן ווי עטלעכע חדשים פאַר זיין טויט האָט ער מיר געוויזן אַ בריוו וואָס ער האָט גע־שריבן צום פּרץ־פאַראיין מיט דער בקשה מ'זאָל אים העלפן ווייל ער איז קראַנק. קראַנקערהייט האָט ער געמוזט שרייבן „נייעס".

מ'מעג עס וויסן!

ריווקין האָט איבערגעלאָזן אַ גרויסע ליטעראַרישע ירושה. זיינע ליטע־ראַטור־קריטישע ביכער „יידישע פּראָזאַאיקער" און „יידישע דיכטער" און דאָס „לייוויק־בוך" (וואָס זיינען אַרויס נאָך זיין טויט) האָבן פאַר אונדז אָוועקגעשטעלט ריווקינען אין זיין פולער סטאַטור ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער פון גרויסן פאַרנעם, מיט אַ גרויס־שרייבערישן אָטעם, מיט אַ טאַלאַנטפולער שעפעריש אַנגעגליטער פען. מען מעג מיט אים ניט מסכים זיין און אַפילו שמייכלען אָדער שאָקלען מיטן קאָפּ פון דעם פייערלעכן „אויפשפּיל", פון דעם פייערדיקן מגידס פאַנטאַסטישער אימאַגינאַציע און משלים־שפּראַך. אָבער מ'ווערט פאַרכאַפּט פון זיין שרייבערישער קראַפט, פון זיין טיפן אַריינדרינגען אין שרייבערישן מהות, פון זיין איינ־

טואיטיווער פאַרשטענדעניש פאַרן שעפערישן פּראָצעס, פאַר זיינע חידוש־דיק־אָריגינעלע פאָרמולירונגען און אייגנאַרטיקן גערדאַנקן־גאַנג.

איך האָב אַ סך פון די עסייען וועגן אונדזערע פּראָזאַאיקער און אונדזערע פּאָעטן שוין עטלעכע מאָל געלייענט און אַלע מאָל אויפסניי אַנגעטראָפן אויף וואונדערלעכע שטעלן, חריפותדיקע צעגלידערונגען, טיפזיניקע אינספּירירטע אינטערפּרעטאַציעס.

די סימבאָלישע באַצייכענונג: אַקערער און בליצן־צינדער מיט וועלכער ריווקין באַטיטלט ברוך גלוזמאַנען פּאַסט זיך גיכער פאַר ריווקינען גופא.

ב. ריווקין האָט גוט און טיף צעאַקערט ס׳פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור און אַ סך בליצן אָנגעצונדן מיט זיין פייערדיקער פען.

# י. י. טרונק ווי אַ קריטיקער און עסייאיסט

טרונק דערציילט אין זיין צווייט שלום־עליכם־בוך, ווי ער איז געלאָפן פון דער ברענענדיקער וואַרשע, געלאָפן פון דעם גיהנום, וואָס האָט געוואַרט אויף די פוילישע יידן, מיט זיין זעקל מאַנוסקריפּטן אויף די פּלייצעס (דער שרייבער, דער מנחם מענדל, וועמענס גאָלד און בריליאַנטן זיינען זיינע כתבים). אויפן וועג קיין אַמעריקע האָט זיך טרונק אָפּגעשטעלט אין יאַפּאַן, וואָס האָט אים געגעבן אינספּיראַציע פאַר אַ סך לידער (דער שרייבער פאַרגעסט קיינמאָל ניט צו האַלטן די אויגן אָפן און פאַרשרייבן). געקומען אין אַמעריקע, האָט ער זיך דאָ מצרף געווען צום מנין פון יידישע שרייבער. ער האָט דאָ אַרויסגעגעבן זיין צווייט שלום־עליכם־בוך, געשריבן פילאָזאָפישע עסייען. אָבער דער חורבן פוילן האָט פון אים, דעם טיף פאַרוואָרצלטן פוילישן יידן, גע־מאָנט חשבון הנפש. ער האָט נישט געקענט נאָכגיין זיין שרייבערישן פרייען רצון און שרייבן וועגן פילאָזאָפיע און ליטעראַטור. ער האָט פאַר זיך איצט געהאַט אַ וויכטיקערע אַרבעט, וואָס דער שיקזאַל — ווי ער האָט ליב צו זאָגן — האָט אים אויסגעוויילט צו טאָן: שטעלן אַ מצבה דעם יידישן פוילן, וואָס די משחיתים האָבן אָפּגעווישט פון דער ערד. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער געהאַט אַלע נויטיקע קוואַליפיקאַציעס. קודם כל קאַנטשאַפט פון מאַטעריאַל — ווייל ער איז אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט פוילישער יידישקייט, אויסגע־וואַקסן אין די טראַדיציעס פון דורותדיקן איינגעזעסענעם רבנישן יחוס און אַ וואונדערלעכן זכרון. און די פעאיקייט דעם מאַטעריאַל קרעאַטיוו צו געשטאַלטן. זיינע בעלעטריסטישע פעאיקייטן זיינען אים שטאַרק צונוץ געקומען...

טוט טרונק וואָס ס׳רוב יידישע שרייבער טוען איצט. אָבער אָנ־שטאָט קלאָגן און זאָגן קינות, מאָלט ער פאַר אונדז די פאַרגאַנגענהייט, ער לעבט אויף פאַר אונדזערע אויגן אַ פאַרבנרייכע פּאַנאָראַמע פון אייגנאַרטיקן פויליש־אידישן לעבן. אַ הייליקע אַרבעט. אַ מאָנומענט דעם אַזוי גרויליק אומגעקומענעם פוילישן יידנטום.

טרונק האָט שוין פֿאַרעפֿנטלעכט 6 בענד „פּוילן", וואָס האָבן זיין נאָמען גוט באַקאַנט געמאַכט ביים יידישן לייענער אין אַמעריקע.

איך וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף דעם ווערק „פּוילן". איך וויל דאָ דערגאַנצן, פּולער מאַכן דעם פּאָרטרעט פֿון שרייבער טרונק דורך אָפּשטעלן זיך אויף זיין אַרבעט און אויפֿטו אויפֿן געביט פֿון ליטעראַטור, קריטיק און עסיי, וואָס איז דעם לייענער ווייניקער באַקאַנט און אויך פֿון אונדזער קריטיק ווייניקער אָפּגעשאַצט געוואָרן און וואָס דער פּרסום פֿון זיינע פּילע בענדער „פּוילן" איז עלול נאָך מער צו פֿאַררוקן אין אַ זייט.

לויט מיין מיינונג, איז גראָד טרונקס שרייבערישער מהות בולטער אין זיינע קריטישע און עסייאיסטישע אַרבעטן. טרונק איז אין עצם מער קאָפּ־מענטש און אינטעלעקטועלער אינטערפּרעטאַטאָר ווי אינטואיטי־ווער דערציילער, וועמענס דערציילן שווימט אַרויס פֿון אונטערבאַ־וואוסטזיין. טרונקס דערציילערישקייט איז אַן אינטעלעקטועלע, אַ באַ־וואוסטזיניקע. טרונק דער ליטעראַטור־טעאָרעטיקער, דער דענקער און היסטאָריאָגראַף, דער עסייאיסט איז אַ סך מער אייגנאַרטיק ווי טרונק דער דערציילער. טרונק איז מער „אינדערהיים", ווען ער זוכט אַ פּשט, ווי בעת ער דערציילט.

ס'איז אפשר כדאי, איידער איך גיי ווייטער, צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן קריטיק. אין וואָס באַשטייט די חשיבות פֿון אַ ליטעראַטור־קרי־טיקער? מ'האָט כסדר פֿאַרגעוואָרפֿן דעם קריטיקער, אַז זיין אַרבעט איז נישט אָריגינעל און ציט יניקה פֿון אַנדערע שרייבער. די פֿראַגע פֿון גלייכווערטיקייט פֿון „אָריגינעלע" שרייבער און קריטיקער וועט אַוודאי דיסקוטירט ווערן אַזוי לאַנג, ווי ליטעראַטור וועט עקזיסטירן. אַפֿילו וועגן דעם העכסטן טיפּ קריטיקער, דעם קרעאַטיוון קריטיקער, זאָגט ט. ס. עליאָט — איינער פֿון די וויכטיקסטע מאָדערנע פּאָעטן און אַליין אַ קריטיקער, אין איינעם פֿון זיין לעצטע עסייען: „ער האָט אַ מוח פֿון קרעאַטיווער מדרגה, אָבער עפּעס אַ שוואַכקייט אין זיין קרע־אַטיווער פּאָטענץ ברענגט דערצו, אַז ער קאָן וויזן זיין כוח נאָר אין קריטיק"... בדרך כלל קאָן מען זאָגן: אַזוי ווי ס'זיינען פֿאַראַן אַלערליי מדרגות ביי „אָריגינעלע" שרייבער, אַזוי זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע מדרגות ביי קריטיקער. פֿאַראַן קריטיקער, וואָס האָבן דערגרייכט אַ מדרגה, וואָס ווייניק „אָריגינעלע" שרייבער קענען דערלאַנגען. אויפֿן געביט פֿון קריטיק, ווי אויף יעדן אַנדערן ליטעראַרישן געביט, איז נישט אַזוי דער וואָס, נאָר דער קאַליבער פֿון שרייבער, דער גראַד פֿון טאַלאַנט, די מדרגה. פֿון די פּשוטסטע רעפּאָרטערס־רעצענזענטן, וואָס קענען אײ־

בערגעבן דעם תוכן פון אַ ווערק ביז דער מדרגה פון אַ קריטיקער, פאַר וועמען די ליטעראַטור אַלס גאַנצע איז זיין טעמע און נישט נאָר די ליטעראַטור, נאָר אַלע אַנדערע קולטור־גייסטיקע דערשיינונגען, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער שעפערישקייט פון אַ פאָלק. צווישן קריטיקער זיינען אויך פאַראַן שרייבער „פון גאָטס גנאָד"...

אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז נאָך אַזאַ יונגער שפּראָץ אין דער פיל טויזנט־יעריקער יידישער שעפערישקייט, האָט דער קרי־טיקער געהאַט פאַר זיך קודם כל די אַרבעט פון צוגרייטן דעם לייענער, אים מחנך זיין, אויפקלערן און פאַר אים פאַרטייטשן. קריטיקער האָבן געמוזט ווערן לערער, אויפקלערן און נאָך און נאָך. דערפאַר זעען מיר, אַז אַלע באַדייטנדיקע ליטעראַטור־קריטיקער ביי אונדז, סיי פרישמאַן, סיי בעל מחשבות, סיי ניגער, סיי ריווקין זיינען נישט נאָר קריטיקער. זיי זיינען לערער, מחנכים.

ש. ניגער באַקלאָגט זיך אַלע מאָל, אַז מען מוז נאָך ביי אונדז לער־נען מיטן עולם דעם אלף־בית. פרישמאַן האָט געלערנט מיטן יידישן עולם אייראָפּעאישקייט. ב. ריווקין האָט זיך צעוואָרפן אויף אַזוי פיל ליטעראַרישע געביטן, אַז זיין ליטעראַטור־קריטישע אַרבעט, אין וועל־כער ער האָט באַוויזן אַזוי פיל גאונות און אָריגינעלקייט, האָט געליטן...

טרונק ליידט אויך פון דעם חסרון, וואָס ער האָט זיך געוואָרפן אויף אַלע געביטן פון ליטעראַרישער טעטיקייט. און נאָך אַ זאַך. טרונק האָט מיט דער זעלבער התמדה, וואָס ער האָט געלערנט די יידישע למו־דים, פאַרטיפט זיך אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער האָט געשריבן וועגן פּרץ און קנוט האַמסון, וועגן פּסיכאָלאָגיע פון יידישן סטיל און קונסט (עסייען־בוך „נאָענט און פרעמד", וואַרשע 1936). ער האָט געשריבן דערציילונגען וועגן גריכן און רוימער. ער האָט מיט ברען און גלויבן (ווי אַלע דעמאָלטיקע בית־מדרש־ און ישיבה־בחורים) געטרונקען פון די קוואַלן פון דער אייראָפּעאישער קולטור.

ערשט מיט זיין אויף דריי טיילן אויספלאַנירטן ווערק וועגן דער יידישער ליטעראַטור האָט זיך טרונק פאַרנומען אויפצושטעלן אַ דויערב־דיקן בנין. ער האָט זיך אָפּגעקערט פון לייכטער עסטעטיק, פון באַ־העמיענישע ליטעראַרישער שרייבעריי און גענומען שאַפן אַן אייגענעם מעטאָד, אַן עסטעטיש־קריטישע טעאָריע ווי צו מעסטן ליטעראַרישע ווערק און שרייבער. ער האָט זיך פאַרנומען אויפצושטעלן אַ סיסטעם, אַ פילאָזאָפיע פון קונסט און לויט דעם סיסטעם משפטן, אַנאַליזירן די שרייבער ווי ווייט זיי פאַרווירקלעכן די אידייע פון דער ליטעראַטור, ברענגען אַרויס דאָס גורלדיקע און וועזנטלעכע פון יידישן לעבן און

יידישן מענטשן.. ווייל, לויט טרונקן, איז דער שרייבער נישט קיין צו־פאַל, וואָס גאָט אָדער די געטער האָבן באַשאַנקען מיט טאַלאַנט נאָר אַ דיאַלעקטישע נויטווענדיקייט, וואָס דער געשיכטלעכער גורל פון פאָלק האָט אַרויסגערופן און וואָס טראָגט בעל כרחו זיין שליחות און פאָלגט אויס די באַפעלן פון די טיפערע כוחות, וואָס הערשן אין לעבן און וועלט. אין טרונקס סיסטעם פאַרנעמען נישט די שרייבער אַ פּלאַץ לויט זייערע טאַלאַנטן און שרייבערישן מהות, נאָר אויף ווי ווייט זיי פאַרטייטשן דעם היסטאָרישן גורל פון פאָלק. דאָס איז אַ פילאָזאָפיש־היסטאָרישער צוגאַנג להיפוך צום עסטעטיש ליטעראַרישן, אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישן...

ביי אַזאַ צוגאַנג קאָן אַ שרייבער פון קלענערן טאַלאַנט קריגן מער אָפּשאַצונג און אַנערקענונג ווי אַ מער טאַלאַנטירטער שרייבער, וואָס פּאַסט זיך נישט אַריין אין דעם סיסטעם. שרייבער קענען דערהויבן ווערן צו גרעסערע ליטעראַרישע שטאַפּלען ווי די צו וועלכע זיי זיינען באַרעכטיקט, אויב זיי טראָגן אויף די פּלייצעס אַ חשובע ליטעראַרישע שליחות. דער קריטיקער קאָן לייכט דערהויבן איינעם און מוריד זיין אַ צווייטן, אויב דאָס שפּילט אים אַריין אין די הענט. טרונק (און קריטיקער פון זיין סאָרט) קאָן נישט זיין אָביעקטיוו. טרונק איז אַן אידעאַליסט, אַ פּרציאַנער. ער איז אַ שונא פון נאַטוראַליזם אין דער ליטעראַטור. האָט ביי אים אַ שלעכטע מערכה, למשל, עוזר וואַרשאַווסקי. פאַר טרונקן איז וויסענבערגס רעאַליזם צו גראָב, צו האַמעטנע („שווערפעליק אין זיין טאָטאַליטעט מען זאָל אים קענען באַנעמען"...); ער, וואָס האָט אַזוי פיל צו זאָגן וועגן אַשס שטעטל, וועמענס וואָרט ווערט ממש פּאָעטיש און באַפליגלט, ווען ער רעדט וועגן אַשן, געפינט גאָרנישט צו זאָגן וועגן וויסענבערגס שטעטל. ער, וואָס ווערט גאָרנישט מיד צו דערהויבן שלום עליכמען, ער האָט באַשאַפן אַ גאַנצע פילאָזאָפיע — קאָן מען זאָגן — וועגן שלום עליכמען, האָט ווייניק וואָס צו זאָגן וועגן „זיידן" ר' מענדעלען.

ב. ריווקין האָט אַוועקגעשטעלט זיין אייגענע טעאָריע וועגן דער יידישער ליטעראַטור, אַז איר אויפגאַבע איז אויסצופירן אַ שליחות, ווערן אַ כמו רעליגיע און די חשיבות פון יידישן שרייבער דאַרף מען דערפאַר מעסטן דערמיט, ווי וואַזשנע דעם שרייבערס אַרבעט איז פאַר דער דאָזיקער שליחות, דעם ציל פון דער ליטעראַטור אַלס גאַנצקייט (נישט מיר יידן קענען זיך פאַרגינען קונסט לשם קונסט). ווי ווייט די שרייבערס טוען זייער הייליקע שליחות ווערן זייערע הענט געשטאַרקט און זייער טאַלאַנט קומט צו מזל ברכה. פונקט אַזוי איז טרונקס שאַצונג

פון דער יידישער ליטעראַטור (און אירע שעפערס) פאַרבונדן מיט דעם, ווי וויט זי שפיגלט אָפּ די אידייע פון דער יידישער געשיכטע, דעם יידישן היסטאָרישן גורל, דעם מהות פון יידישן פאָלק, דאָס אויסער־געוויינלעכע יידישע לעבן מיט זיין באַדנלאָזיקייט און נישט רעאַלקייט; דעם דאָן־קיכאָטישן יידישן מענטשן, וואָס פאַרגעסט אין קאַסרילעווקער בלאָטעס און פליט אין די עולמות העליונים...

דאָס דאָן קיכאָטישע, דאָס מנחם־מענדלשע פון דער יידישער גע־שיכטע האָט שטאַרק אָנגערעגט דעם פילאָזאָפיש דענקנדיקן טרונק. דערפאַר איז ביי אים שלום עליכם אַזוי דערהויבן איבער אַלע שרייבער, ווייל ער האָט צום טיפסטן אַריינגעדרונגען אין דער יידישער נשמה. ער האָט פשוט אויפגעמאַכט די טירן פון דער יידישער פסיכיק, וואָס זיינען ביז איצט געווען פאַרשלאָסן — זאָגט טרונק. אין זיין ערשט שלום עליכם־בוך גיט טרונק אָפּ דעם גרעסטן טייל פון בוך פאַר אַן אַנאַליז פון געשיכטלעך סאָציאַלן פּראָצעס, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם יידישן מענטשן, דעם יידישן מענטשן, וואָס איז קעניג און שנאָרער, דעם נשמה־יתרהדיקן ייד און דעם טאָרבע־ייד, דעם שטעקל־דרייער, דעם קאָפּ־און לופט־מענטש, וואָס האָט נישט קיין באָדן אונטער די פיס... דער זעלבער ייד איז אָבער אויך דער אייביקער אידעאַליסט און גלויביקער, דער ייד, וואָס גייט אויף קדוש השם און הערט נישט אויף צו גלויבן אין משיחס צייטן...

האָט זיך דער ייד פאַרמויערט אין אַ וועלט, וואָס האָט מיטן אַרומיקן לעבן אַ שייכות נישט געהאַט און דערנאָך, ווען עס איז געקומען די השכלה, די עמאַנציפּאַציע און די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט גע־זאָלט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן, איז אַרויסגעשוואומען די טראַגישע מחיצה צווישן רעאַלן לעבן און דעם עולם העליון פון יידישן געדאַנק... אָט די טראַגישע מחיצה זעען מיר אָפּגעשפּיגלט אין דער יידישער ליטעראַטור, דאָס איז, איבערגעגעבן על רגל אחת, דער אַנאַליז פון היסטאָרישן ייד, פון זיין וועג און מהות, וואָס טרונק אַנטוויקלט אין זיין טיפסטן קריטישן ווערק: שלום עליכם, זיין וועזן און ווערק (וואַרשע 1937). איך האָב שוין דערמאָנט, אַז ער האָט דאָ אין אַמעריקע אַרויסגעגעבן אַ צווייטן טייל: טוביה און מנחם מענדל אין יידישן וועלט־גורל (ציקאָ־פאַרלאַג, 1942). און די צוויי ש״ע־ביכער זיינען אַ טייל פון אַ טרילאָגיע פון וועלכער די ערשטע צוויי זיינען „אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ליטעראַטור״ און „צווישן ווילן און אוממעכטיקייט״.

טרונק איז נישט קיין סיסטעמאַטישער פאָרשער פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף אירע הויכפּונקטן,

געשטודירט אירע גרעזעצן און הויפּט־שטרעמונגען און זיך אָפּגעשטעלט אויף די צענטראַלע פיגורן. טרונק — קאָן מען זאָגן — שרייבט אַ פּי־לאָזאָפיע פון דער יידישער ליטעראַטור. ער שרייבט מיט אַ חסידישן ברען, מיט אַנאַליטישער שאַרפקייט, מיט אַ סך ערודיציע און עסטעטי־שער פאַרפייַנערונג. ווען ער פאַרלאָזט דעם וויסנשאַפטלעכן געשיכט־לעכן באָדן (וואו זיין שפּראַך איז אָפט אַ שווערע, אַן איבערגעלאָדענע מיט פרעמדשפּראַכיקער טערמינאָלאָגיע), ווען ער קומט צו רעדן וועגן די ליטעראַרישע פיגורן: פּרץ, שלום אַש, ווערט זיין שפּראַך יידישלעכער, ווערט זיין סטיל אָנגעוואַרעמט. דער פּאָעט־עסייאיסט, דער שעפערישער שרייבער באַקומט די אויבערהאַנט איבערן גריבלער, אַנאַליטיקער, פּי־לאָזאָף. אָט וואָס ער זאָגט וועגן אַשן:

„אַש רייסט די שיינע אידילישע בלומען, וואָס וואַקסן איבער די יידישע אָפּגרונטן, אָבער ער קוקט נישט אַריין אין די אָפּגרונטן... וואו פון דעם אידיליש האַרציקן יידישן לעבן האָבן זיך מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט אַרויסגעריסן די גרויסע טראַגישע קאָנפליקטן צווישן דעם יידישן לעבן און דער וועלט, דאָרט האָט שלום אַש אין אַ רעליגיעז מיסטיצירנדיקן פּאַטאָס די דאָזיקע קאָנפליקטן איבערגערוקט אויפן פּאָן פון היסטאָרישן קדוש השם. פון דער שווערער פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט זיך אַש אַרויסגעדרייט מיט דעקאָראַטיוון פּאָעטישן הערויאיזם. ער האָט דער היסטאָרישער יידישער אָרעמקייט אָנגעטאָן בונטע טעאַטראַלע מלבושים, געלאָזן פאַר אים אויפשפּאַלן טעאַטראַלע פּאַנפּאַרן און געלאָזט זי פּאַראַדירן"... („אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ליטעראַטור" — וואַרשע 1936).

טרונק האָט שלום עליכמען אַרויפגעשטעלט אויף דעם העכסטן שרייבערישן פּיעדעסטאַל. ער האָט אים אָנגעטאָן די קרוין פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט אים — לויטן מוסטער פון קאַרליילן און עמערסאָנען, אויסגעקליבן ווי דעם שרייבער, וואָס איז דער רעפּרעזענ־טאַנט, דער פירשפּרעכער און דער פאַרטייטשער פון זיין פאָלק.

ער האָט איינגעשפּאַנט זיין גאַנצע טיפע לומדות, סיי אייראָפּע־אישע, סיי יידישע, אויפצובויען דעם בנין שלום עליכם. ער דערציילט וועגן שלום עליכמען מיט פייער און דבקות ווי אַ חסיד וועגן אַ גרויסן רבין. אין זיין צווייטן שלום עליכם־בוך לערנט ער פּשוט שלום עליכמען פּסוק נאָך פּסוק און פאַרטייטשט פאַר אונדז די טיפע רעיונות און כוונות און רמזים, וואָס זיינען דאָרט באַהאַלטן...

איך האָב שוין געזאָגט, אַז טרונק, און קריטיקער פון זיין סאָרט, קאָנען נישט זיין אָביעקטיוו. זיי לאָזן זיך פירן און פאַרפירן פון זייערע

טעאָריעס און פאַרגעסן דעם פּסוק, וואָס זיי לערנען און הויכן אָן דרוש אויף דרוש, פּלפּול אויף פּלפּול. דער שרייבער איז פאַר זיי נאָר דער אויסגאַנג־פונקט. זיי פאַרמאָגן צופיל פאַנטאַזיע. דאָס זעען מיר זייער בולט ביי טרונקן.

מען קאָן נאָך צו טרונקן האָבן טענות, אַז ער טראָגט אַריבער צו לייכט די אמתן פון געשיכטע און פילאָזאָפיע אויף ליטעראַטור. היס־טאָרישע און פילאָזאָפישע אמתן זיינען נישט תמיד ליטעראַרישע אמתן. די אמתן פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטן זיינען נישט מער ווי סכעמעס, היפּאָטעזן און איבערטראָגן זיי פּשוטו כמשמעו אויף אַנדערע פעלדער איז נישט דערלאָזבאַר. אַז טרונק טראָגט אַריבער פּסיכאָאַנאַליטישע אָדער היסטאָריש־סאָציאָלאָגישע טעאָריעס אויפן ליטעראַרישן פעלד און בויט דערויף ווי דאָס וואָלט געווען תורה מסיני, איז דאָס פאַרפירעריש. דאָס איז דרוש, פּלפּול, וואָס זיינען אפשר באַרעכטיקט אין אַ ספּעקולאַטיוון עסיי. טרונק וואָלט זיך געמעגט לערנען זיין פאָרזיכטיק ביי זיין לערער פרוידן, וועלכער חזרט אַ סך מאָל איבער, אַז ער שטעלט נאָר אַוועק אַ טעאָריע אָדער היפּאָטעזע. טרונק אָבער שטעלט אַוועק וויסנ־שאַפטלעכע און פּסיידאָ־וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס ווי זיי וואָלטן געווען די העכסטע אמתן. קאָן זיין, אַז ווייל ער איז אַ ייד, אַ חסיד, אַ גלויביקער און אַן אידעאַליסט און נישט אַן עמפּיריציסט, אַ סקעפּטיקער, איז ליב־שאַפט צו ווייטגייענדיקע השערות, צו תלמודישע סברות, צו פּלפּול, אין אים טיף איינגעוואָרצלט.

אפשר דערפאַר איז ער אַ „נאַטירלעכער" עסיי־שרייבער.

טרונקס עסיי האָט די קאָמפּאַקטקייט אויב נישט דעם צמצום פון אַ דורכגעטראַכטן געדאַנק, די גאַנצקייט און אייניקייט, וואָס אָט דער ליטעראַרישער זשאַנער מוז האָבן. אַ גוטער עסיי איז אַ סינטעז פון דורכגעטראַכטער און דורכגעפילטער קאָמפּאָזיציע, וואָס שפּיגלט אָפּ איר שאַפערס פערזענלעכקייט און טעמפּעראַמענט. דאָס איז זייער נאָענט צו דער דעפיניציע פון קונסט: נאַטור, געזען דורך טעמפּעראַמענט. און דער גוטער עסיי איז טאַקע אַ הויך־קינסטלערישע פאָרם. זייער ווייניק שרייבער דערגרייכן זי אָדער באַהערשן זי. אונדזער יידישע לי־טעראַטור איז זייער אָרעם אין דעם פעלד.

טרונק איז איינער פון די געציילטע ביי אונדז אויף דעם געביט. דער עסיי איז ווי צוגעפּאַסט צום סאַמע עצם פון זיין טאַלאַנט.

אָבער זיין נטיה צו דרוש און פּלפּול זיינען אים אויך דאָ עלול צו פאַרפירן. ער לאָדט צומאָל איבער זיין עסיי און פירט איבער איר גאַנצ־קייט. די הנאה פון אַן עסיי קומט נישט נאָר פון די אידייען, נאָר אויך

פון דער פאָרם ווי אַזוי ער איז אָנגעשריבן. ער מוז געבן אַ ריין ליטע־ראַרישע הנאה און נישט נאָר געדאַנקלעכע סטימולירונג. דער גוטער עסייאיסט מוז רעדן צום לייענערס קונסט־געניסערישער נשמה, נישט נאָר צו זיין מוח. נישט אַלע עסייען טרונקס זיינען פון דער דאָזיקער מדרגה. לאָמיר נעמען זיין עסיי וועגן איוב און זיין עסיי וועגן אַנטי־סעמיטיזם. מ׳ווערט אין דעם לעצטן אפשר מער זאַכן געוואָר, ס׳איז דאָרט דאָ מער לומדות, אָבער ס׳פעלט דאָס אייגענע, די פּאַרטיפּטקייט, אָריגינעלקייט און אייגנאַרטיקייט, וואָס לייגן אַרויף דעם שרייבערס חותם אויף זיין ווערק. ווי אין יעדן אמתן קונסטווערק (אין וועלכער ס׳איז פאָרם) האָבן מיר הנאה מער פון אַלץ פון דער אייגנאַרטיקער שעפערי־שער פערזענלעכקייט. אַזאַ טיפע הנאה האָב איך געהאַט פון זיין עסיי „דיאַלאָגן אויפן שלאַכטפעלד״, וואו דער שרייבער ברענגט אַרויס אויף אַ געוואָגטן און אייגנאַרטיקן אופן זיין פילאָזאָפיע, זיין אידעאַליסטישן וועלט־קוק, באַפעפערט מיט הומאָר און סאַטירישער זעלבסט־אָפּלאַ־כעריי...

ס׳איז איינער פון די בעסטע יידישע קינסטלעריש־פילאָזאָפישע עסייען, וואָס ברענגט אַרויף אויפן זכרון דעם בליציקן געדאַנקן־שפּיל פון ד״ר קאָראַלניקס אַן עסיי. טרונקס עסיי האָט אָבער מער אייגנס, איז ווײ־ניקער עקלעקטיש ווי ס׳איז געווען ד״ר קאָראַלניקס און מער יידיש פאַרוואָרצלט. איך וויל איבערחזרן — ווייל ס׳איז ביי אונדז מיט אונדזער טראַדיציאָנעלן דרך־ארץ פאַר לומדות נישט אַזוי קלאָר פאַר יעדן אַז אַן עסיי איז אַ קינסטלערישע שאַפונג און נישט קיין פאָרשונג אָדער אָפּהאַנדלונג. ווי אין יעדער קינסטלערישער פאָרם, האָט אויך אין עסיי דער אויפבוי, די קאָמפּאָזיציע, די ריין סטיליסטישע פאָרם, די מיסטיש־עסטעטישע הנאה, וואָס איז דער קענצייכן פון דעם, וואָס מיר רופן קונסט, פון אַ סך מער באַדייט ווי די גרינטלעכסטע לומדות. איך וויל נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט לומדות און תורה, אָבער דאָס איז אַן אַנדער געביט, נישט ליטעראַטור...

כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווייניקער באַקאַנטן טייל פון טרונקס אויפטו ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער און אַן עסייאיסט כאָטש טרונק האָט אין אַמעריקע אין דעם לעצטן צענדליק יאָר זיך ס׳רוב אָפּגעגעבן מיט בעלעטריסטישער מעמואַריסטישער אַרבעט.

ס׳וועט אויסקומען מאָדנע צו נעמען זיך כאַראַקטעריזירן אַ שרייבער, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויף אַזאַ וויכטיקן טייל פון זיין אַרבעט, וואָס האָט נאָך דערצו געהאַט אַזאַ גרויסן סוקסעס, ווי מען זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע. אָבער איך האָב באַלד אין אָנהויב געזאָגט, אַז איך גלויב,

אַז די חשיבות און אייגנאַרטיקייט פון שרייבער טרונקן ליגט נישט אַזוי אין זיינע אימאַזשינאַטיווע שאַפונג־פעאיקייטן, ווי אין זיין אינטעלעקטועלער קרעאַטיוויקייט אַלס דענקער: זיין אופן דענקען איז כאַראַקטעריסטיש יידיש מיט דער ספּעציעלער פּויליש־יידישער אייגנשאַפט צו פּאַרפּליען אין פאַנטאַסטיק, אין גוזמא, אין אַן אייגנאַרטיקער רעליגיאָזיטעט, וואָס איז פון דער רעאַלער וועלט אָפּגעקערט. טרונקס נטיה צו גוזמאדיקער פאַנטאַסטיק קומט אויך בולט אַרויס אין זיין בעלעטריסטיק. וואָס איז דאָס טיפסטע און אַזוי ספּעציפיש־יידישע אין טרונקן, איז זיין גייסטיק־מאָראַלישער קוק אויף וועלט און מענטש...

אין זיינע גאָר לעצטע עסייען ווערט דער אַלטער ייד — ווי טרונק האָט זיך מיט זיין איראָנישן קלוגן שמייכל איצט ליב צו רופן — מער און מער פילאָזאָף מעטאַפיזיקער. דער אין זוהר פאַרקאָכטער אַלטער חסיד ווערט אַלץ בולטער. דאָ איז ער כולו ערנסט, אין אַבסטראַקטן זיך גריבלענדיקער אמת־זוכער, תוך־זוכער. ער וויל כלערליי אמתן געפונענע אין זייגע כסדרדיקע פילאָזאָפישע זוכענישן פאַרשמעלצן, צונויפקניפּן אין אַ סיסטעם און באַקרוינען דאָס אַלץ מיטן יידישן אחד. דער טרונקישער פילאָזאָפישער עסיי הגם אַן עקלעקטישער אָבער דאָך אייגנאַרטיקער, אַנגעקליידט אין אַ סך שווערער מעטאַפיזישער עברי, איז איצט טרונקס בולטסטע שאַפונג, זיין שוואַנען־געזאַנג.

ווען מ׳שטייט מן הצד, קריטיש־אָפּגעווייטערט, וואָלט מען געקאָנט זאָגן אַז ס׳זיינען אין דעם געקעכץ צופיל זאַכן אַריינגעבראַקט און ס׳פעלט דאָס ביסל זאַלץ פון איראָניע וואָס טרונק פאַרמאָגט גראָד דערפון אַ היפּש ביסל. דאָס ביסל טייערן זאַלץ האַלט טרונק אָבער אפנים באַהאַלטן פאַר אַנדערע פּאָטראָוועס. אין זיינע פילאָזאָפישע עסייען איז ער צופיל אמת און גאָט זוכער, צופיל קנאַי׳דיקער ייד צו באַזאַלצן און באַפעפערן זיי מיט איראָניע, וואָס וואָלט זיי געמאַכט באַטעמטער פאַרן גומן נישט נאָר שפּייז פאַרן מוח.

זיין איראָניע, זיין הומאָר, אַלע זיינע בעלעטריסטישע פעאיקייטן האָט טרונק אַריינגעטאָן אין איבערשאַפן די יידישע פאָלקס־מעשה. דאָרט איז ער אויס פילאָזאָף, כולו קינסטלער — איראָניש צעשמייכלט, פאַרשכורט ממש פון די רייכע אוצרות וואָס ליגן באַגראָבן אין די פּשוטע פאָלקס־שאַפונגען. טרונק וואַרפט זיך מיט ברען אויף דער פּשוטער פאָלקס־מעשה, נעמט זי אַרומשפּינען מיט הומאָר, מיט איראָניע, אַרומטאַנצן אַרום איר, פּוצן און סטראָיען זי, אויסשיילן פון איר טיפע כוונות, פאַרבאָרגענע שיינקייטן. ער וויזט דערביי אַרויס גרויסע נאַראַטיווע כוחות, אַ סך פאַנטאַזיע און דערפינדערישקייט. דער קינסטלער אין אים

וואָס האָט ליב שאַרזש און גוזמא און איבערגעלאָדענע באַראָקישע מאָ־לעריי (מיט וועלכע עס ווימלט אין די שילדערונגען אין „פוילן") האָט אין דער פאָלקס־מעשה און דעם רייכן פאָלקס־לשון געפונען אַ קוואַל פון אינספּיראַציע.

ס'איז אַ פאַרגעניגן צו זען ווי דער שווער פאַרמוחטער מעטאַפיזי־קער איז אָנגערעגט געוואָרן פון דער פאָלקס־פאַנטאַזיע צו ווערן שפּי־לעוודיק און חדוהדיק ווי אַ קינד. טרונק האָט אין דער יידישער פאָלקס־מעשה, געפונען ניטשעס טאַנצנדיקע, פריידיקע פילאָזאָפיע. ער האָט אין דער פאָלקס־מעשה געפונען די „גאַיאַ סציענצאַ", די לוסטיקע חכמה וועגן וועלכער ניטשע רעדט. דער מעטאַפיזיקער קאָן זיך דאָ אָפּרוען פון זיינע שווערע מעדיטאַציעס איבערן אחד, פאַרפליען אין די אויס־געטראַכטע וועלטן פון — פאַנטאַזיע, אַוועקפליען צו — די רויטע יידעלאַך, אַריבער דעם אייביק שטורעמדיקן סמבטיון, אַריין אין פּאַ־לאַצן פון מלכים, שררות, שדים און שד'עכעס, אין דער וועלט „פול מיט נסים" (דער נאָמען פון זיין לעצט בוך).

אין דער הקדמה צו דעם בוך רעדט דער פילאָזאָף טרונק, וואָס רעדט אַזוי: „אין דעם עיגול פון יוגענטלעכע געשעענישן אין וועלכן עס לעבט דאָס פּינטעלע מאָמענט פון אונדזער אָנזעעוודיק מענטשלעך לעבן — דאָרט זעען מיר נישט אין ערגעץ דאָס וויגל וואָס מיר זיינען מכלומרשט געלעגן אין די ווינדאַלאַך פון אַ פּרימיטיוו" — אָבער אין דעם פּאָעטישן אַריינפיר „פיר מעשיות" רעדט טרונק גאָר אַן אַנדער לשון. ס'שוין גאָר אַן אַנדער טרונק. „מיר דערציילן ריינעם אמת ויציב ניט צופיל און ניט צו ווייניק, כדי צו פאַרשאַפן אייך תענוג. אויב מיר מאַכן אייך ס'געגנאַרן — במעלליו יתנכר, אַז דער מחבר איז מגזם און משקר זייט קלוגע יידן זאָל עס אייך נישט אַרן! האָט איר אַ דאגה".

אונדז אַרט נישט. מיר האָבן נישט קיין דאגה. פאַרקערט. ס'איז אונדז שטאַרק צום האַרצן ווען טרונק שטייגט אַראָפּ פון זיין פילאָזיפישן מרכבההדיקן פייער־וואָגן און נעמט אונדז אויף אַ יאַזדע מיט בוידן און סוסים פאָרן אויף אַלערליי יאַרידן.

# דוד בערגעלסאָנס נייע דערציילונגען

פון דוד בערגעלסאָנס לעצטע דערציילונגען, צו וועלכע מ׳גיט זיך אַ נעם אומגעדולדיק דערוואַרטנדיק אַ סך נחת־רוח, בלייבט מען אַן אַנטוישטער. בערגעלסאָן האָט אַרויסגעלייגט קייטן אויף זיין מוזע. ער לאָזט נישט זיין שעפערישקייט אַרבעטן פריי, „פליען וואוהין זי וויל״. אַ סאָוועטישער שרייבער האָט געמוזט אין די נאָך־מלחמה יאָרן שרייבן אויף דער טעמע: דער סאָוועטישער בירגער נאָך דער מלחמה. פאַר בערגעלסאָנען איז אַ טעמע אַ גרויסער מכשול ווייל ער איז נישט קיין מעשה־דערציילער, ווי ס׳רוב אונדזערע בעלעטריסטן, וואָס זיינען פאָלקס־דערציילער. בערגעלסאָן איז אַ קינסטלערישער איבערדיכטער פון דער אַזוי גערופענער לעבנס־ווירקלעכקייט, אַ מייסטערהאַפטער סקולפּטאָר פון כאַראַקטער. זיין מוזע וואָרצלט אין אונטערבאַוואוסטזיין, אין די דערפאַרונגען און איבערלעבונגען וואָס זיינען פאַרזונקען אין די טיפע־נישן, אין פאָלקס־זכרון. ער איז נישט קיין רעאַליסט. ער איז אַ סור־רעליסט (איך אַנטליי זיך דעם טערמין פון מאַלעריי) ד. ה. ער נעמט אַרויס די יאָדרע פון דער ווירקלעכקייט. ער שילדערט נישט און מאָלט נישט די אָבזערווירטע לעבנס־ווירקלעכקייט, ער גיט נישט די פלאַכע פאָטאָגראַפיעס פון די רעאַליסטן. ביי אים קומען אַרויס קלאַנגען און פנימער און העויות פון מענטש אָנגעלאָדן ווי אַ נעץ וואָס האָט געשטעקט אין דער ים־טיפעניש. זיינע נאַטורבאַשרייבונגען זיינען קאָנדענסאַציעס. זיי האָבן די עסענץ פון נאַטור פּלוס מענטש, פּלוס איבערלעבונג. ביי אים האָט אַן אָסיענדיק רעגנדל דעם ספּעציפישן קאָליר און געפיל פון יידישן שטעטל. מען דערזעט דעם הימל וואָס איז געלעגן איבערן יידישן שטעטל און מען דערפילט דעם נשמה־צושטאַנד וואָס אַזאַ רעגנדל איז עלול געווען אַרויסצורופן ביי דורות יידישע שטעטל־מענטשן. אין אַ העוויה פון אַ מענטש, אַ מרוק, אַ ווערטל — ביי בערגעלסאָנען רעדן מענטשן מיט אָפּגעהאַקטע האַלבע ווערטער, אָדער מיט ווערטלעך, מיט חכמהלעך, אין וועלכע עס שטעקט זייער גאַנצע וועזנטלעכע לעבנס־דערפאַרונג — ליגט די ירושה פון דורות, ווי אַ פּאַטינע וואָס אַלט

מעש נעמט אָן אויף זיך. אין דעם מיט גרינער אַלטער פּאַטינע באַלעגטן מעש סקולפּטורירט בערגעלסאָן זיינע פיגורן אין מענטשעלעך און גע־שטאַלטן מיט שפּילערישקייט און פאַנטאַזיע און בייז־ביטערן הומאָר. ווי דער בייזער גאָט פלוטאָ, האַמערט ער אין זיין אונטערערדישער קוזשניע. זיינע פיגורן קומען אַרויס צעקרימט און גראָטעסק, אַזוי ווי דער קאָוואַל וואָלט נישט געזשאַלעוועט קיין איבעריקן קלאַפּ מיטן האַמער אין זיין שטאַרקער רוגזה... אָבער זיי זיינען אמת און עכט און וואָגיק.

בערגעלסאָן איז נישט תמיד געווען דער מענטש פון דער טיף. ער איז אַמאָל געווען אַ ליריקער און אַטמאָספער־מאָלער, שיר נישט ווי שלום אַש אָבער אָן אַשס צעיאַכמערטער, ראָמאַנטישער יום־כיפּור יידישקייט. אַזאַ איז ער, בערגעלסאָן, נאָך געווען אין „נאָך אַלעמען", אָבער שוין דאָרט איז די אַטמאָספער געווען שטייפער, גליווערדיקער. אין זיינע דערציילונגען און אין זיינע מייסטערווערק „ביים דניעפּר" און „פּענעק" — אַ מאָנומענטאַל ווערק וואָס וואַרט נאָך אויפן קריטיקער וואָס זאָל עס אָפּשאַצן, — וואַקסט בערגעלסאָן אויס צו אַ גרויסן קינסטלער־דערציילער, אַ גוואַלדיק אייגנאַרטיקן כאַראַקטער־שאַפער. אין אייגנאַרטיקער פאַרטיפטער כאַראַקטער־שאַפונג איז ער אַ יחיד במינו, ווייל כאַראַקטער־שאַפונג איז אין אונדזער נאָוועליסטיק אָדער כמעט נישט בנמצא אָדער זייער פּרימיטיוו (פּרימיטיווע אָדער בכלל נישט פאַראַנענע כאַראַקטער־שאַפונג איז אַ קענצייכן פון אַ פאָלקס־דערציילער). דערפאַר דאַרף מען נאָך מער באַוואונדערן בער־געלסאָנס דערגרייכונג. ער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט ביי אונדז. מיר האָבן נאָר איין ערשט־ראַנגיקן קינסטלער־פּראָזאַאיקער — און דאָס איז בערגעלסאָן, וועלכער קען זיך פאַרמעסטן מיט די חשובסטע פּראָזע־קינסטלער ביי די אומות העולם. און ער איז טיף יידיש, טיף נאַציאָנאַל, כאָטש ער טראָגט נישט זיין יידישקייט ווי אַ פאָן, אָדער ווי צוגעטשעפּעטע באָרד און פּאות. ער איז אַ טיף יידישער קינסטלער ווייל יעדער באַדייטנדער קינסטלער איז טיף פאַרוואָרצלט אין זיין פאָלק און פאָלקס־נשמה.

וועגן דוד בערגעלסאָן איז דאָ אַ סך צו רעדן און מען ווייסט נישט צו וואָס זיך צוערשט צו כאַפּן. פון וואָס זאָל מען צוערשט שרייבן, וועגן זיין סטיל, דעם ספּעציפישן סטיל וואָס ער האָט באַשאַפן, אָדער זיין טעכניק, זיין אופן פון אויפבויען אַ דערציילונג וואָס מ׳קען דערקענען פון ערשטן זאַץ? אָדער זאָל מען צוערשט שרייבן וועגן זיין דיאַלאָג וואָס איז, ווי ביי דאָסטאָיעווסקין, דער שליסל צו אַ כאַראַקטער, אָדער

בערגעלסאָנס כאַראַקטערן, וואָס קענען זיי זיינען שלום אַשס — פיקציעס, טעאַטער־פיגורן, פּאַפּירענע מענטשעלעך; וועגן דעם אַלעמען דאַרף מען שרייבן אַ גרויסע אָפּהאַנדלונג. איך וועל זיך איצט אומקערן צו מיין אייגנטלעכער טעמע, צו בערגעלסאָנס לעצטע דערציילונגען, וועגן וועלכע איך האָב שוין אין אָנהייב געזאָגט, אַז מען בלייבט פון זיי אַן אַנטוישטער נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז נאָך אַלץ בערגעלסאָן, אָדער אפשר טאָקע דערפאַר...

די דערציילונגען זיינען מעכאַניש צונויפגעשטעלט געוואָרן, ס׳איז רוטין־אַרבעט. בערגעלסאָן מוז זיך האַלטן אין דער ליניע, ווי אַלע סאָוועטישע שרייבער, און ער האָט שוין נישט די אַמאָליקע כוחות און אַרבעט שוין מער מיט דער האַנט ווי מיטן האַרץ און קאָפּ, ד. ה. ער נוצט שוין זיין טעכניק און סטיל, אַרבעט ווי אַ געניטער טעכניקער וועמעס פינגער אַרבעטן שוין פון זיך אַליין... ס׳איז נאָך אַלץ אַ מחיה אים צו לייענען, ס׳איז נאָך אַ פאַרגעניגן צו באַטראַכטן זיין סאָלידע בויאונג, די געדיכטע אָנגעלאָדנקייט פון זיין סטיל, די פאַרטיפטע אַטמאָספער מיט וועלכער ס׳אָטעמט זיינס אַ דערציילונג...

אָבער צום סוף פון איעדער דערציילונג דערפילט מען אַז זי איז געמאַכט געוואָרן, אַז דער שרייבער האָט זיך באַוואוסטזיניק אַריינגעמישט און פאָראויס באַשטימט וואוהין זיין דערציילונג וועט גיין... ער איז נישט נאָר געווען אַ שעפער, נאָר אויך אַ צענזאָר איבער דער כשרות פון זיין פּראָדוקט. מ׳בלייבט כסדר אַן אַנטוישטער ווען בערגעלסאָן פאַרענדיקט, ווען מ׳דערזעט וואוהין ער צילט. נישט ווייל דער אויספיר טויג נישט אָדער איז צוגעטשעפּעט. ניין, בערגעלסאָן איז צופיל מייסטער נישט צו מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט, אָבער — זיין „גאַנץ האַרץ" איז נישט געווען ביי דער אַרבעט...

די ערשטע דערציילונג, וועלכע איז שוין געווען באַקאַנט אַ סך לייענער אין אַמעריקע און אַפילו שטאַרק געלויבט געוואָרן, איז אַן עכט־בערגעלסאָנישע דערציילונג מיט נשמה־גריבלעריי און כאַראַקטער־שאַפונג, אָבער ס׳פעלט די אומדערוואַרטקייט פון דער אַנטוויקלונג, ס׳איז נישט אָנגעוואָקסן קיין פלייש און ביינער און הויט אויף אירע באַשעפענישן. בערגעלסאָן דערציילט וועגן אַ קאַווקאַזער באַרג־איינוואוינער, אַ ייד (זיין יידישקייט איז דאָ צופעליק, אָן באַטייט) וועמען די דייטשן האָבן געכאַפּט און געמאַכט פאַר זייער וועגווייזער וואָס זאָל זיי אַרויספירן פון די בערג ווען זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט. ער פאַרפירט זיי אין אַ פאַסטקע — און זיי קומען אום. דער העלד קומט אַרויס — דער זיגער. כאָטש מ׳לייענט די דערציילונג מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם,

בלייבט מען צום סוף אַ נישט באַפרידיקטער. די דערציילונג איז צו כ׳רוקן, צו אינטעלעקטועל. אַלע מעגלעכקייטן פון דער טעמע זיינען נישט רעאַליזירט געוואָרן.

אָט איז זייער אַ גוטע דערציילונג, „דער סקולפּטאָר״, כאָטש אַ ביסל צעצויגן אָבער מיט אַ סך עכטע און קרעפטיקע בערגעלסאָנישע שטעלן. בערגעלסאָן ברענגט גוט אַרויס דאָס געפיל פון חורבן, די שטימונגען פון שרעק און שוידער וואָס נעמט אַרום די צוריקקומענדיקע צו זייערע חרובע און פאַרוויסטע היימען. אָבער אויך דאָ ווערט דאָס געשטאַלט פון טויבן פאַרוקמאַכער, דער פאָטער פון סקולפּטאָר, קאַליע דורך טענדענציעזקייט. ס׳איז נישט גענוג אַרויסצוברענגען דעם טראַגיש אומגעקומענעם יידן, נאָר מ׳מוז אָנגעבן אין יחוס אַז ער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן און געטראָגן דינאַמיט פאַרן אונטערגרונד... די טענדענציעזקייט קריכט אַפיר ווי וואַטע פון אַן אַלטן מאַטראַץ.

און אָט איז די יונגע דאָקטאָרשע, וואָס די האָר זיינען ביי איר „ממש ווייס, ווי די האָר ביי אַ פּידל שמיטשעק, אירע קיילעכדיקע ראָזלעכע באַקן זיינען דורכאויס באַשאָטן מיט גאָר גאָר דריבנע קנייטש־לעך וואָס זעען זיך קוים אָן לעבן איר קליינעם מויל, גייען זיך די באַקן פאַנאַנדער ווי אונטער זיי וואָלט זי תמיד האַלטן צוויי האָזענע ניסלעך. אַלע אירע תנועות זיינען נישט קיין איילנדיקע און נישט קיין פּאַמע־לעכע.״... (מחיהדיקע בערגעלסאָנישע פּראָזע!) אָט די ניוטע, די קינ־דער־דאָקטאָרשע מוז ווערן די געשיכטע־שרייבערין פון דער גאַנצער משפּחה. „גראָד זי״ (אַזוי הייסט טאַקע די דערציילונג) — די סאָוועטישע דאָקטאָרשע.

און אָט איז אַ דערציילונג וועגן אַ יידן מיט אַ ווייב און טאָכטער, וואָס קומט אָן ערגעץ אין אַ ביראָבידזשאַנער ווילדערניש ווי אַ באַן־שומר... דער ייד ווערט צוביסלעך אַ תושב, ווי זיין גויאישער איינגע־זעסענער שכן — אויך אַן אָנצוהערעניש...

די אַלע דערציילונגען, געשריבן נאָך אַלץ אין דעם אמתן בער־געלסאָנישן סטיל, אָבער אָן דער טיפער שעפערישער עכטקייט פון דעם אַמאָליקן בערגעלסאָן, וועקן אַ סך טרויעריקע נאָכטראַכטענישן וועגן קונסט וואָס מוז טאָן שליחות, וואָס מען האָט אויף איר אַרויפ־געצוואונגען.

# ישעיהו שפּיגעל, דער קינסטלערישער שילדערער פון געטאָ־לעבן

ווען ס׳האָט גענומען דערשיינען די „חורבן־ליטעראַטור״, ווען פּראָזאַאיקער האָבן גענומען שרייבן דערציילונגען און פּאָעטן דיכטן לידער וועגן דער אומגעבראַכטער יידישער וועלט, האָט זיך אויפגעהויבן אַ דיסקוסיע: איז עטיש צו שפּילן זיך מיט גראַמען אָדער גריבלען זיך אין גרויל־פּסיכאָלאָגיע, ווען מ׳שטייט פאַר אַזאַ קאַטאַסטראָפע? איז דאָס נישט אַ חלול השם דער גאַנצער קאַזיאָנער קונסט שולחן ערוך; איז דאָ קונסט נישט פאַרשוועכונג? בפרט ווען זי ווערט פּראָדוצירט פון די וואָס זיינען „אין טרעבלינקע נישט געווען״ און קומען איצט פאַרגיסן ליטעראַרישע טרערן... ווען דאָס אומגליק איז אַזוי גרויס, איז נישט פּאַסיקער און דער איינציק מעגלעכער ענטפער: פאַרגראָבן דעם קאָפּ און שווייגן? ווער וועט גלויבן אין עכטקייט פון שרייבערס צער אַז ער פאַרנעמט זיך מיט וויזן ליטעראַרישע קונצן?

פון דער צווייטער זייט האָט מען געפרעגט: וואָס דען זאָל דער שרייבער טאָן? ווייטער שרייבן ווי די פייגעלעך טרילערן?

אַ קלוג וואָרט האָט אַריינגעוואָרפן אין דער דיסקוסיע לאַמעד שאַפּיראָ — שאַרף־איראָניש ווי זיין שטייגער:

— „מעשה ידי טובלים בים ואתם אומרים שירה — דאָס איז אויך ליטעראַטור״ („דער שרייבער גייט אין חדר״).

אמת טאַקע — ליטעראַטור ווערט היינטיקע צייטן פּראָדוצירט (אי־בער דער גאַנצער וועלט) פון ליטעראַטן בעלי־מלאכות אַזוי, אַז דאָס וואָרט ליטעראַטור האָט שוין באַקומען אַ בייגעשמאַק פון נישט עכטקייט, פון עפּעס אַ גענאַרטער זאַך; מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן אַז די קינות זיינען אויך ליטעראַטור און תהלים איז אויך ליטעראַטור און איכה האָט אַן אויסגעהאַלטענע קינסטלעריש־ליטעראַרישע פאָרעם.

דאָס אמתע ווערק פון קינסטלער וואָס האָט איבערגעלעבט דעם ים פון פּיין און גרויל און אַרויסגעקומען מיט אַן עכט קינסטלעריש ווערק איז דאָס איינציקע מעגלעכע פאַרן מענטשן צו טאָן. אָבער אַז אונדזער

גרויסע פאָלקס־טראַגעדיע ווערט גענוצט פון שרייבער ווייל דאָס איז איצט די טעמע, איז דאָס אַ פאַרשווערכונג. יעדער שרייבער וואָלט זיך באַדאַרפט פרעגן: בין איך ראוי, בין איך בכוח וועגן דעם צו שרייבן? איך האָב געהערט איינעם פון אונדזערע בעסטע פּאָעטן זאָגן: איך קאָן וועגן דעם נישט שרייבן. אַנדערע שרייבער פילן אפשר אַז זיי טוען זייער נאַציאָנאַלע פליכט. אָבער ליטעראַטור שרייבט מען נישט אויף באַפעל אַפילו ווען די כוונה איז די בעסטע...

וועגן שרייבער וואָס דערציילן וואָס זיי האָבן אַליין געזען און דורכגעלעבט איז אַן אַנדער ענין. זייער אַרבעט איז ווערטפול און וואַזשנע אַלס היסטאָרישער דאָקומענט ווי אומבאַהאָלפן זי זאָל נישט זיין, ווי ווייניק ליטעראַרישע כוחות דער שרייבער זאָל נישט פאַרמאָגן. צו די שרייבער פילט דער קריטישער לייענער, אַז ער טאָר נישט אָנווענדן דעם קריטישן מדת־הדין. ער לייענט זיי אַ פאַרציטערטער. ער פילט אַז ס׳נישט שייך צו קומען דאָ מיט ליטעראַרישער שאַצונג ווען „דאָס בלוט פון דיין ברודער שרייט צו דיר פון דער ערד". דער קריטישער חוש ווערט אָפּהענטיק. אַלץ וואָס דער עד ראיה דערציילט איז ווערטפולע כראָניק, אַ דאָקומענט, אַ זכר לדורות, אַפילו ס׳איז נישט קינסטלערישע שאַפונג וואָס פאַרלאַנגט אָפּוייטערונג, דיסטאַנץ, אָפּגעקילטקייט, ישוב הדעת.

ווען ס׳קומט צו ישעיה שפּיגלען דאַרף מען שוין גאָרנישט מינערן פון מדת־הדין. פאַרקערט, מען טראַכט: וואָס פאַר אַ קראַפט איז אים בייגעשטאַנען אַז ער איז פון דעם תהום וואו ער האָט געלעבט מיט זיינע „העלדן" אַרויסגעקומען מיט אַזאַ גייסטיקער גבורה, אַז די יאָרן פון דער שוידערלעכער מאַרטיראָלאָגיע האָבן ביי אים נישט אָוועקגערויבט דעם כוח זיך צו קענען דערהייבן איבער דעם איבערגעלעבטן און פאַרמירן עס קינסטלעריש? לייענענדיק זיינע מייסטערישע בילדער פון געטאָ, זאָגט איר צו זיך מיט באַוואונדערונג: דאָס אומגלויבלעך־קאָשמאַריקע, גיהנומדיקע לעבן וואָס מאַכט דעם לייענער אויפציטערן און אויפשוידערן, האָט נישט איינגעבראָכן דעם שרייבער, נישט צעקרישלט ביי אים זיין גלויבן וואָס איז נייטיק פאַר שעפערישער אַרבעט. דער דערציילער האָט אין ים פון פּיין געמייסטערט זיין ווערקצייג, געפעסטיקט זיין גלויבן, אַרויסגעקומען אַ רייכער קינסטלער, מיט אַן אייגענער פילאָזאָפיע, אַן אייגענעם קוק, וואָס שיינט אַרויס פון יעדער שורה זיינער.

אַנדערע געטאָ־דערציילער גיבן אונדז לרוב פאָטאָגראַפישע, מיט גרויל־דעטאַלן איבערגעלאָדענע בילדער, וואָס ווירקן פיזיאָלאָגיש אויף די נערוון, נישט אויף דער נשמה. דער שרייבער אַליין זאָגט אונדז גאָרנישט. די געשעענישן וואָס ער מאָלט בלייבן אומבאַגרייפלעך, ווייל זיי זיינען

נישט מענטשלעכע; זיי זיינען פון „יענער זייט גוטס און שלעכטס״. שפיגל מיידט אויס דאָס צו שטאַרקע (וואָס ס׳איז נישט מעגלעך קינסטלעריש אויסצונוצן); צום טראַגישן בילד וואָס ער מאָלט גיט ער צו, אָדער בעסער געזאָגט, ס׳קומט אַרויס — ווייל ס׳איז נישט קיין באַוואוסטזיניקער פּראָצעס — דעם שרייבערס פּירוש. נישט מיט אַ מוסר־השכל וואָס אַן אַמאָליקער שרייבער פלעגט צולעגן צו זיין סיפּור, נאָר דורך זיינע ספּעציפישע פאַרבן, זיין אייגנאַרטיקער קאָמפּאָזיציע גיט אונדז שפּיגל נישט גלאַט אַ בילד פון געטאָ לעבן, נאָר אַ דערציילונג, וואָס האָט אַן אייגענע שפּראַך, טעם און פילאָסאָפיע.

דאָס אומדירעקטע, דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע אָדער נישט דערזאָגטע, ווירקט שטאַרקער ווי דאָס דירעקטע. אין שפּיגלס צווייטן געטאָבוך איז דאָ אַ דערציילונג „ניקי״. ס׳איז הפּנים דער אָנהייב פון דער ממשלת זדון, ווען דער דייטשער מערדער האָט ערשט אויספּרובירט זיינע מערדערישע הענט.

די דייטשן האָבן געהייסן אָפּגעבן אַלע הינט פון געטאָ, ברענגען זיי צופירן צו אַ זאַמל־פּלאַץ. אַן אַלטיטשקע פירט איר באַליבט הינטל צום אָפּגעצאַמטן פּלאַץ וואו ס׳זיינען פאַרזאַמלט די אַלע צום טויט פאַרמשפּטע הינט. ס׳איז ביי איר די גרעסטע טראַגעדיע. דאָס איז די גאַנצע דערציילונג. אָבער אין דער פּאַטעטישער געשיכטע איז דאָ דער גאַנצער טראַגיזם פון גורל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער צום טויט פאַרמשפּטער געטאָ. שפּיגל באַווייזט עס מיט דער אַטמאָספער, וואָס מיט איר פאַרוועבט ער דאָס בילד, מיט דעם ליכט וואָס ער באַלויכט דאָס גאַנצע, אין דעם מיטלייד־אויפציטער, מיט וועלכן ער וועקט ביי אונדז די טיפע רעאַלקייט פון דער אַלטיטשקער. זי איז געמאָלן מיט רעמבראַנדישן פאַרטיפטן רעאַליזם. מ׳דערמאָנט זיך סעזאַנס אַ זאָג: „אַ מינוט פון לעבן וואָס גייט אַוועק אין זיין גאַנצער רעאַלקייט״. דאָס פּילט איר, איז אויך שפּיגלס אַרטיסטישער קרעדאָ. די אויף זיך גענומענע מיסיע פון קינסטלער צו וען און איבערגעבן, האָט מסתמא שפּיגלען געגעבן דעם כוח אַלץ איבערצוטראָגן, אים פאַרפאַנצערט, דערהויבן איבער פערזענלעכער טראַגיק.

אין קינסטלערישן בילד ווערט דאָס מיאוסע, גרויליקע, אומזיניקע, דערהויבן צום סימבאָלישן. דאָס מיאוסע ווערט טראַגיש שיין און זיין באַדייטונג סימבאָליש. דאָס גרויליקע ווערט ביים פיזיאָלאָגישן נאַטוראַליסט נישט אויסגעלייזט, נישט אַרויסגעהויבן פון דער ספערע פון גוף אין דער ספערע פון גייסט. אין שפּיגלס דערציילונגען איז דער שוידער און די מיאוסקייט באַשיינט מיט טראַגישער שיינקייט. איר זעט ווי דאָס מאוסע און נידעריקע איז געלייטערט געוואָרן אין האַרץ און נשמה

פון שרייבער. ער דערציילט מיט איידלקייט וועגן גוואַלדטאַט. דאָס גיהנומדיק־ברוטאַלע ווערט באַשיינט דורך יידישער רוחניות, דורך גלויבן און האָפענונג און מיטלייד. גלויבן אין וואָס? די פראַגע שטעלן מיר כסדר. מיר צו אים: דו האָסט פאַר אונדז אויסגעמאָלן אַזאַ תהום, אַזאַ דעגראַדאַציע און דיסאינטעגראַציע פון דעם וואָס מיר רופן מענטשלעך לעבן, אַז מיר פרעגן פאַרוואונדערטע: קאָן מען נאָך אין עפּעס גלויבן? פון שפּיגלס דערציילונגען פון תהום — דאָס איז זייער גרויסער קינסט־לערישער און מענטשלעכער אויפטו — שיינט אַרויס אַ ליכט פון גלויבן, גלויבן אין וואָס?

גלויבן אין מענטש, אין אייביקייט פון לעבן. די אייביקייט פון לעבן איז איבער דעם מענטשלעך־פאַרגענגלעכן, איבער אַלעם שלעכטן, צייט־ווייליקן...

דער יידישער גוף איז דערנידעריקט, פאַרמיאוסט, אויפגעשוואָלן פון הונגער. די דייטשן דערלאָזן נישט אַרומוואַשן, טאָן די לעצטע רעכט צו די מתים — אָבער די צעבליטע, פרילינגדיקע וועלט שיט בלומען אויף די צעפייניקטע גופים, אויף זייער לעצטן וועג...

„דער איינציקער צעבליטער גרינער וועג אין געטאָ האָט געפירט דאָס לעצטע מאָל די געשטאָרבענע אויפן ריינעם פעלד אַרויס... דורך דעם דאָזיקן גרינעם וועג זיינען טאָג־איין טאָג־אויס, פון באַגינען ביזן אויפ־גאַנג פון די שטערן געלאָפן די שוואַרצע וועגעלעך. קיין מלווים זיינען דאָ קיינמאָל נישט מיטגעגאַנגען — זיינען די וועגעלעך גיך, גיך געלאָפן מיטן שמאָלן איינזאַמען שטעגל אונטער די צעשפּרייטע און צעבליטע ביימער. אויפן וואָגן דעכל, וואו ס'זיינען געלעגן אונטער אַ גרויס שוואַרץ טוך די שפּיציקע פּנימער פון רונדיק אָנגעלאָפּענע גופים, איז אָן אויפהער געפאַלן אַ ווייס און שיטער ביימער־בליעכץ, אָפּגעריסענע, גרינלעכע, נאָר־וואָס געבוירענע קנאָספּן און העל־גרינע, יונגע בלעטער, וואָס דערווינט האָט אין אַ רעגן פון ווייס בליעכץ אַראָפּגעטראָגן פון די ביימער. אינדרויסן, אויפן ריינעם פעלד האָבן די קברנים געמוזט גוט אויסשאָקלען דאָס שוואַרצע צודעק־טוך — אַזוי געדיכט זיינען אַלע פאַלדן געווען באַשיט מיט לופטיקן ביימער־בליעכץ".

שפּיגל האָט נישט איינמאָל מעדיטירט וועגן דער דערהויבענער רוחניות, דער שיינקייט וואָס שטייט ביי דעם געפאַלענעם, דעם שוואַכן. ס'איז ביי אים נישטאָ די בטלנישע „אתה־בחרתנושקייט", די קליינ־שטעטלדיקע, פון וועלט אָפּגערוקטע פאַנאַטישקייט פון „ס'איז גוט צו זיין אַ ייד". ער וויל באַגרייפן, פאַרשטיין דעם זין פון קאַמף צווישן פאַר־

פּאַלגער און פאַרפּאַלגטן, דעם דייטש און ייד, ווי עפּעס אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי קעגנזייטיקע כוחות.

„זיי זיינען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן אַ לאַנגע ווײלע און טיף און דורכדרינגלעך אַריינגעלאָזט די בליקן איינער אינעם צווייטנס אויגן... דער ייד מיט דער צעשויבערטער רויטלעכער שוואַרצקייט פון זיין באָרד, מיט די געדיכטע באַברעמטע יידישע ווייכע אויגן, מיט די אָנגעוואָקסענע ווילדע קופּקעלעך שוואַרצע האָר איבערן קאַרק און די גרוילעכע פּאה־פּאַסמעס און סתם באַוואָקסנקייט פון די אויערן־לעכער — בעת דער דייטש איז געשטאַנען אַ ווייסער, אַ דורכזיכטיקער, אַ גליט־שיקער, ווי אַ פיש און אַן אויסגעשטרעקטער מיט זיין הויכקייט איבערן ייד ווי אַ הילצערנער צעשפּרייטער צלם... זיי זיינען געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן ווי טאָג און נאַכט, ווי צוויי באַשעפענישן פון צוויי פרעמדע פּלאַנעטן וואָס האָבן זיך דאָ פּלוצלונג געטראָפן אויף דער ערד...

וואָס ס'איז נאָכמער כאַראַקטעריסטיש פאַר שפּיגלען ווי דאָס מע־טאַפיזישע זוכעניש, איז אַ שטאַרק געפיל פאַר נאַטור. אפשר איז דאָס זיין ענטפער אויף זיינע פילאָסאָפיש־מעטאַפיזישע זוכענישן. אין זיינע נאַטור־באַשרייבונגען, וואָס זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון אַלע זיינע דערציילונגען, איז דאָ פּאַנטעאיסטישע רעליגיאָזיטעט, אַ מיסטיש אַריינ־לעבן זיך אין דער נאַטור און גלויביק איבערגעבן זיך אין אירע מאַמע־שע אָרעמס. אין אַלע דערציילונגען זיינע איז די נאַטור ווי אַ ראַם אָדער הינטערגרונט אויף וועלכן עס שפּילט זיך אָפּ דאָס מענטשלעכע לעבן. דער מענטש איז ווי אַ קליין פליגעלע וואָס צאַפּלט זיך אין נעץ. ער פאַר־גייט מיט זיין פיין און פרייד און דאָס אייביקע לעבן פליסט ווייטער!

אין שפּיגלען וועקט נישט די גלייכגילטיקייט און אכזריות פון לעבן אַן אכזריותדיקן אָפּרוף, ווי עס טרעפט אַמאָל ביי אַנדערע קינסטלער וואָס ענטפערן אַפילו מיט סאַדיסטישער אכזריות אויפן אכזריותדיקן שפּיל פון לעבן. זיין ענטפער איז פאַרשטענדעניש, רחמנות, מיטגעפיל.

דער קברן, וואָס האָט שוין באַגראָבן אַ גאַנצע שטאָט מיט יידן, האָט זיין איינציקע שוועסטער וואָס איז געשטאָרבן אין געטאָ, אַריינ־געשריען אין פנים: „זיי רואיק, צירל, כ'וועל זי אָפּהיטן דיין מינדלען... ער האָט אַפילו לייכט אַרויפגעלייגט זיין פינגער איבער איר האַלב אָפן אויג... פון אויג האָט אַרויסגעקוקט אַ פאַרגליווערטער און צעגאָסענער שוואַרצאַפּל ווי אַ צעטרעטענע פלוים... דאָס אויג האָט צו אים אַרויפ־געשמייכלט מיט טרייסט און פאַרבאָרגענער ליכטיקייט...״

ווייטער: דער קברן גייט מיט אַ טלית־זעקל אָנגעפילט מיט מאַלינעס פאַר דער יתומה.

„אַ טונקעלע וואַרעמע בענקעניש האָט זיך געצויגן פון זיין פאַר־וואָקסן האַרץ צו די טויטן־בערגלעך וואָס זיינען געלעגן אַרומגערינגלט מיט בליעכץ... איצט איז דער וועג געווען משופּעדיק און אַריינגעפאַלן אין אַ שמאָל געסל. אויף ביידע זייטן האָבן זיך געלייגט פּרוכנעוואַטע קראַנקע הייזלעך. לעבן אַ שוועל זיינען געזעסן עטלעכע קינדער. אַז זיי האָבן דערזען דעם זקן מיט דער צעפּאַטלטער באָרד זיינען זיי צו אים צוגעשפּרונגען, אַריינגעכאַפּט אים ביי די צעפלאַטערטע פּאָלעס און אויסגעשטרעקט זייערע דאַרע דורכזיכטיקע הענטלעך. די קינדערס אויגן גרויסע און אָפענע האָבן פון זיך געגאָסן אַ שאָטנהאַפטיקן, גרינעם שימער וואָס קומט פון הונגער־געשווילעכץ”...

ביים לייענען די אַלע גרויליקע פּרטים וועגן צעפּייניקטע, הונגער־געשוואָלענע, גוססדיקע מענטשן איז מיין ערשטער רושם געווען, אַז דער שרייבער וואָס האָט זיך צוגעקוקט מיט אַזוי פיל שרייבערישן בייגיר צו דעם אַלעמען האָט געטאָן עפּעס אַן אומבויטיקע, אַ נישט שיינע זאַך. ער באַשרייבט מיט רעאַליסטישן גלייכגילט זאַכן וואָס דאַרפן בלייבן אָדער באַהאַלטן (ווייל מיר ווערן אָפּגעטעמפּט ווערן און נישט פילן מער), אָדער מען דאַרף שרייען און שעלטן און וויינען. אָבער עס נעמט נישט לאַנג און דאָס געפיל לאָזט אָפּ. מיר דערפילן, אַז דער שרייבער פירט אונדז אַרום וויזן דאָס יידישע לעבן אין געטאָ און זאָגט צו אונדז: קוקט זיך צו! מען דאַרף עס אַלץ זען, אַזוי איז עס געווען. מיר גייען אים נאָך דערשיטערטע און דערפילן אַז דער שרייבער האָט זיך נישט פאַרלוירן, נישט מיאוס געווען. יעדע דערציילונג ענדיקט ער אויף אַ כמעט קונציקן אופן אין דער אמתן — אַ טיף קינסטלער־רישן — ווייל עס הייבט די רעאַליסטישע באַשרייבונג אויף אַ העכ־כערע מדרגה, מיט אַ ביסל ליכטיקער פאַרב, אַזוי אַז דאָס גיהנומדיקע שוידערלעכע ווערט דורכגעלויכטן דורך אַ שטראַל ליכטיקן שיין. דער שרייבער הייסט אונדז קוקן אין אָפּגרונט, אָבער אין דער זעלבער צייט הייסט ער אונדז נישט פאַרצווייפלען. ער הייסט אונדז האָפן, כאָטש ס'איז באמת שווער צו זאָגן אויף וואָס, פון וואַנען צו שעפּן די האָפענונג אָדער אויף וואָס געקוקט זיך נישט פולשטענדיק מיאוס זיין אין דער גרויליקער, תהומיקער חשכות.

דעם דאָזיקן כוח פון שרייבער, וואָס איז אַוודאי אַ מאָראַלישער כוח, אַ קינסטלערישער כוח — וואָס איז אים איז בייגעשטאַנען — פילן מיר כסדר אין ישעיהו שפּיגלס דערציילונגען פון געטאָ און דאָס גיט די בעצם גאַנץ פּשוטע רעאַליסטישע בילדער זיינע (ווען זיי ווערן געמאָסטן מיט אַ ריין קריטישער מאָס) גרעסערע חשיבות און ווערט.

אפשר איז דעם פּאָעט — שפּיגל שרייבט אויך לידער — דאָ צו הילף געקומען דעם פּראָזאַיקער (כאָטש באמת איז די גאַנצע צעטיילונג גאָר אַ קינסטלעכע). אָבער אַז מען גריבלט זיך שוין אין דעם ענין (און דאָס איז דאָך די אויפגאַבע פון קריטיקער), ווען מען בלעטערט נאָך אַ מאָל און אַ צווייט מאָל דורך די דערציילונגען, געפינט מען, אַז דער שרייבער האָט געפונען טרייסט אין נאַטור ליבשאַפט, אין זיין באַהעפטן זיך מיט דעם אייביקן גאַנג פון דער וועלט, וואָס מאַכט פאַר־געסן און דערהויבן זיך איבער דעם יסורימדיקן, גרוילעכן, פאַרגענגלעכן...

אין כמעט אַלע דערציילונגען געפינט מען דאָס אַוועקשפּאַנען פון דער גרויל פון מאָמענט וואָס איז ווי אַ פאַרבייגייענדיקער שאָטן צו אַ לעבן וואָס ציט זיך אין אַלע אייביקייטן.

אָט למשל דער סוף פון דער דערציילונג „שניי", וואו אַן אַנט־לויפנדיקער פון דער געטאָ וואָס איז שוין, דוכט זיך, פריי — ער האָט זיך שוין דורכגעריסן דורך די פאַרצאַמונגען פון שטעכיקן דראָט — ווערט אין דער לעצטער מינוט געטראָפן פון אַ דייטשישער קויל:

„ער איז שוין געלעגן איצט רואיק, דאָס פּנים פאַרגאָסן מיט בלוט. ער האָט געאָטעמט מיט קאַלטן ווינט און שניי אָבער באַלד איז אים דאָס אָטעמען געוואָרן שטילער און אויסגעגאַנגען. דער שניי איז דערווייל געפאַלן אָן אויפהער. אַ שטילקייט ווי זי וואָלט אַפּירגעהויבן זיך פון אונטער שניי איז געהאַנגען אין חלל. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי דער שניי האָט פאַרדעקט דעם מענטשן און ס'האָט זיך מער נישט געזען ווי אַ פלאַך פעלד. טיף אונטערן שניי זיינען געשלאָפן די טויטע זייער ווייסן שלאָף. אָט־אָט קומט אָן דער טאָג. אויף די מזרח ראַנדן פון הימל האָבן זיך באַוויזן גראָ־ווייסע שיטערע פלעקן. דאָס האָבן זיך אַזוי צעשאַרט די לעצטע שניי וואָלקנס פאַרן קומען פון מאָרגן־ליכט. אָבער צווישן זייערע פאַלדן אויפן העל־בלוילעכן נאַכט הימל האָבן נאָך לאַנג געפינקלט די לעצטע נישט אויסגעלאָשענע שטערן."

ישעיהו שפּיגל האָט ליב צו מאָלן דעם אָנקום פון אַ נייעם טאָג.

אָט איז דער סוף פון דער דערציילונג „בליעכץ" — אַ פאַרפּייניקט יידיש געטאָ יינגל קריכט אויפן דאַך פון געטאָ־שטיבל און קוויקט זיך מיטן ביסל בליעכץ פון אַ בוים, וואָס האָט זיך צעבליט אויף דער אַנדער זייט פון געטאָ מויער (אין געטאָ איז קיין גרין בוימל נישט געבליבן) און זיין מאַמע שרייט געוואַלד, ער וועט ברעננען אַן אומגליק אויף אַלע־מען:

„מענדעלע האָט נישט געקאָנט אויפרייסן די אויגן. דעם פּע־טער מיכלס סאָד איז נאָך געלעגן אַ צעבליטער אין זיין שלאָף. ער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די מאַמע שעלט אַזוי באַלד פון פאַר־טאָג אָן. איבערן געלעגער האָט זיך וואָס אַמאָל מער אַראָפּגעלאָזט ווי אַ סטאַדע זילבערנע זומער־פייגעלעך, אַ צע־ברעקלטע זון פון דרויסן. מענדעלע האָט אַלץ נישט געקאָנט אויפרייסן די אויגן. איבער זיין פּנים איז לאַנג געהאַנגען אַ קילע לופט ווי אַ זיסער שיטערער נעפּל וואָס הויבט זיך אויף פאַר־טאָג אויף אַ צעבליטער לאָנקע".

און אָט איז אַ דערציילונג וואָס הייסט סימבאָליש „ליכט און אָפּ־גרונט". זעלדע וויל ראַטעווען איר מאַן וואָס גייט אויס פון הונגער־געשווילעכץ און קעלט. זי צעהאַקט ס'בעט און הייצט דעם אויוון.

„אין שטוב איז אויפגעגאַנגען אַ וואַרעמער טשאַד. ר' אָשר איז געזעסן אויף די פּאָר אויפגעשטעלט ציגל און געזאָגט תהלים. זעלדע האָט צוגעשטעלט אַ טאָפּ וואַסער. זי האָט אויפגעהויבן אירע אויסגעלאָשענע אויגן און איר האָט זיך אויסגעוויזן אַז זיי זעען נייע וואונדערלעכע זאַכן. די שטוב איז געוואָרן פול מיט געזאַנג פון תהלים זאָגן. אויף די ווענט האָבן זיך צעבליטע בלומען געמיניעט מיט זומערדיקע טוי־פּערל, וואָס זאָגן אָן דאָס אויפגיין פון אַ ליכטיקן זומערדיקן טאָג. און פון עם אַלטנס תהלים זאָגן און פון די קאַלטע בלומען אויף די ווענט האָט זיך אין די ווינקלעך צעשאַרט אַ וואַרעמקייט ווי פלאַטערנדיק כישופדיק ליכט איבער אַן אָפּגרונט".

אָט דאָס ליכט איבער אַן אָפּגרונט וואָס ישעיהו שפּיגל האָט געזוכט, דערהויבט זיינע דערציילונגען און זאָגט אָן אַז אַ חוץ דערציילערישן טאַלאַנט האָט ישעיהו שפּיגל אויך אַן אייגן פּנים, שרייבערישע פּערזענ־לעכקייט, וואָס אָן דעם איז טאַלאַנט ווי אַ שאָף אָן אַ פּאַסטוך.

# א. לוצקי: פּאָעט־רעציטאַטאָר

לוצקי, דער אייגנאַרטיקער פּאָעט־רעציטאַטאָר איז פון דעם מין שרייבער וואָס ס'איז נישט לייכט צו באַשטימען זייער ווערט און מהות. פאַרוואָרצלט אין אַמאָליקן יידישן שטעטל, אינגאַנצן אַ פּראָדוקט פון דער אייגנאַרטיקער יידישער שטעטלשער קולטור, איז ער ממש דער היפּוך פון דעם, וואָס מיר רופן פאָלקס־דיכטער. ער איז אויסגעשפּראָכן אינדיווידואַליסטיש, מיט אַן אייגנאַרטיקער פילאָזאָפיע און דיכטערי־שער פילעוודיקייט. אויך אין דער פאָרם האָט ער פון אָנהייב אָן געזוכט נייע, אייגענע וועגן. במשך די עטלעכע און דרייסיק יאָר וואָס ער שרייבט לידער. אין די ביכער וואָס ער האָט אין פאַרשיידענע פּעריאָדן אַרויס־געגעבן, זיינען פאַראַנען אַלערליי סאָרטן לידער: לידער וואָס שטייען גאַנץ ווייט איינע פון אַנדערן אין תוכן, אין פאַרנעם, אין פאָרם. לאָמיר זאָגן בלשון מעטאַפאָר: פון זיין פּאָעטישן קוואַל האָבן אַרויסגעקוואָלן פאַרשיידענע סובסטאַנצן, וואָס האָבן זיך נישט צוזאַמענגעשמאָלצן אין האַרמאָנישער גאַנצקייט; סובסטאַנצן פון פאַרשיידענער קוואַליטעט און כאַראַקטער. און פאָרט איז פאַראַן אַן אייגנאַרטיק, כאַראַקטעריסטיש לוצקיש ליד. פון וואָס באַשטייט עס? וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע און ווערטפולע אין לוצקישן ליד?

אין דעם אַלעמען וויל איך פּרובירן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין די וויטערדיקע שורות.

נעמען מיר די צוויי בולטסטע, אַזוי כאַראַקטעריסטישע עלעמענטן אין לוצקישן ליד: דאָס פילאָזאָפישע און דאָס קינדיש־נאַאיווע. ווי ווייט זיי שטייען איינער פונעם אַנדערן! ראַדיקאַלע היפּוכים. פון איין זייט קינדיש פאַרחדושטער, פּרימיטיוו־פרומער, אַנטראָפּאָמאָרפישער קוק אויף אַלץ וואָס לעבט, עקזיסטירט אין דער וועלט, וואָס הויכט אַריין לעבן אין דער פּאַסאָליע, מילב, שטיקל פּאַפּיר, און פון דער צווייטער זייט: אַבסטראַקטע אינטעלעקטועלע חקירה, פילאָזאָפישער וועלט־באַ־נעם, דער הינטערגרונט און הויפּט־טאָן פון אַלע לוצקיס לידער, אַפילו פון די לייכטע שפּילעוודיקע לידער זיינע.

אָט זיינען אַנדערע עלעמענטן פון לוצקישן ליד. טיפּישע עלעמענטן פון יידישן פאָלקס־שאַפן און פון פאָלקס־קונסט בכלל. דאָס מגידישע (אַפילו בדחנישע); דאָס רעדן מיט משלים; דער מוסר השכל; דאָס קורצע ווערטל; דאָס נישט דערזאָגן; דאָס רעדן אויפן וואונק; דאָס דער־ציילן אַ מעשהלע און דער אַקטיאָרישער אונטערהאַלטערישער עלע־מענט — לוסטיק מאַכן דעם עולם...

די אַלע עלעמענטן, וואָס קומען אָפיר איינער מער איינער ווייניקער אין פאַרשיידענע פּעריאָדן פון לוצקיס פּאָעטישער אַנטוויקלונג, זיינען ווי שטראָמען און שטראָמעלעך, וואָס האָבן געגערט לוצקיס אייגנאַרטיק ליד.

איך וועל זיך אָפּשטעלן אויף די אַלערליי עלעמענטן. צוערשט דעם פילאָזאָפישן. איך וויל ציטירן וואָס איך האָב אַמאָל געשריבן אין אַ רעצענזיע וועגן לוצקיס בוך „פּאַרטרעטן":

„לוצקי איז כלומרשט אַ לוסטיקער לונג און לעבער, אַן אַקטיאָר, תמיד גרייט אָפּצושפּילן אַ שטיקל „טריאַטר" (ער איז זייער אַ גוטער אַקטיאָר) אָבער אין עצם איז ער אַ מגיד וואָס רעדט וועגן הויכע זאַכן מיט אַ משל, מיט אַ מעשהלע, מיט אַ מוסר־השכל, מיט אַ רמז אויף דעם סאַמע האַרבן פּשט פון לעבן... לוצקי צילט תמיד אין סאַמע עיקרדיקסטן, ער שפּילט אויף פאַרשיידענע אינסטרומענטן, אָבער צי ער שפּילט באַס צי אויף אַ שקציש פּייפל אַ פאַרשייט לידל, פרעגט ער תמיד: „מאי קמשמע לן — וואָס לאָזט עס אונדז צו הערן? —"

אונטער לוצקיס אַלע לידער, אַפילו ווען ער דערציילט אַ פּשוט מעשהלע, שטייט דער פילאָזאָף, דער פאַנטעאיסט, וואָס זיין וויזיע וועגן דער אייביקייט פון לעבן האָט עפּעס פון גרויס־דיכטערישן פאַרנעם...

צום שטאַרקסטן דערפילט מען די גאַנצע קראַפט פון זיין אייגענעם וועלט באַנעם, ווען מ'לייענט ס'ערשטע מאָל לוצקיס „בראשית — אינ־מיטן", זיין צווייט בוך. מ'פילט זיך אַריינגעפירט אין אַ נייער וועלט, אַן אַרכאַאישער מיטאָס־וועלט, דעם מיטאָס פון וועלט־באַשאַף.

דער פילאָזאָף קריטיקער נאַטאַנזאָן זאָגט ערגעץ אַז ער האָט בדעה געהאַט אָנצושרייבן אַ בוך וועגן לוצקיס פילאָזאָפיע (כ'ווייס נישט צי ער האָט עס געטאָן). כ'קאָן זייער גוט פאַרשטיין ווי לוצקיס אייגנאַרטי־קער פילאָזאָפישער וועלט געפיל האָט באַווירקט אונדזער פילאָזאָף־קריטיקער. מ'ווערט דערשטוינט פּשוט פון דעם אָטעם פון מיטאָס־לעגענדע וואָס שוועבט איבערן בוך „בראשית — אינמיטן". ס'איז נישט קיין סטיליזאַציע, רעסטאַווראַציע פון אַלטע מקורים, נאָר צוריקקער צום פּרימיטיוון, אַרכאַאישן, פאַרצייטישן אין פאָרעם און באַנעם. מען

דערפילט די פאַרגליווערטע רו פון אַלט־עגיפּטישע סקולפּטורן. אָן אַנ־דערש מאָל האָט עס מיך דערמאָנט אין דעם היינטיקן, עקסיסטענצאַליזם. אָבער ביי די עקסיסטענציאַליסטן (פון וועלכע סאָרטער איז דער רבי) איז די עקסיסטענץ אַ פאַרשאָלטנקייט, אַ האָפנונגסלאָזע טראַגעדיע, עקסיסטענץ אָן אַ זין, פאַרמשפּטקייט צו בלייבן פאַרזונקען אין דער אייביקער בלאָטע פון עקסיסטענץ. ביי לוצקין איז עקסיסטענץ אַ מער דינאַמיש געפיל, אַ דראַנג וואָס שטורעמט ביים קלענסטן ווי ביים גרעסטן — צו לעבן, צו ווערן...

ווען זיין דאָס בענקן פון בראשית
וואָס וועט ציען גאָט צו גאָט
און וועלט צו וועלט
און מענטש צו מענטש
און מין צו מין
און ים צו ים
און ערד צו ערד
און ווינט צו ווינט

אָדער:

וועט זיין אַ חלום אויף דער ערד
איבער אַלע פּיינען אויף דער ערד
צו פאַרווירקלעכן דעם חלום אויף דער ערד.

איך רעד פון לוצקיס פילאָזאָפיע נישט פון איר פּאָעטישער רע־אַליזאַציע אין ליד. לוצקי איז זאָגעריש, דערקלערעריש, נישט בילד־לעך וויזיאָנער. אַפילו דאָרט וואו פון זיין זאָגן — נישט מאָלן — קומט אַרויס אַ בילד שוואַכט אָפּ דעם עסטעטישן פאַרגעניגן די אַרכאַאישע הלבשה. מיר שטייען ווי אויף דער שוועל פון אַ פאַרצייטיקן טעמפּל. ס'ווייעט אויף אונדז מיט פרעמדקייט כאָטש מיר זיינען פאַרכאַפּט (איך רעד נאָך אַלץ וועגן „בראשית — אינמיטן").

ביי לוצקין איז פאַרגעקומען אַן אַטאַוויסטישער אומקער צום מעטאָד וואָס אונדזערע מיטלאַלטערלעכע פּייטנים און משוררים האָבן גענוצט: דעם וואָרטשפּיל. אַט מיש איך דעם מחזור און איך שטעל זיך אָפּ אויף דעם ערשטן שטיקל פּיוט וואָס קומט מיר אונטער דער האַנט:

מלך עליון — אל דר במרום — אדיר במרום — אומץ ידו תרום

גבור להקים — גוזר ומקים — גולה עמוקים — המדבר בצדקה — הלובש צדקה — המאזין צעקה — זוכר צורים — זכות יצורים — זועם צורים — זכות יצורים — און אַז וו.

**איך מיש אין לוצקיס אַ בוך:**

בליץ צוקט
צוק צייגט
אינמיטן נאַכט צעצינד איך וואַלד,
אינמיטן טאָג דערשרעק איך וועלט

**אָדער:**

סוד
גאָט
אחד
געבאָט
פאַרבאָט
גנאָד
שפּאָט
אַ צינד און פאַרשווינד

**אָדער אַזאַ אויף וואָרטשפּיל געבויט ליד:**

די קלוגע רייד פון אַלעמאָלן
אַלעמאָל פון אַלעמאָלן
נישט צו ריידן נישט צו מאָלן
נישט צו וועגן אויף קיין שאָלן
אַלעמאָל געווען אַמאָלן
אַלעמאָל וועט זיין אַמאָל
אַלע נידערן און טאָלן
אַלעמאָל און אַלעמאָלן

**דעם פּאָעטישן מעטאָד פון אונדזערע אַלטע פּייטנים האָט לוצקי איבערגענומען און געמאַכט פון אים דעם אבן־פּנה פון זיין פּאָעטישן בנין. די שפּיל מיט וואָרט און אַלערליי פאָרמען איז געוואָרן ביי אים**

אַ לײדנשאַפט. ער האָט מיט וואָרטשפּיל געבויט, געמייסטערט און גע־צאַצקעט; געשפּילט און פאַרשפּילט זיך. ביי יעדן דיכטער ווערט דאָס וואָרט אַ לײדנשאַפט, יעדער דיכטער שרייבט ליבע לידער צום וואָרט. דאָס וואָרט איז דער אור־שטאָף וואָס דערפון שאַפט ער — ווי גאָט — אַ נייע וועלט. ביי אַלע דיכטער און וואָרט־מייסטער איז דאָ אַ נטיה צו מאַכן פונעם וואָרט עפּעס מער ווי אַ פּשוטן פּאַרטייטשער פון געדאַנק, עפּעס מער ווי אויסדרוק מיטל; מאַכן פון וואָרט אַ צויבער־שטעקעלע וואָס שאַפט אַ יש מאין...

מאָדערניסטישע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור זיינען אויפגע־בויט געוואָרן אויף נייע שיטות ווי צו נוצן דאָס וואָרט, מאַכן דאָס וואָרט זעלבשטענדיק, אויטאָנאָם, אומאָפּהענגיק פון אָנגענומענעם, אַלעמען פאַרשטענדלעכן באַטייט. איך דערמאָן זיך וואָס כ'האָב ערשט געלייענט אין די טאָגביכער פון דעם טיף־אייגנאַרטיקן אַמעריקאַנער דיכטער־דערציילער, שערוואוד אַנדערסאָן, וועגן גוירטרוד שטיין, וואָס האָט געשאַפן איר אייגענעם ענגלישן לשון: „זי איז געווען אַ סאָלידע טיפּישע „מידל וועסט" באַלעבאָסטע... זי האָט געקנאָטן דאָס וואָרט ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע קנעט טייג מיט אירע פעסטע שטאַרקע פינגער"...

אין זעלביקן נוסח וואָלט איך געזאָגט וועגן לוצקין: ער איז בעצם אַן אַקטיאָר, וואָס שפּילט טעאַטער, אַ זשאָנגלער וואָס שפּילט זיך און וואַרפט מיט ווערטער און ווערטער־קאָמבינאַציעס ווי אַ צירק־קינסטלער מיט פּילקעס אָדער רייפן. ער האָט אַרויסגעוויזן גוואַלדיקע דערפינ־דערישקייט אין דעם שפּיל מיטן וואָרט... ס'איז ביי אים אַן אייגנאַרטיקע קונסט, אַ טיף פאַרוואָרצלטער און עכט קינסטלערישער דראַנג, אפשר דער טיפסטער קוואַל פון זיין שאַפונג... אָבער וויפיל מ'זאָל נישט הנאה האָבן פון דער דאָזיקער אַלט־יידישער פאַרגעסענער קונסט, אַז ס'קומט צו וועגן און מעסטן לוצקיס פּאָעזיע דערפילט מען, אַז זי איז לייכט אין וואָג, אַז ס'פעלט דער שוואונג, „די טראַגישע שיינקייט", דער הויכער פּאַטאָס פון פּאָעזיע... מ'שמייכלט פון הנאה, מ'שעפּט אפשר נחת, אָבער מ'איז נישט טיף באַרירט...

ס'איז אָנגענומען צו באַטיטלען לוצקיס פילאָזאָפיע ווי פאַנטעאיזם. דער נאָמען איז נישט דער פּאַסיקער פאַר לוצקין, ווייל פאַנטעאיזם נעמט אָן אַ גאָט אימאַנענט אין דער וועלט, ביי לוצקין פילט מען נישט אַזוי גאָט אין דער וועלט ווי אוניווערסאַל לעבן אין דער גאַנצער וועלט, דער לעבעדיקער ווי דער טויטער. אין לוצקיס לידער לעבט דער שטיין און די בלום און דער ווינט און דער רעגן. לוצקי האָט דעם מיסטיקערס געפיל פאַר די „געהיימען פון דער וועלט" (זיין וואָרט), פאַר דער הייליּ־

קייט פון לעבן. ער רעדט זיך דורך מיט אַ שטיין, מאַכט אַ ווערן פון אַ גרעזעלע...

שטיין, וואָס טוסטו דאָ?
— איך רו.
ביז וואַנען וועסטו רוען?
— ביזן סוף פון אַלע שעהן.
נו, און שפּעטער?
— פּרעג אין הימל ביי די געטער.

ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש וואָס לוצקי האָט אַ סך לידער געשריבן וועגן אַ שטיין. דער שטיין איז ביי לוצקין נישט דער סימבאָל פון פאַר־שטיינערטקייט, נאָר דער לעצטער סך־הכל, אייביקייט. דער אייביקייט מאָטיוו, וואָס גייט דורך אין אַ סך לוצקישע לידער, גיט זיינע בעסערע לידער טיפקייט און וואָג און אַפילו אַמאָל עפּעס גרויס־דיכטערישעס. נאָר אַן עכטער דיכטער מיט איינגעבוירענעם דיכטערישן דראַנג קאָן אַזוי שרייבן:

ווען איך וועל שוין גאָרנישט האָבן וואָס צו שרייבן
וועל איך שרייבן
שטילערהייד דעם אלף בית
פּאַמעלעך
פרום
תמימותדיק
בנעימות
א—ב—ג—ד
יעדער אות מיט גרויס כונה
אַזוי ווי אות צום ערשטן מאָל אַרויסגערעדט
אַזוי ווי אות צום ערשטן אַריינגעקריצט
איך וועל שרייבן מיטן שוויגן וואָס אין מיר
עס וועט זיין געזאַנג פון גאָרנישט ריידן
לויטער מיין
אַזוי ווי שטיין

דאָס זיינען גרויס־דיכטערישע שורות. אָט זאָגט לוצקי אין זיין ליד „שוויגן":

שטילקייט וויל דערהערן וואָס מען קען נישט הערן.
אין דער שטילקייט ליגן אַלע ספרים אָפּן.

אָט האָט ער אַזוינע וואָלט וויטמאַנישע שורות:

איך בין דאָ צו שאַפן שפּיל פון עיקר
איך בין דאָ צו שפּילן זיך מיט ערנסט
מיט דער בלויקייט פון פרימאָרגן
איך וועל זיך דערזען ווי נאָך קיינמאָל ביז אַצינד
איך נאָען זיך צו גרויסע וואונדער.

לוצקי איז אָבער תמיד זאָגעריש. זעלטן ביי אים אַ בילד כאָטש ער האָט אַ סך בילדלעכע שורות.

טיף אין הימל די זון
אַ תהום פון חושך בליאַסקעדיקער פּחד.

אָבער אין די וויטערדיקע צוויי שורות ברענגט ער שוין אַרויס אַזאַ מוסר השכל:

די זון באַלייכט די גאַנצע וועלט
אָבער איר אייגן פּנים לאָזט זי נישט דערזען.

דאָס סאָלידסטע און טיפסטע און יידישסטע ביי לוצקין זיינען לי־דער־מעשהלעך. זיינע מעשהלעך זיינען נישט ווי די קלאַסישע פאַבלען, אַלעגאָרישע געשיכטעס מיט אַ קלאָרן מוסר השכל אויפן מענטש. אין לוצקיס מעשיות זיינען די חיות און דער דומם פול באַרעכטיקטע „דראַ־מאַטיס פּערזאָנע", אָן הינטערגעדאַנקען, אָן רמזים. זיי זיינען טיילן און טיילעכלעך פון דער גרויסער לעבנס־דראַמע אָדער לעבנס־מיסטעריע. פאַר אונדזער פילאָזאָף־דיכטער זיינען די גורלות פון פליגן און מילבן, פון בוים און שטיין אַזוי וויכטיק ווי דער מענטש. דער מעשה־דערציילער, לוצקי, וואָס האָט עפּעס פונעם אָריענטאַלישן מעשה־דערציילער און משלים שפּינער און עפּיגראַמען מאַכער, איז אַ טיפערער, נישט גע־קינצלטער, עכטערער לוצקי, ווי ווען ער דערציילט וועגן מענטשן. ביי מענטשן מוז ער זיך אַרויסהעלפן מיט אַלערליי אַקטיאָרישע קונצן — מימיק, נאָכמאַכעריי, נאָכקרימעניש... און דאָס איז אויבערפלאַך, נישט

די טיף. דערפאַר זיינען אַפילו זיינע ערגסטע שאַפונגען פון יידישן שטייגער לעבן ווי די באַרימטע „חתונה אין שטעטל" און אַנדערע פון דעם סאָרט, וואו עס ווערט אַרויסגעבראַכט דאָס דרויסנדיקע, דער שטייגער, דער קנייטש, די העויה, דער קרעכץ, — נישט קיין גרויסע פּאַטעטישע דערגרייכונג.

אויף דעם וועג פון פּאַטעטישן אויפכאַפּן דעם מענטשן פון דרויסן גייט לוצקי זייער אַ סך אין זיינע לעצטע ביכער. מיר קריגן בילדלעך, סיטואַציעס, שמועסן, פּאָרטרעטן (אַ גאַנץ בוך). זיי זיינען שפּילעוודיקע, אַמוזירנדיקע, פילאָזאָפישע. זיי זיינען לייכט אין וואָג, אָן טיפקייט, אָן עכט געפיל — פעליטאַניסטישע חכמה וואָס מ'רופט אין ענגליש „לאַיט ווערס".

דאָס בוך „פּאָרטרעטן" איז אַ זאַמלונג לידער־פּאָרטרעטן, וואו לוצקי באַמיט זיך אָפּצושטעלן און אָפּמאָלן דורך ווערטער אַלערליי באַרימטע מענטשן אויף דער יידישער גאַס: שרייבער, אַקטיאָרן, קולטור טוערס א. אַז. וו. דאָס איז אַ לייכטער ליטעראַרישער זשאַנר וואו ס'גייט אין באַשאַפן אַן איינדרוק פון אַ לעבעדיקן מענטשן, אַ מענטשן וואָס מיר קענען און קענען פון דעם אָפּגעמאָלענעם ליד־פּאָרטרעט דערקענען... די הנאה איז פון דערקענען, פון געטרייקייט פון פּאָרטרעט... און פון קיבעץ, פון „אַריינזאָג", פון גוזמאדיקן שאַרזש, פון הומאָריסטישן קאָנפעראַנסיע־אַרטיקן אַוועקשטעל... (ווען לוצקי שפּילט נאָך אויס די פּאָרטרעטן איז די הנאה נאָך גרעסער). מיר קריגן געלונגענע און ווייניקער געלונגענע קאַריקאַטוריסטיש פאַרגרעסערטע און אייגנאַרטיק אויפגעכאַפּטע געשטאַלטן פון מענטשן וועמענס נעמען זיינען באַקאַנט דעם ברייטן יידישן עולם.

מיר זיינען צום בעסטן געפעלן די פּאָרטרעטן פון מענטשן וואו ער פאַרלאָזט זיך נישט אויפן דרויסנדיקן, אויף אָפּמאָלן דעם הילוך, די העוויות און טשיקאַוועקייטן (אויב איך האָב אַפילו אַ מאָל הנאה געהאַט פון אַ גוט אויפגעכאַפּטן שטריך), נאָר דאָרט וואו ער דערציילט פון כאַראַקטעריסטישע גייסטיקע אייגנשאַפטן. דאָרט וואו ער זאָגט עפּעס, וועגן דעם אינעווייניק פון דעם מענטשן, נישט וועגן זיין דרויסנדיקן אויסזען. אַז מען אַרבעט מיט ווערטער מוז מען עפּעס דערציילן, זאָגן, נישט מאָלן ווי מיט פאַרבן... פאַרשטייט זיך, ס'איז אַן אויפטו, און אַ סך מאָל ציט עס דעם וואָרט־קינסטלער דאָס צו טאָן. אָבער דאָס איז פאַרקראָכן אין אַ פרעמד פעלד. אַזוי ווי מאָלערס האָבן אַ שטיקל ביטול צו ליטעראַרישע מאָלערס, קאָנען וואָרט־קינסטלער זאָגן צו מאָלערישע שרייבער: האַלט ביי דיין אויל, שוסטער! יעדער

קונסט האָט זיך אירע באַשרענקונגען. פאַרשטייט זיך דאָס האָט נאָר צו טאָן מיט קינסטלערישער דערגרייכונג, אָבער דאָס נעמט נישט אַוועק די „פלעיגע" הנאה פון אַ געלונגענעם, דערקענטלעך געמאָלענעם פּאָר־טרעטל, אַ נאָכגעמאַכטע מאַניער פון אַ מענטשן, צי אַ געלונגענעם וואָרט־שפּיל, קונציקן ווערטער־געווירבל, וואָס לוצקי האָט אַזוי ליב און אויף וואָס ער איז אַזאַ מייסטער...

לוצקין וואָלט נישט איין פּראָזאַאיקער געדאַרפט מקנא זיין ווי אים געלינגט צו שילדערן, אָפּמאָלן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון מענטשן, אָפּמאָלן מיט אַ פּאָר פאַרב־שפּריצן דאָס עצמדיקע, דאָס מהותדיקע.

אָט איז אַ געלונגענע עקספּרעסיאָניסטיש בילדל פון איינשטיינען:

צעפליגלטער פּנים,
צעפליגלטע אויגן,
צעפליגלטע האָר,
אַ גופיקער חלום.
פאַרטרוימט אין די הימלען,
און שמייכלט: ס'איז וואָר...

און אָט אַן אימפּרעסיאָניסטיש בילדל וועגן ש. ניגער:

ניגערס גאַנג איז לאַנגזאַם
ווירדיק וויגענדיק.
מיט אַ פּנים — ווי מען גייט צו אַ לוויה
זייער באַדאַכט.
באַוואַכט פון זיך אַליין. —

לוצקיס בעסטע לידער זייגען איבערהויפּט די פּשוטע לידער וואו ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף שפּראַך, וואו ער שפּילט זיך נישט, ווען ער שרייבט יידישלעך־פרום, מיט דער אָפּגעהיטקייט פון יידישן סופר, אַ מעשהלע געשריבן מיט קלאָרער מיושבדיקייט, מיט פּשוטע, נישט גע־קינצלטע ווערטער. אין די לידער־מעשיות (ווער קען נישט לוצקיס אַ מעשה וועגן אַ מילב אָדער פליגעלע) דערגרייכט לוצקי דאָס טיפסטע און דויערנדיקסטע. איך וואָלט געזאָגט אַז ווען לוצקי גייט אַוועק פון מענטשן צו דער וועלט, צום דומם, צום פעלד, וואַלד, שטיין, חיות „טייכן און זאַכן" (אַזוי הייסט אַ טייל פון זיין בוך „צום לעבן") דערפילט מען אַז „ס'מוז זיין שטיל די וועלט צו קענען הערן".

דאָס געפיל פון וואונדער, וואָס איז די עסענץ פון פּאָעזיע און פון קונסט בכלל, וואָס מען געפינט זעלטן ביים היינטיקן דיזילוזיאָנירטן קינסטלער און אַ סך עכטע תמימות און פּשטות געפינען מיר אין לוצקיס לידער־מעשהלעך וועגן פליגעלעך און מילבן און דער דומם וועלט.

אומעטום פילט לוצקי לעבן. אַ בוים, ראַנגלט זיך מיטן וויגט, דער ווינט וויל דעם בוים אַרויסרייסן. דער בוים שטעלט זיך אַקעגן. דער בוים מיינט שוין — אַ סוף אָבער דער ווינט נעמט זיך ווידער צו אים — איך וועל דיך אַרויסרייסן, שרייט ער... און מיט אַזוי פיל פּשטות און תמימות דערציילט לוצקי וועגן גורל פון געפאַלענע בלעטער, פון אַ גריבעלע, אַ קעצעלע, אַ מאָסקיטע, אַ פייגעלע, אַ קעצעלע וואָס דרימלט, אַ שטיין אין פעלד, אַ בוים, אַ פילאָזאָף... דער בוים הערט ווי ווינטן באַטאַפּן, סודן זיך. לוצקי זעט אַ וויינענדיקן בוים „אַ טיפן דענקער", אַ בוים „אַן אָפּטימיסט", ער הערט ווי דער וואַלד רעדט...

אויף אַ פּשוטן כמעט פּרימיטיוון אופן, וואָלט איך געזאָגט, ברענגט לוצקי אַרויס די מיסטעריע פון לעבן, ווי דער ערשטער פּרימיטיווער קינסטלער אין דער צייט פון „איידער איידער" („בראשית אינמיטן") וואָס האָט מסתמא אַליין נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון נאָר וואָס געצוימען קריצן מיט אַ שטיין פיגורן פון חיות און מענטשן אויף די ווענט פון היילן.

די פּרימיטיווע פּשטות פון קינסטלער־ראשונים געפינען מיר אין אַזוינע אומפאַרגעסלעכע לוצקישע שורות —

די גראָזן ציטערן ווי קליינע קינדער אויף די פינצטערע פעלדער.
דאָס רוישן פון ווייטע וועגענער
ביי די ווענט פון דער וועלט
דו הערסט?

מיינסט נאָר אַז דו אַליין ווערסט אומעטיק פאַרנאַכט.
אַלע זאַכן אויף דער אומעטיקער ערד
ווערן אומעטיק פאַרנאַכט.

די פילאָזאָפישע תמימותדיקע באַטראַכטונג, די נאַאיווע קינדישע פרעגעניש און פאַראינטערעסירטקייט אין אַלץ און די פּשוטע שפּראַך וואָס לוצקי רעדט דערביי, אָן קונצן, אָן שפּילעכצן, ווען ער איז „פרום־דום" — ווי ער זאָגט ערגעץ — איז דאָס עכטסטע טיפּסטע פון לוצקיס שאַפונג.

לוצקי איז זייער זעלטן פּאַטעטיש, פּאַטעטיש עקזאַלטירט אָבער אַמאָל געפינט איר ביי אים אַזאַ „שטאַרקן" טאָן:

מיין ווילן ווינט אין מיר
פון גרויס געזאַנג אין מיר
גרויט געזאַנג אין מיר
זינג אַרויס פון מיר.

דער זעלבער לוצקי שרייבט אָבער אויך אַזעלכע לידער:

סע ווייסט נישט קיין שאַנדע
סע ווייסט נישט קיין בושה
די היינטיקע אשה

ווייסט אַ מאַרוסיע פון עפּעס אַ בושה
אַזוי היינט די אשה —
אָט גייט זי צעפּאַטלט אינגאַנצן די אשה —

לידער פון דעם סאָרט האָבן אפשר אַ סך בייגעטראָגן צו לוצקיס פּאָפּולערקייט ביים עולם אָבער... נאָכוואָס זיי אין אַ בוך אַריינגעמען?

אַרומגערעדט די אַלערליי אַספּעקטן פון לוצקיס ליד, דאַרף מען איצט נאָך מאַכן אַ שטיקל סך הכל פון זיין דיכטערישן אויפטו ביז היינט — ווי איך זע אים.

איך האָב באַלד אין אָנהויב אָנגעוויזן אויף די אַלערליי אָפּט הפוכדיקע און פאַרשיידענע אין ווערט און קוואַליטעט און כאַראַקטער עלעמענטן און סובסטאַנצן אין לוצקיס ליד, וואָס אנשטאָט צו לעבן האַרמאָניש אָדער אפשר נישט קענענדיק לעבן האַרמאָניש צוזאַמען האָבן זיי נישט דערלאָזט צו כסדרדיקע אַנטוויקלונג און וואוקס און אויסרייפן פון לוצקיס ליד. דער שעפער זוכט שלימות, זוכט דערשלאָגן זיך צו קלאָרקייט, צו געבן זיין שאַפונג איר פערפעקטע פאָרם. צו שלימות האָט זיך לוצקי נאָר דערשלאָגן אין די פשוטע מעשהלעך און אויך נאָר דעמאָלט ווען ער דערציילט וועגן שטומען באַשאַף, וועגן דומם, ווען זיין תמימותדיקע פשטות גיסט זיך צונויף מיטן פאַנטעאיסטישן, אָדער בעסער געזאָגט, מיסטישן געפיל זייענס פאַר דער הייליקייט פון לעבן, אין איין גאַנצקייט. אין אַנדערע שאַפונגען איז לוצקי אָדער צו פילאָזאָפיש, אַבסטראַקט און זיינע מחשבות אָדער אינספּיראַציעס קריגן נישט קיין קינסטלערישן

לבוש; ער איז זאָגעריש ווי אין „בראשית—אינמיטן״ (נישט געקוקט אויף דער בייקייט פון אויסדרוק און באַנעם) אָדער לייכט פילאָזאָפירנדיק, פעליטאָניסטיש; קלוג, אָנרעגנדיק, אָבער אָן דעם טיפערן אַריינקוק וואָס איז דער קענצייכן פון קונסט. אָבער ס'איז דאָ פאַרט עפּעס וואָס גיט אַ כאַפּ, אַפילו אין די לייכטע שפּילעוודיקע, מגידישע עפּיגראַמאַטישע שורהלעך, אין לוצקיס פּשוטע קלוגע רייד. ווי פּאָעזיע האַלטן זיי טאַקע נישט אויס, אָבער זיי נעמען איך ווי קעגן אייער ווילן מיט זייער פּשוטן אמת, מיט זייער אַריינדרינגנדיקער לעבנס־חכמה. אַפילו אין די לייכטערע זאַכן איז ערגעץ פאַרשטעקט אַן עכטער פילאָזאָפישער געפיל וואָס לייזט זיי אויס פון באַנאַלקייט. עס פינקלען אַרויס טיפע שורות, חכמהדיקע רייד, אַפילו גרויס־דיכטערישע שורות און זאָגעכצן...

איך האָב אָנגעוויזן אויף דעם גרויסן פּלאַץ וואָס דער וואָרטשפּיל פאַרנעמט אין לוצקיס לידער. דער וואָרטשפּיל איז ביי אים צו אָפט נישט נאָר פורעם נאָר עצם, תוכן. אָבער דאָס איז נאָך אַלעמען נישט מער ווי שפּיל וואָס לאָזט אונז אַנטוישט, אַפּגענאַרט ווי פון די פאַרבן שפּילעריי פון היינטיקע אַבסטראַקטע מאָלערס. שפּיל איז גוט פאַר קינדער. אַ דער־וואַקסענער מענטש איז עלול צו פרעגן: וואָס מאַכט ער זיך נאַריש?

מען דאַרף אויך אין זינען האָבן אַז לוצקי איז ווי אַ טאָפּלטער מענטש. עס שרייבן די לידער זיינע דער פּאָעט און דער אַקטיאָר־רעציטאַטאָר.

דער אַקטיאָר זאָגט צום פּאָעט: נישט געזאָרגט, איך וועל דיר אַרויס־העלפן. קלינגען טאַקע לוצקיס לידער אַ סך מאָל ווי נאָטן פאַר מוזיק וואָס דאַרף ערשט אויסגעשפּילט ווערן, אינטערפּרעטירט ווערן, וואָס לוצקי אַליין טוט עס צום בעסטן. זיינע רעציטאַציעס פאַרטיפן זיינע לידער, ברענ־גען אַרויס דאָס פאַרבאָרגענע, נישט אַרויסגעזאָגטע. אָבער, ווי איך האָב שוין דאָ עטלעכע מאָל באַטאָנט, אַ ליד מוז קענען שטיין אויף די אייגענע פיס...

לוצקי האָט אָנשטאָט צו באַקעמפן דעם אַקטיאָר אין זיך וואָס זעט תמיד דעם עולם און וויל ביי אים אויסנעמען, זיך אים מער און מער אונטערגעגעבן...

# בימקאָס אַמעריקאַנער דערציילונגען

בימקאָ איז אַנדערש פון אַנדערע דערציילערס און ס׳נעמט צייט ביז מען בייסט אים איין. אַז מען בייסט אים ערשט איין הויבט מען אָן הנאה האָבן. אַז מען לייענט זיינע אַמעריקאַנער דערציילונגען דערפילט מען, אַז דער שרייבער איז ניט קיין גרינער אין אַמעריקע, אַז ער פילט זיך אין אַמעריקע ווי ביי זיך אין דער היים און ער פירט אונדז דאָרט אַרום ווי אַן אַלטער תושב וואָס קען יעדעס ווינקעלע. די סביבה פון שאָפּ און שאָפּ־אַרבעטער און באָסעס און יוניע און דעם אַרבעטערס טאָג־טעגלעכע אינטערעסן און זיין גאַנץ לעבן שטייען אונדז לעבעדיק פאַר די אויגן...

בימקאָ איז אַן אייגנאַרטיקער דערציילער. ער איז נישט קיין טרו־קענער אָבסערוואַטאָר, קיין אָביעקטיווער מאָלער. ער איז בלוטיק פאַר־אינטערעסירט אין זיינע געמעלעכצן. ער דערציילט מיט ביטערער סאַ־טירע, מיט כעס. ער מאָראַליזירט, זאָגט מוסר, מאַכט צו שפּאָט... בימקאָ איז דער אמתער פּראָלעטאַרישער שרייבער... ער מאָלט דעם קאָלעקטיוו, נישט דעם אינדיווידועלן מענטשן. ס׳זיינען ביי אים נישטאָ קיין שאַרף אָפּגעגרענעצטע פּאַרשוינען, נאָר אַרבעטער כלל... צי הייסן זיי זיינוול, פייוול און דזשעק, צי זיי הייסן פלעכט, פליכט און פלאָכט... זייערע פּנימער זעען מיר נישט. בימקאָ עוסקט זיך נישט מיט זיי אַלס יחידים. ביי אים זיינען נאָר פאַראַן אַרבעטער, וואָס אַרבעטן ביי מאַשינען און וואָס זייערע פּראָבלעמען זיינען די פּראָבלעמען פון אַלע אַרבעטער, ווי זיי זאָלן נישט הייסן. און אויך דער באָס איז אַ קאָלעקטיווער באָס מיט אַלע שלעכטע און גוטע אייגנשאַפטן פון באָסעס. און טשיקאַווע איז וואָס ביי בימקאָן קריגט די מאַשין און דער עלעקטרישער מאָטאָר, דאָס פּרעס־אייזן און די שער אַ ממשותדיק לעבן...

אַזוי גיט ער אַ זאָג, ערגעץ וואו וועגן פּרעסל: „אַליין געלאָפן, ווי מ׳וואָלט זיי איינגעגעבן אַזאַ זיסן משונהדיקן געטראַנק, אַז די קעפּלעך זאָלן זיך ביי זיי פאַרדרייען, און זיך נישט וויסן אָפּצושטעלן פאַר שעה׳ן און שעה׳ן". אָדער אַן אַנדערש מאָל זאָגט ער וועגן פּרעסל: „ער האַלט עס ביים ציימל: „צעבריקע זיך נישט, טייער לאָשיקל!"

ווען בימקאָ רעדט וועגן דער יוניע קומט אויס, מיר האָבן צו טאָן מיט אַ לעבעדיקער באַשעפעניש, וואָס איר אָטעם פילט דער אַרבעטער תמיד אויפן קאַרק. און די „מאַשינדלעך״ ביי בימקאָן לעבן, און דער זייגער און דער גאַנצער שאַפּ לעבט מיט אַן אייגן לעבן.

ס׳וואָלט באַדאַרפט אויסקומען, אַז בימקאָס פּערזאָנען זיינען שאַטנס, נישט קיין פולבלוטיקע מענטשן, מיט אינדיווידועלע גופים און נשמות, און ס׳איז טאַקע אַזוי. אָבער מען פילט עס נישט... מען פילט עס נישט ווייל דאָס איז בימקאָס מעטאָד... מחמת דער שרייבער האָט פון אָנהייב אָן אויף קיין איין רגע נישט אַרויסגעוויזן קיין פּאַראינטערעסירטקייט אין דזשעקן, אין פּיוולן, פּערזענלעך, אַזוי צו זאָגן. זיין אויפמערקזאַמקייט ווערט צוגעצויגן פון דער סביבה, דעם קאָלעקטיוו, דעם פּייזאַזש פון שאַפּ. און די אַרבעטער, די מענטשן, זיינען אַ טייל פון דער סביבה. דעמאָלט ווען זיי זיינען אין דער סביבה, לעבן זיי און מיר פילן זייער לעבן. אַפילו אין זייערע הייזער לעבן זיי ווי אַ קאָלעקטיוו — ווי מר. פליכט, פלעכט און פלאָכט פון דער „איסט־סייד״ און זייערע ווייבער: „מרס. פליכט, פלעכט און פלאָכט... זיי האָבן אַפילו די זעלבע צרות מיטן מאָגן און די זעלביקע צרות מיטן „רעליף״, און די זעלביקע ווי פון איין מוסטער גע־מאַכטע לעבנס... און אַזוי ווי בימקאָ נעמט צו לעבן ביי די לעבעדיקע, אַזוי מאַכט ער טויטע לעבעדיק... ער מאַכט פאַר אונדז לעבעדיק די רעליף, די גראָסערי. בימקאָ זעט אויס צו זיין אין אַ גאַנצער בקי אין גראָסערי זאַכן!

„אין די ערשטע צייטן איז זי (רעליף) געווען אַזוי גוט און צוגעלאָזן ווי אַ יונג מיידל, מ׳האָט נאָר געברויכט מאַכן פאַר איר אַ קרומע מינע, לאָזן פאַלן אַ וואָרט, אַ ריר טאָן די ליפּן, מ׳זאָל ביי איר קריגן ס׳טעלערל פון הימל... און איצט, ווי גיך זי האָט זיך איבערגעקערט, געוואָרן אַן אַלטע סטשערווע, אַ מיאוסע בליאַד... און וואָס האָט נאָך ליב אָנצוקוועלן, אַז מ׳צאַפּלט זיך פאַר איר אין די אויגן, אויפן שטריקל״...

די רעליף איז געוואָרן אַ באַשעפעניש, וואָס האָט ליב צו מוטשען מענטשן!

מ׳קאָן קומען מיט טענות צו בימקאָן, אַז ער זעט נישט די טראַ־געדיע פון הונגער און אַרבעטסלאָזיקייט און די גראָשנס, וואָס דער רעליף האָט צוגעוואָרפן... ביי אים קומט אויס אַז די ווייבער, צי זיי האָבן באַ־דאַרפט צי נישט, האָבן זיך געשלאָגן מיט דער „רעליף״ אַרויסצוקריגן שייבע קאַוטס און פאַרלייקנט זייערע פאַרדינסטן... ס׳איז נישט אַ קאַמף פאַרן טרוקענעם שטיקל ברויט, נאָר ווי בעסער צו לעבן אויפן חשבון פון צדקה... אַפּנים דער שרייבער איז דאָ פאַרפירט געוואָרן פון זיין חוש פאַר קאָמעדיע, פון זען די מענטשלעכע מיאוסקייט אין קליינלעכקייטן און

זי פאַרגרעסערן, זי אַרויספירן אויף דער ליכטיקער שיין און מאַכן פון איר חוזק... דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו פון בימקאָס קונסט. בימקאָ דער סאַטיריקער, דער מאָלער פון „קאָמעדיע פון זיטן", זעט זיך דאָ זייער שטאַרק אָן. ער זעט זיינע מענטשן נישט ווי אַ דערציילער נאָר דווקא ווי אַ דראַמאַטורג. דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער פונקט וואָס בעט זיך אויף דעם אָפּצושטעלן. דער מעטאָד פון נאָוועליסט און דער מעטאָד פון דראַמאַטורג זיינען פאַרשידן. דער דראַמאַטורג אָפּערירט מיטן דיאַלאָג. ער פירט אַרויף זיינע מענטשן אויף אַ בינע און פון זייערע רייד דאַרפן מיר אַרויסקריגן זייערע כאַראַקטערן, דעם פּראָבלעם וואָס האָט זיי צו־זאַמענגעבראַכט, אָדער וואָס דער פאַרפאַסער האָט פאַר זיי אַוועקגעשטעלט. זיי זאָלן זיך מיט אים ראַנגלען, נישט מעכאַניש נאָר אָרגאַניש. אויב ער איז אַ קינסטלער. דער דראַמאַטורג גריבלט זיך נישט אין יחידס באַ־וואוסטזיין, אין זיינע געדאַנקען און פּראָבלעמען (וועלכע זיינען נישט קיין שטאָף פאַר אַ דראַמע). אין דעם דראַמאַטישן קונסטווערק שטייען בראש פּראָבלעמען, ס׳רוב סאָציאַלע פּראָבלעמען (טשעכאָוו האָט באַשאַפן עפּעס נייעס ווען ער האָט אַרויסגעבראַכט אינדיווידועלע, „דערציילערישע" שטימונגען אויף דער בינע.) אין דער דראַמע איז דער מענטש נישט גלאַט אַזוי אַ מענטש, יאַנקל צי פּיזול, נאָר אַ טיפּ, אַ כאַראַקטער, אַ רעפּרעזענ־טאַנט פון אַן אידייע. און די טעכניק פון דראַמאַטורג איז אַ גאַנץ אַנדערע ווי פון אַ דערציילער, נאָוועליסט, וואָס דאַרף נישט לאָזן זיינע כאַראַקטערן רעדן. — ער קען זיי אויסמאָלן, ער קען וועגן זיי דערציילן, ווי ער זעט זיי, אָדער ווי אַנדערע האָבן זיי געזען. ער קען באַשרייבן זייערע לעבנס געשיכטעס פון דור־דורות. און אַריינדרינגען אין זייערע אינטימע גע־דאַנקען און חלומות. מ׳קאָן זאָגן, אַז דער הויפּט אונטערשייד ליגט אפשר טאַקע אין דעם וואָס די דראַמאַטישע פּערזאָנען רעדן און אין די שאַפונגען פון דערציילער און נאָוועליסט קענען זיי אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן און נישט אַרויסרעדן קיין צען ווערטער. בימקאָס אופן פון מאָלן דורך רייד זיינע „העלדן" איז ווי פונעם דראַמאַטורג: זיינע העלדן רעדן אַ סך און ער רעדט אַ סך (איך זאָג עס נישט לגנאי). בימקאָס לשון איז אַ היימישער, קערנדיקער פאָלקס־לשון פון פּוילישע יידן אָנגעפּיקעוועט מיט ווערטעלעך, מיט אידיאָמאַטישע אויסדרוקן. דאָס ביסל ענגלישע ווערטער, וואָס דאָס לשון האָט דאָ אַריינגענומען, ווערן ממש דערטרונקען אין דעם ים פון יידיש. ס׳פּשוט אַ רחמנות אויף זיי. בימקאָ שיט מיט פולע זשמעניעס לשון... דער לייענער טראָגט זיך ממש אויף די כוואַליעס פון זיין לשון, און טראָגט זיך לייכט און מיט פאַרגעניגן. נאָר נישט וועגן שפּראַך אַלס אַזעלכער האָב איך דאָ געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער, (כאָטש פאַר דעם

אַליין דאַרף מען בימקאָן געבן אַ סך שבחים), נאָר וועגן דעם ווי בימקאָ בויט זיינע דערציילונגען דורך רייד. ער מאָלט נישט, ער באַשרייבט נישט, ער רעדט און די מענטשן רעדן מיט. זיין דערציילונג איז אָפט נישט קיין דערציילטע דערציילונג, ס'איז אַ גערעדטע דערציילונג. פון אַלע בימקאָס דערציילונגען קריגט מען זעלטן אַ באַגריף ווי אַ מענטש זעט אויס. וועגן „פאַרמאַן" אין איינער פון זיינע דערציילונגען, זאָגט אונדז בימקאָ בלויז, אַז ער איז אַ דאַרער. אָבער די פּרטים פעלן אונדז נישט בשעת מיר לייענען... מיר זעען פאַר זיך ווי אַ יונגער „פאַרמאַן" מיט זיך אַרויפצוצווינ־גען זיין רצון אויף די אַרבעטער. די דערציילונג איז זייער אַ געראָטענע, אָבער וואָס פאַר אַ מין מענטש דער פאַרמאַן איז „אָן און פיר זיך" ווייסן מיר נישט. בימקאָ זאָגט עס אונדז נישט. בימקאָן אינטערעסירט — איך מוז נאָכאַמאָל איבערחזרן — דער לעבן פון קאָלעקטיוו און די פּסי־כאָלאָגיע פון יחיד עקזיסטירט נישט פאַר אים.

די געראָטנסטע און בולטסטע דערציילונגען זיינען ביי בימקאָן די, וואָס פאַרמאָגן אַ צענטראַל־פּונקט, זיינען אָנגעקניפּט אין איין אינצידענט. געוויינטלעך איז דאָס אויך אַ דראַמאַטישער איינפאַל און וואָלט געווען זייער גוט אויף דער בינע. אַזוי למשל „דער טאַטע". פון דעם וואָלט נאָר אַרויסגעקומען אַ מחיהדיקער איינאַקטער. ס'באמת אַ פאַרגעניגן צו זען ווי בימקאָ באַאַרבעט די דאָזיקע קאָמיש־דראַמאַטישע סיטואַציע. אַן עלטערער „טאַטע" וואָס איז געווען אַמאָל אַן אַרבעטער קאָן איצט צוליב דעם, וואָס זיינע זין זיינען געוואָרן די באַלעבאַטים פון שאַפּ נישט אַרבעטן אין דעם שאַפּ, און אים גייט ממש אויס דאָס חיות צו אַרבעטן, ער קען נישט אַרומגיין פּוסט און פּאַס.

דער טאַטע קען נישט פאַרשטיין:

„ביי מיינע קינדער וועל איך ערגער אָפּזיין פאַר יעדן איינעם... ברויכן צוצוקוקן ווי אַנדערע אַרבעטן און אַליין זיך נישט טאָרן צורירן צו גאָר" . . .

זאָגט אים דער שאַפּ טשערמאַן:

— „איר האָט זיך גאָר נישט וואָס צו קאָכן, ר' ייד, ווייל די אַרבעט מוז געמאַכט ווערן דורך יוניע הענט: ס'אַ יוניע־שאַפּ".

— און אַז מיינע הענט האָבן זיך נישט אָפּגעטובלט אין דעם הייליקן וואַסער פון דער יוניע?

גיט אים דער טשערמאַן צו פאַרשטיין:

— אָט ווען מ'זאָל אים אַפילו אַריינעמען אין דער יוניע, וואָס ס'קען אַזוי געמאָלט זיין, ווי דער הימל זאָל צו דער ערד קומען, וואָלט

מען אים דאָ אויכעט נישט לאָזן אַרבעטן, ווייל די באַלעבאַטים זיינען זיינע קינדער און אַ טאַטע איז גוט ווי אַ שטיק באָס...

און דער טאַטע — כאַטש נעם און לייג דיך אַוועק, פאַל אויף די קני, מ׳זאָל דיך לאָזן אַ שטאָך טאָן מיט דער נאָדל.״

לויט דעם אַרבעטער קומט אויס:

„דער ייד איז אַ שוטה... אַ שטיק טפש... האָט זיך פאַרלייגט אויף דעם שאָפּ... גיב אים אַכטצען קרענק...״

אין דער דערציילונג „דער זייגער״ גייט אָן אַ קאַמף אין שאָפּ צוליב דעם וואָס מ׳האָט דאָרט אַריינגעשטעלט אַ זייגער, און די אַרבעטער מוזן קומען גאַנץ פרי, אין צייט נישט צו פאַרלירן אַ פּאָר סעקונדן. און זיי פילן אַז ס׳איז דאָ אין שאָפּ „ביי וועמען מ׳ברויך זיך אַיין און אויסמעלדן...״

בימקאָ דער אָפּלאַכער, דער מוסר־זאָגער, זאָגט זייער שאַרף אַריין סיי דעם אַרבעטער, סיי דער יוביע. ער ווייזט די אַרבעטער זייער אָפט אין נישט קיין שיינעם ליכט. ער מאַכט פון זיי נידעריקע נפשות, פּרע־סערס, אָן אַ פונק פון מענטשלעכקייט. אָט קומט אַ נייער אַרבעטער אין אַ שאָפּ אַרבעטן, און די אַרבעטער וואַרפן די אַרבעט צוליב דעם נייעם מענטשן, זיי ווילן אים נישט. פאַרוואָס? דער שאָפּ זאָגט גאַנץ אָפן: „מ׳וויל נישט האָבן נאָך איינעם צו דער קאָריטע״... דער באָס אַפילו שטעלט זיך איין פאַרן אַרבעטער, אָבער די אַרבעטער ווילן נישט. — זיי האָבן מורא: „אפשר וועלן זיי האָבן ווייניקער...״

אין דער דערציילונג „קאַרל מאַרקס״ זייבען אַלע אַרבעטער קעגן איינעם, וואָס פרעדיקט פאַר זיי אַביסל לייטישקייט. זיי רופן אים דערפאַר אָפּלאַכעריש: קאַרל מאַרקס. דער כעס ביי בימקאָן אויף זיי איז אַזוי גרויס אַז ער זאָגט דורכן מויל פון זיין העלד: „און ס׳וועט דען עפּעס העלפן אַ רפואה? סיידן דאָס וועגטל... נו, גיי נעם און שטעל זיי אַלע צום וועגטל! שיס אויס אַלע אַרבעטורער... מיט וועמען וועט זיין צום טיש צו גיין? מיט די באָסעס? און מיט זיי איינפירן סאָציאַליזם אויף דער וועלט?״...

ווער קען זאָגן דעם שרייבער: ניין, ביזט נישט גערעכט, דער אַרבע־טער איז נישט אַזוי שלעכט. — ס׳האָט דעם שרייבער געמוזט געגוג ווייטאָן, אַז די ביטערקייט איז ביי אים אַזוי גרויס. — און ער איז דאָך נישט געקומען פון דער ווייטנס כאַפּן אַ קוק. ער האָט דאָך דעם אַרבעטער געזען יאָר אויס יאָר איין. איז ער דאָך באַרעכטיקט צו זיין מיינונג!

אַ פאַרשעמטער אַרבעטער זאָגט ביי אים:

...„מען ברויך שניידן שטיקער, לעבעדיקע שטיקער פון די אַרבע־טאָרער, טינקען אין עסיק און זיי דאָס געבן אויפצועסן...״

דער פאָלקס מענטש בימקאָ שטעקט מיט אַלע זיינע וואָרצלען אין

פאָלקס מעשה, וואָס ענדיקט זיך תמיד מיט אַ מוסר השכל, וואָס מען דאַרף דעם לייענער אַריינלייגן אין מויל אַריין, טאָמער וועט ער אַליין נישט פאַרשטיין.

בימקאָ האָט אין די מייסטע פון זיינע דערציילונגען צום סוף, אָדער אַמאָל אינמיטן, אַ פּאַראַגראַף אין קורסיוו, וואו ער ברענגט אַרויס דעם מוסר השכל פון דער דערציילונג.

אָט ווי אַזוי ער פאַרענדיקט די דערציילונג „אויף צום ערשטן מאַי!".

„ווי ווייניק פינפערלעך זי וועט נישט אַריינקריגן, וואָלט זי זיך אַלץ געמעגט ווינטשן יעדן חודש אַן ערשטן מאַי צו האָבן, די יוניע..." (אין קורסיוו).

ער וויל אַרויסברענגען, אַז די יוניע גייט אויף אַזוי פיל אַן דער ערשטער מאַי, וויפיל פינפערלעך זי קען אַריינקריגן.

אָדער דער סוף פון דער שוין דערמאָנטער דערציילונג „קאַרל מאַרקס":

„כ'גיי נישט מער אַרבעטן. מיט די אַרבעטאָרער איז דער שאפּ פאַר מיר מער קיין שאפּ נישט".

בימקאָ איז איינער פון די געציילטע שרייבער ביי אונדז וואָס שרייבן וועגן אַמעריקע אויטענטיש. ד. ה. זיי שרייבן טאַקע וועגן אַמעריקאַניש־יידישן לעבן און נישט וועגן שטעטל מיט אַמעריקאַנישע נעמען. ער האָט צעקייעט, און פאַרדייעט ס'אַמעריקאַנער יידישע לעבן, און עס אונדז דערלאַנגט אויף זיין שטייגער; אונדז געגעבן די זעלבע פאָלקישע, געשמאַקע, פולזאַפטיקע שילדערונגען וואָס ער האָט אונדז געגעבן אין זיינע דערציילונגען פון יידיש־פוילישן לעבן.

# לייענענדיק מיכל ליכטן

במשך עטלעכע וואָכן האָב איך מעיין געווען אין דער ליטעראַרישער ירושה פון אונדזער מאָדערניסט פּאַר־עקסעלאַן, מיכל ליכט, וואָס זיין פריינט נ. ב. מינקאָוו, איז געווען אַזוי גוט מיר צוצושיקן דאָ נישט לאַנג צוריק. כ'האָב געלייענט מיט גרויס אינטערעס די דערציילונגען, די ליד־דער, דאָס מעמואַרן־בוך מיטן טשיקאַוון נאָמען „וועלוול גאָטה", די קרי־טיק. דער שרייבער האָט מיך פאַראינטערעסירט. כ'האָב נאָכאַמאָל אַ בלעטער געטאָן, אַ לייען־געטאָן, נאָכדעם ווי כ'האָב שוין, דוכט זיך אַלץ אויסגעלייענט. איך מוז זיך מודה זיין אַז געוויינטלעך טו איך עס נישט. אַ סך ביכער דערלייען איך נישט און אַ סך פון די וואָס כ'האָב יאָ אויס־געלייענט און אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָליצע, וואָלט איך געשוואוירן אַז כ'וועל זיך צו זיי מער נישט צורירן. נישט אַזוי מיט מיכל ליכטס ביכלעך (איך זאָג ביכלעך, נישט ביכער, נישט חלילה מיט גרינגשעצונג, נאָר צוליב זייער דינקייט און זייערע פּאַפּירענע טאָוולען; פאַרקערט, זיי געפעלן מיר מיט זייער אומפּרעטענציעזקייט, מיט זייער ציכטיקער ווייסקייט, מיט די איידל־געצייכנטע פּאָדערבלעטער וואָס ליכטס פרוי האָט געמאַכט; זיי געפעלן מיר בעסער ווי די דיקע בענד אין טייערן לייוונט געבונדענע).

מיט וואָס האָט מיך מיכל ליכט אַזוי געפּענטעט?

איך האָב אים נישט געקענט און אים קיינמאָל נישט געלייענט פריער, אויף ווי ווייט איך קען זיך דערמאָנען. ער איז פאַר מיר געווען אַ נייער שרייבער און אַזוי אַנדערשדיק — קיינער שרייבט היינט ביי אונדז נישט אַזוי — אָבער דאָס נייע און אַנדערשדיקע וואָלטן נישט געווען בכוח מיך אַזוי צו פאַראינטערעסירן. ס'איז עפּעס אין דעם שרייבער גופא, אין דעם סאָרט מענטש וואָס ער איז (נישט דער קאַליבער פון זיין טאַלאַנט אָדער זיין דערגרייכונג) וואָס האָט מיך צוגעצויגן און מיך געמאַכט זיך פאַרטראַכטן און נאָכטראַכטן און איצט שרייבן וועגן אים. איך האָב דעם מענטש ליכט דערשפּירט אין זיינע ביכער. ער איז געווען אַ זעלטענער טיפּ צווישן אונדזערע קליינשטעטלדיקע פאַלקסמענטשן. אַן אינטעלעקטואַל

וואָס זיין גייסטיק און שרייבעריש פּנים האָט זיך פאָרמירט אין דער געדאַנקען־וועלט פון דער מאָדערנער קולטור און אירע גייסטיקע און קינסטלערישע שטרעמונגען. און ער האָט — איז מיין אימפּרעסיע — זיך אויסגעלעבט אין די ד׳ אמות פון זיין גייסטיק־שרייבערישער וועלט, אין זיינע שרייבערישע זוכענישן און געראַנגלען און געגאַנגען אומקאָמפּראָמיסלעך זיין אייגזאַמען, שטילן לעבנסוועג. פיזישע קראַנקייט און, ווי איך בין זיך משער, גייסטיקע פאַרפלאָנטערטקייטן און די סביבה אינדזערע, דער „גאָלדענער זומפּ״, ווי ב. גלאַזמאַן האָט זי מיט פאַרביטערונג באַצייכנט (איך ווייס נישט וועגן גאָלד) האָבן נישט דערלאָזן ער זאָל קאָנען שלימותדיק אַנטוויקלען דעם טאַלאַנט וואָס ער האָט געהאַט.

פאַר דעם נאָוואַטאָרישן נישט אויסגעטראָטענעם וועג וואָס ליכט האָט אויסגעקליבן צו גיין זיינען נויטיק אַ סך גרעסערע כוחות ווי פאַר אַ גוט אויסגעטאָפּטשעטן וועג. ליכט איז אַוועק אַלץ ווייטער אין וועג פון מאָדערניזם, פון אולטראַ־אינדיווידואַליזם בשעת זיינע מיטגייערס, ווען זיי זיינען געזעצטער, מיושבדיקער און תכליתדיקער געוואָרן האָבן זיי זיך אָפּגעקערט פון וועג וואָס האָט געפירט צו „אין־זיך״ און זיך פאַרקירעוועט אין וועג פון כלל־ישראל. מיטן אָנקום פון די רייפערע יאָרן איז פאַרשוואונדן די נאַרציזיסטישע אין זיך פאַרליבטשאַפט פון יוגנט; ס׳איז פאַרבליאַקעוועט געוואָרן דאָס עגאָצענטרישע, דאָס אינטראָספּעקטיווע, דאָס יחידישע, דער דראַנג צו נייקייט און עקספּערימענטאַציע; ס׳איז געקומען דאָס טיפּיש־יידישע, דאָס באַוואוסטזיין, אַז מ׳איז אַ יידישער שרייבער, אַז מ׳טראָגט די אחריות פאַרן כלל־ישראל.

אין תוך איז דער „אינזיכיזם״ געווען אַ פרעמדע זאַך ביי אונדז, אַן איבערגעפלאַנצטע אויפן יידישן באָדן פון אַנדערע ליטעראַטורן. די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אַנדערע דאגות, וואַזשנערע פּראָבלעמען ווי קאַלעידאָסקאָפּישקייט, אורבאַנישקייט ,אומפאַרשטענדלעכקייט וכדומה. אָבער ווי אַ שטורעמווינט רודערט אויף אַ פאַרגליווערט וואַסער, אַזוי האָט דער אינזיכיסטישער אויפרודער, די נאָוואַטאָרישקייט אין שפּראַך און פאָרם און אויך די געדאַנקלעכקייט וואָס אינזיכיזם האָט פּראָקלאַמירט בלי־ספק באַפרוכפּערט און באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור. אָבער די ספּעציפיש יידישע נויטן האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרלייקענען .די „אינזיכיסטן״ האָבן נישט געהאַט קיין לייענער וואָס זאָלן זיין דערוואַקסן זיי נאָכצופאָלגן אין די מאָדערניסטישע וועגן. די טונקעלע וואָלקנס וואָס האָבן זיך צעלייגט אויפן יידישן הימל זיינען געוואָרן דראָענדיקער און גערופן אַהיים.

יעקב גלאַטשטיינס „אַ גוטע נאַכט, וועלט״ איז געווען אַ פינאַלער

זיי־געזונט צו ריין קינסטלערישע חלומות וואָס דער יידישער קינסטלער האָט זיך דערלויבט צו חלומען. אַ גוטע נאַכט, וועלט! מ׳דאַרף אויף זיך אָנזאָטלען דעם יידישן עול. זייט געזונט איר חלומות פון עליזיום, פון פאַרברידערונג. די צווייטע זייל פון „אינזיכיזם״, א. לעיעלעס, איז אין זיין צוריקטריט געוואָרן אולטראַ־קאָנסערוואַטיוו אין פאָרם, זיך אומגעקערט צו קלאַסישע לידער־פאָרמען, דעם סאָנעט און טריאָלעט אַפילו.

ליכט איז פאַרבליבן דער אינדיווידואַליסטישער רעבל, פאַרקראָכן אַלץ טיפער אין עקסטרעמען מאָדערניזם. זיין עקסטרעמקייט, זיין נישט וועלן אָדער נישט קענען נעמען אויף זיך דעם עול פון אַ יידישן שרייבער האָבן אים געמוזט מאַכן פאַר אַ פּרוש אין דער יידישער ליטעראַטור און צוגענומען די כוחות צום וואַקסן. ער האָט נישט געוואוסט ווי צו פאַרבינדן דאָס נייע מאָדערנע מיט דער אידייע פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַנדערע שרייבער האָבן געטאָן. ער האָט נישט געפונען זיין אייגענעם וועג, געבלאָנדזשעט אין פרעמדע וועגן. מען קאָן געפינען ביי אים אַן אָפּקלאַנג פון די שטרעמונגען און ליטעראַרישע שולן פון זיין צייט. לייענענדיק ליכטן האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ סך פרעמד־שפּראַכיקע שרייבער, ענגלישע און פּוילישע מאָדערניסטן פון די צוואַנציקער, דרייסיקער יאָרן. די פּוילישע האָב איך געהערט דעקלאַמירן זייערע לידער פאַר מיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע און די ענגלישע האָב איך געהערט לייענען זייערע שאַפונגען ביים שיין פון סטעאַרין־ליכטלעך אין „ווילעדזש״־סטודיאָס און קעלערס, און געלייענט זיי אין אַזוינע אַוואַנגאַרד זשורנאַלן ווי „דאיעל״, „פּאָעטרי״, „מערקיורי״ און אַנדערע.

ליכט האָט אין מיר דערוועקט זכרונות פון אייגענע בלאָנדזשענישן און זוכענישן פון די צעטומלטע גרינע יאָרן, די שוועריקייטן פון געפינען אַ בריק צווישן דער אַלטער און נייער היים; ראַנגלענישן מאַטעריעלע און גייסטיקע; ראַנגלענישן פון אַ יונגן שרייבער מיט זיך, מיט דער סביבה — ראַנגלענישן מכל המינים שהוא...

ליכטס פּראָזע איז פאַר מיר אַ סך אינטערעסאַנטער ווי זיין פּאָעזיע. אפשר ווי אַ פּראָזאַאיקער האָב איך מער אינטערעס אין פּראָזע. וויל איך נישט אַרויסטראָגן קיין פּסק־דין אַז ליכטס פּראָזע וועגט אַריבער זיין פּאָעזיע. ער איז אָבער בלי ספק ווי אַלע מאָדערנע פּאָעטן געשטאַנען נאָענט צו פּראָזע און געקענט שרייבן גוטע פּראָזע. ליכטס דערציילונגען, כאָטש נישט קיין פאַרגאַנצטע, רייפע זאַכן, זיינען פריש, אינטערעסאַנט, לאָזן זיך לייענען. אין אונדזער אָרעמער צוריקגעשטאַנענער פּראָזע לעקט מען נאָך די פינגער פון דער רעאַליסטישער, נאַטוראַליסטישער סקיצע מיט איר נודנער דעטאַלירטקייט און לעבנס־געטרייקייט. ס׳איז געוועזן פאַר מיר

אַ דערפרישונג צו לייענען ליכטס מאָדערנע דערציילונגען. ער שילדערט נישט דאָס דרויסנדיקע, אַ רעגנדיקן אָדער פאַרשנייטן טאָג (וואָס פאַר אַ נייעס מ׳קאָן דאָ שוין באַווייזן!). ער דערציילט אונדז נישט באריכות וועגן אויגן־קאָליר און האָר־קאָליר, אָדער די הויט־קנייטשן. ער פירט אונדז אַריין דירעקט אין דער געדאַנקלעכער און געפילטער, אין דער אינערלעכער וועלט פון זיינע פערזאָנען. ער שפינט די מענטשן אַרום מיט אַן אַטמאָספער און שטימונג. ער האַלט זיך נישט ביי כראָנאָלאָגיע אָדער סיפור המעשה. נאָר גיט דעם דענק־פּראָצעס פון זיינע העלדן, באַנוצט אַ סך דעם „באַוואוסטזיין־שטראָם״, דעם מעטאָד וואָס דזשעימס דזשאָיס האָט באַרימט געמאַכט אין זיין „יוליסעס״ און פלעכט אויך אַריין דעם מחברס טראַכטונגען און באַטראַכטונגען — און ס׳געלינגט אים צו רעאַליזירן בילדער, איבערלעבונגען, געמיט־צושטאַנדן. זיי זיינען ס׳רוב ביאָגראַפיש, וואָס איז אַ נאַטירלעכע זאַך ביי אַ יונגן שרייבער וואָס איז נאָך דערצו אַ געשוואוירענער אינטראָספּעקטיוויסט און איז נאָך שטאַרק פאַרנומען מיט בחור־מיידל פּלאָנטערס, מסתמא אויך אייגענע.

דאָס נאַרציסיסטישע פאַרליבט זיין אין זיך וואָס די פּרימיטיווסטע פאָרם דערפון איז קוקן כסדר אין שפּיגל, זעען מיר באַלד אין דער ער־שטער קליינער סקיצע ווי ליכטס „העלד״ זאָגט, נאָך אַ סך טראַכטענישן, ביי זיין שוועסטערס קינדס וויגל:

„איך נעם אַרויס פון קעסטעלע אַ סיגאַרעט און פאַררויכער. אין שפּיגל קוקט דאָס אומפאַרלאָשענע שוועבעלע נאָענט צו מיין נאָז עפּעס אַזוי מאָדנע ליכטיק־בלוי... איך בין נאָך נישט אַלט. איך געדענק...״

אין אַ צווייטער דערציילונג דערציילט אונדז ליכט, אַז „טרוימען האָבן פון אומגעהויערער (?) יוגנט אָנטייל גענומען אין דערווירקלעכ־קייט פון גרשום טאָווימס לעבן... און שוועבנדיק פריי איבער אַלערליי אוממעגלעכקייטן האָט ער זיך דאָך איבער אַ טרוים ווי איבער אַ גלאַטן שפּאַציר־וועג אויסגעגליטשט״...

אין אַלע זיינע דערציילונגען פילאָזאָפירט דער מחבר וועגן פּעסימיזם און עסטעטיק און רעדט וועגן אַנדערע שרייבער און דענקער. ער רעדט אויך אַ סך וועגן מוזיק. איך ציטיר פון דער דערציילונג „אַ זומער — פּאַסטליוד״:

„זי וועט שפּילן ווי נאָר זי אַליין קען עטיודן פון די יונגע איטאַליענער, וועלכע האָבן מער ווי אַנדערע מאָדערניסטן אָנגעכאַפּט ס׳לעבן ביי די הערנער״...

מוזיק האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין מיכל ליכטס לעבן. ער

**דערמאָנט מוזיק אָפּט סיי אין זיינע דערציילונגען סיי אין זיינע לידער. מוזיק איז פאַר ליכטן געווען אַ טיפע דורכלעבונג.**

**איך נעם אַרויס פון אַ ליד, „צו חוהן״, די ערשטע פיר שורות און די לעצטע פינף שורות:**

„נישט גלאָריע פון 34 יאָר
צו זינגען וויל איך איצט באַווייזן,
נאָר אַ לעבן וואָס האַלט זיך אויף אַ האָר
און שטאַרקער איז פון און אייזן.

אין די אייגענע 4 ווענט ווי וואונדערלעך צו זיין.
ווי דורכן פענצטער קוקט אַריין אַ זון, אַ דרויסן,
אַ שטיק נאַכט, אַ טייך,
גענוס און פיין געמישט מיט
בעטהאָוון — מאָצאַרט — באַך.״

מיכל ליכט האָט געקענט אָפּלאַכן פון זיך. אַ מענטש וואָס האָט זיך אַ סך געגריבלט אין זיך און געהאַט גרויסע פאָדערונגען צו זיך און איבערגעלעבט מסתמא אַ סך אַנטוישונגען, האָט ער איבער אַלע זיינע ביכער צעוואָרפן איראָנישע זיך־קריטיק. אָפּשפּעטענישן פון זיינע מענטש־לעכע, קינסטלערישע איינרעדענישן אין וועלכע ער שאַנעוועט זיך נישט. ער גיט נישט איבער זיינע שוואַכקייטן און מיאוסקייטן צו אַן אַנדערן, אַן אימאַגינאַציוון „העלד״, וואָס דאָס קומט אָן אַביסל לייכטער ווי אַרויס־צושטעלן זיך אַליין אין דער גאַנצער נאַקעטקייט און שמייסן זיך אַליין.

דאָס מעמואַריסטישע בוך „וועלוול גאָטה״ איז אָנגעפּראָפּט מיט אָפּ־שפּאָטן און אָפּלאַכן פון זיך אַליין. אָבער אויך אין זיינע לידער איז דאָ געוויס חוזקן און איראָניזירן איבער זיך אַליין און אַנדערע — אַלאַ היינע:

„איך מיכל שאַיע אידלס פון ביליזערקע
אַ העלד אַ שטרויענער
פאַבריציר דאָס אַזאַנזאַ סאָרט טרויס־צוקערקעס
אדרבא נעמט טוט און זעט
מיט וואָס פאַר אַ גענגלעך אונדזער קונסט גייט
יעדער קינסטלער אַ שטערן

אונדזער ליטעראַרישע נאָטאַבלען
ווער אין גאַטיעס און ווער אין קאָלסאַנען
יעדער מיט זיינע פאַטשערקעס און קרעלן.״

מיכל ליכט האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ אוקראַאיניש דאָרף. די נאַטור פּעיזאַזשן, די היימישע יידן, זיינע ערשטע יוגנטלעכע איבערלע־בענישן ווען ער איז נאָך געווען ליריש־אידיליש־ראָמאַנטיש, זיינען ווי די צווייטע זייט פון דעם דיסאילוזיאָנירטן, פאַרמוחטן, פילאָזאָפירנדיקן ניו יאָרקער אינטעלעקטועלן דיכטער.

ס׳איז בפירוש צו זען דעם ויתרוצצו צווישן דעם אידעלן פּאָעטישן געמיט וואָס האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט דער שיינקייט פון דער אוקראַאיני־שער ערד, מיט דער שפּעטערדיקן ביכערישן אינטעלעקטואַליזם פון ליכטן, דעם מאָדערניסט.

ער זאָגט וועגן זיך אין זיין „וועלוול גאָטה״:

„דאָס איז אַנטקעגן געקומען שפּעטער אין זיין אומפּעאיקייט זיך איינצואָרדענען... דערפון זיין שפּעטערדיקער דואַליזם, דרויבל נאָך דרויבל פון גרויסן ציוויליזאַציע טיש האָט געפירט אַן אומאויפהעריק געפּעכט מיט ר׳ יואלס רעליגיעז זיטלעכער מאָרינירטער יידישקייט... אין אים האָט פון איין זייט געלעבט ס׳אייגן אויסגעטראָטן סטעזשקעלע פאַזע דער סאַ־זשעלקע פון שטעטלדיקן פּריצישן סאָד וואו שאָטנס קווערן זיך אין אי־דילישן פאַרנאַכט... אויף ווען עמען יאָנטל דער רב האָט געזאָגט, אַז ער וואַקסט אַן עילוי מיט דעם באָרג פון אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע״...

דער שפּעפערישער פּראָצעס העלפט דעם קינסטלער זיך באַפרייען פון דעם ויתרוצצו און דער צעריסנקייט אין זיין נשמה. זאָגט ט. ס. עליאָט:

„פּאָעזיע הייסט נישט לאָזן די עמאָציעס זיך פאַנאַנדערצופלייצן, נאָר זיך באַפרייען פון די עמאָציעס; עס איז נישט דער פּערזענלעכקייטס אויסדרוק, נאָר דאָס באַפרייען זיך פון פּערזענלעכקייט. בלויז יענע וואָס האָבן פּערזענלעכקייט און עמאָציעס ווייסן וואָס עס מיינט צו וועלן זיך באַפרייען פון די זאַכן״.

איך נעם דעם ציטאָט פון ט. ס. עליאָטס עסיי: „טראַדיציע און דער אינדיווידועלער טאַלאַנט״, וואָס מיכל ליכט האָט איבערגעזעצט, וואָס גייט אַריין אין זיין בוך עסייען און איבערזעצונגען אונטערן נאָמען „אויף די ראַנדן״.

נ. ב. מינקאָוו, איינער פון די גרינדער און באַגרינדער פון „אין־זיך״, האָט צו די אַלע ליכטס ביכער געשריבן קורצע אַריינפיר־ווערטער: זאַכ־לעכע, איינגעהאַלטענע און אינפאָרמאַטיווע.

# טאָמאַס מאַנס ביבלישער ראָמאַן
# „יוסף אין מצרים"

טאָמאַס מאַן, אפשר דער גרעסטער שרייבער פון אונדזער דור, האָט במשך די לעצטע פופצן יאָר, בעת היטלער האָט מלחמה געהאַלטן קעגן יידן, געשריבן זיין גרויסן ראָמאַן „יוסף אין מצרים" — אַ טעטראַלאָגיע (אין ענגליש איז דאָס בוך אַרויס אין 6 בענדער), אַ ווערק וואָס איז די קרוין פון זיין שעפערישער אַרבעט. איך וויל אין דעם ניט אַריינטייטשן קיין מיסטישע אָדער מעטאַפיזישע כוונות, אָבער פאַר אונדז יידן איז, נאַטירלעך, שטאַרק אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס עס האָט באַוואויגן דעם גרויסן דייטשישן שרייבער זיך צו פאַרנעמען מיט דער יוסף־געשיכטע. אַ שרייבער ווי טאָמאַס מאַן זעצט זיך דאָך ניט אַוועק אַרבעטן איבער אַ טעמע גלאַט אַזוי. אַ ווערק און זיין באַשעפער זיינען דאָך, צו באַנוצן זיך מיט אַן אַלטן פאַרגלייך, ווי אַ פאָטער און אַ קינד... זיי זיינען דאָך מיט אַלע בלוטן באַהאָפטן... פשוטער גערעדט: דער שרייבער קלייבט זיך דאָך אויס אַ טעמע דורך וועלכער ער קען געבן זיין ענטפער אויף דער וועלט און דער צייט אין וועלכער ער לעבט; זיין ענטפער אויף די פּראָבלעמען און מענטשן און זאַכן וואָס באַשעפטיקן אים...

פאַרשטייט זיך, פאַרשיידענע דרויסנדיקע, צופעליקע סיבות באַ־איינפלוסן דעם שרייבער ביים אויסוויילן די טעמע. דער פּראָצעס איז אַן אונטערבאַוואוסטזיניקער. די טעמע פאַרכאַפּט דעם שרייבער און וואַקסט אין אים, אָבער ס'איז קלאָר אַז דער שרייבער און די טעמע מוזן זיין אַ זיווג... דער שרייבער פילט אַז דורך דער טעמע וועט ער קענען זאָגן וואָס ער וויל און מוז און דאַרף זאָגן.

ווען מ'איז באַקאַנט מיט טאָמאַס מאַנס אַנדערע ווערק זעט מען די שנור, וואָס פאַרבינדט די יוסף־ביכער מיט זיינע אַנדערע ווערק. מען פאַרשטייט דעמאָלט, אַז די יוסף־טעמע האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין טאָמאַס מאַנס וועלט, אַז ער האָט ממש באַדאַרפט אַ טעמע פון אַזאַ פאַרנעם כדי צו אַנטוויקלען און פאַרגאַנצן זיין ביז איצטיקע אַרבעט.

ווי אַזוי איז אָבער מאַן געקומען צו דער טעמע ?

מאַן האָט געוואוסט, אַז מען וועט פרעגן די פראַגע און ער האָט אונדז אַליין געגעבן דערויף אַן ענטפער אין אַ לעקציע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער וואַשינגטאָנער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אויף דער איינלאַדונג פון דעמאָלטדיקן דירעקטאָר פון ביבליאָטעק, דעם פּאָעט מעקליש. ער האָט דאָרטן געלייענט אַ רעפעראַט וועגן דעם ענין און דער רעפעראַט איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין דעם זשורנאַל „אַטלאַנטיק מאַנטלי".

מאַן דערציילט ווי אינטערעסאַנט און צוציענדיק די ביבלישע געשיכטע איז פאַרן קינסטלער און ווי זי וועקט נאַטירלעך דעם ווילן זי צו באַאַרבעטן. ער דערציילט אַז גטעט איז אין זיינע יונגע יאָרן אויך געווען באַצויבערט פון דער יוסף־געשיכטע און האָט זיך גענומען אַרבעטן דערויף. ער האָט אָבער דאָס אָנגעשריבענע צעריסן, ווייל ס'איז אים נישט געפעלן. אין זיין „דיכטונג און וואַרהייט" זאָגט געטע וועגן דער יוסף געשיכטע:

„די נאַטירלעכע דערציילונג איז זייער חנעוודיק, נאָר זי איז צו קורץ און ס'וויל זיך אויסברייטערן און אַנטוויקלען די געשיכטע אין אַלע דעטאַלן..."

די ווערטער — זאָגט טאָמאַס מאַן — זיינען אים געקומען אויפן געדאַנק ווען ער האָט זיך גענומען לייענען די געשיכטע וועגן יוסף'ן.

טאָמאַס מאַן זאָגט ווייטער:

„איך האָב געמוזט זיין גרייט פאַר דעם... אין געוויסע יאָרן פאַרלירט מען ביסלעכווייז דעם חשק, דעם געשמאַק פאַר דעם ריין אינדיווידועלן, פאַרן בורזשואַזן לעבנס־בילד, און אָנשטאָט דעם קומט (דער חשק) פאַר דעם אייביק מענטשלעכן, דעם צייטלאָזן... ס'פאַרנעמט דעם אויבנאָן דאָס אַל־מענטשלעכע, דאָס לעגענדאַרע... און ווייטער: אין דער יוגנט איז דער אַרטיסטישער עגאָ פאַרכאַפּט פון גוואַלדיקער עגאָצענטרישקייט... אָבער דאָס פאַרבליאַקעוועט פאַרשווינדט צוביסלעך און דאָס אייביק מענטשלעכע, דאָס טיפּישע, דאָס צייטלאָזע קומט אַפיר"...

מאַן באַטאָנט אַז די יידישקייט פון דער טעמע האָט געשפּילט אַ ראָלע.

ער זאָגט: „ס'איז ניט קיין צופאַל. מיר איז תמיד געווען דערווידער דער וואולגאַרער אַנטיסעמיטיזם... שרייבן אַ ראָמאַן פון יידישן גייסט איז געווען אין צייט גראַד דערפאַר, ווייל ס'האָט אויסגעזען ניט די צייט דערפאַר... ס''האָט געזאָלט ווערן (די יוסף געשיכטע) אַ סימבאָל פון דער מענטשהייט...

ווען ער האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דער יוסף־טעמע איז פאַר מאַנען געשטאַנען די פּראָבלעם ווי אַזוי צו באַאַרבעטן די טעמע, די יוסף־קאָנצעפּציע. מאַן האָט זיך פאַרטיפט אין אַלע קוואַלן, וואָס ער האָט גע־

קענט געפינען, כדי צו האָבן דעם היסטאָרישן הינטערגרונט אַזוי גע־טריי ווי מעגלעך. ער האָט ניט געוואָלט שרייבן אַ „ראָמאַן", געבן פיק־טיווע, אויסגעטראַכטע געשטאַלטן אויף דער קאַנווע פון היסטאָרישן הינטערגרונט. מאַן האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן מער... ער האָט געוואָלט דורך דעם מעדיום פון דער ביבלישער געשיכטע געבן אונדז אַ פילאָזאָ־פישע קולטור־געשיכטע וועגן דער אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן מין. מאַן לאָזט זיך אַראָפּ אין „ברונעם פון צייט" צו זוכן באַשייד, פאַרשטענ־דעניש פאַר דעם לעבן פון מענטשן...

„די מיסטעריע פון עבר — זאָגט ער אין פּרעליוד וואָס פירט אונדז אַריין אין דעם ווערק — נעמט אַריין דאָס איצטיקע, און איז דער אַלפא און אָמעגאַ פון אַלע אונדזערע פראַגעס און גיט צו חשיבות צו אַלץ וואָס מיר ווילן דערגרייכן... ווייל וואָס טיפער מיר גייען אין דער וועלט פון עבר געפינען מיר די ערשטע יסודות פון מענטשלעכן מין, זיין געשיכטע און קולטור"... מאַן האָט זיך פאַרנומען צו געבן אין דער יוסף־געשיכטע „אַן איראָניש אויסגעאיידלטע פאָעמע פון מענטש"...

נאָך זאָגט מאַן — וואָס רעדט אָפט אין עצם־ווערק פון זיך ווי אַ דערציילער און וועגן די פּראָבלעמען וואָס אַ דערציילער האָט פאַר זיך — אַז אין דעם ווערק פון אַזאַ מין „איז דער באַפעל צו אַ קינסטלער צו באַשאַפן פאָרעם און ניט צו ריידן ניט גילטיק"... אין אַנדערע ווער־טער: דער דערציילער האָט זיך געפילט געבונדן דורכן טעקסט, ער איז ניט דער אָריגינעלער נאַראַטאָר פון דער געשיכטע, נאָר אַן איבערדער־ציילער, אַ קינסטלערישער איבערדערציילער...

„אַנאַליז און וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג זיינען אַזוי ווי דער נאַראַ־טיוו — אַ מיטל צו באַשאַפן דאָס געפיל פוןווירקלעכקייט", זאָגט מאַן.

פאַרמאָגט דאָס ווערק אַ חוץ „ראָמאַן" — אַנאַליז און פילאָזאָפיע און קולטור־געשיכטע און וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג אָן אַ שיעור...

טאָמאַס מאַן, דער דערציילער, איז געווען צוגעפּאַסט פאַר דער אַר־בעט, ווייל ער איז ניט דער דערציילער וואָס איז באַוועלטיקט פון די חושים, ווערמענס מאַטעריאַל עס אָטעמט מיט דעם אוממיטלבאַרן, דעם רויען, דעם סענסועלן... מאַן איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ מין שרייבער. מאַן איז דער אינטעלעקטועלער שרייבער, ביי וועמען דער רויער דער־פאַרונג־מאַטעריאַל איז דורכגעזיפּט געוואָרן דורכן געדאַנק און געמיט און אינטעלעקט... מאַנס דערציילונג איז אַ קונציק געוועב, וואָס איז ניט נאָר אַ בחנת פאַר די חושים נאָר פאַרן גייסט און אינטעלעקט... דאָ אין דעם יוסף־ראָמאַן האָט די דערפינדערישקייט פון דערציילער, דער איב־טערעס אין די פּאַסירונגען און זייער אַנטוויקלונג ניט געשפּילט קיין

גרויסע ראָלע. אַלץ איז דאָ באַקאַנט און באַשטימט פון פאַראויס. דאָ האָט די מייסטערשאַפט, „דער ווי אַזוי און ניט דער וואָס" געשפּילט די גרעס־טע ראָלע...

אַזוי ווי אַלע אַנדערע ווערק זיינע אַזוי איז אויך דאָס ווערק ביי אים געוואַקסן אונטער די הענט. ווען ער האָט זיך גענומען צו דער אַר־בעט — דערציילט מאַן אין דער אויבן דערמאָנטער לעקציע — האָט ער ניט געוואוסט אַז ס׳וועט זיך אַזוי צעוואַקסן.

די ערשטע צוויי ביכער האָט ער אָנגעשריבן אין דער שווייץ און די אַנדערע אין אַמעריקע. ווען ער איז נאָך היטלערס אויפשטייג אין 1933 געאייליטערהייד אַנטלאָפן אין דער שווייץ, האָט זיין טאָכטער עריקאַ געמוזט זיך אַריינגנבענען אין זייער היים אין מינכען און פון דאָרטן אַרויסגנבענען די מאַנוסקריפּטן און דעם גאַנצן פאָרשערישן מאַטעריאַל, וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם יוסף־ראָמאַן.

אין ערשטן בוך „יוסף און זיינע ברידער" גיט אונדז מאַן אַ בילד פון יעקבס הויזגעזינד און די באַציאונג צווישן אים און די ברידער, די קנאה פון די ברידער... אָבער דעם גרעסטן טייל פון בוך פאַרנעמט יעקב אַליין... מיר געפינען דאָרטן די געשיכטעס וועגן יצחקס ברכה, ווי יעקב דינט ביי לבנען, ווי לבן גיט אים פאַר אַ ווייב לאה׳ן אָנשטאָט רחלען, יעקבס גרויסע ליבע צו רחלען, ווי ער אַנטלויפט פון לבנען... דעטאַ־לירטע, בולטע בילדער פון דער צייט, זאַפטיקע פולבלוטיקע שילדע־רונגען אָנשטאָט דעם צמצומדיקן חומש־מעשהלע וואָס מיר אַלע קאָנען...

וואָס איז דער ערשטער רושם וואָס דער יידישער לייענער קריגט?

איך מוז זיך מודה זיין, אַז אין אָנהייב איז ביי מיר געווען אַ סקעפּ־טיש געפיל, אַ ווידערשטאַנד... שווער עס צו דעפינירן... ס׳איז מיר שווער געווען נאָכצוגיין מאַנען אין די ביבלישע געשיכטעס, ווען איך האָב גע־האָט אונטערבאַוואוסטזיניק אַזאַ קלאָר בילד לויטן חומש... איך באַטאָן — אין אָנהייב איז מיר מאַנס באַאַרבעטונג און פאַרטייטשונג געווען פרעמד, אומנייטיק און לאָמיר זאָגן: אַביסל גויאיש... דאָס גלויב איך, איז די נאַטירלעכע רעאַקציע פון יעדן איינעם, וואָס האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך די חומש־מעשיות אין זיינע קינדער יאָרן און פאַר וועלכן זיי לעבן אין דער פאַנטאַזיע אַ נאַטירלעך לעבן... די פאַנטאַזיע פון יעדן יידישן יינגל האָט אויפבאַוואָרט די געשטאַלטן פון די אבות און אמהות און די אַלע אַנדערע חומש־געשיכטעס, וואָס זיינען אַזוי אַריינגעדרונגען אין יידישן פאָלקסלעבן, אַז אַ קולטור־היסטאָרישער צוגאַנג, אַפילו אַ קינסטלערישער, מוז זיך אָנשלאָגן אויף אַ ווידערשטאַנד ווי עפּעס פרעמדס און קאָן זיך ניט פאַרגלייכן מיטן אָריגינאַל, מיט זיין וואונדער־

לעכן צמצומדיקן לשון־קודש וואָרט און דער וואונדערלעכער לאַקאָניש־קייט פון דער ביבל־דערציילונג... און דעם רבינס פאַרטייטשונג און דעם יינגלס פאַנטאַזיע האָבן שוין באַשאַפן דעם שענסטן „ראָמאַן"...

איך האָב זיך אויף דעם אָפּגעשטעלט באריכות כדי צו דערקלערן זיך און דעם לייענער — וואָס וועט אפשר אויך אַזוי פילן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי... אָבער ווי איך האָב געזאָגט, דאָס איז נאָר אין אָנהייב אַזוי... דערנאָך ווערט מען שוין אַריינגעצויגן... דערנאָך אַרבעט שוין דער כישוף פון גרויסן מייסטער־דערציילער.

מאַן, דער קלוגער און באַוואוסטזיניקער קינסטלער, האָט געפילט, אַז דער לייענער וואָס קאָן דעם אָריגינאַל וועט פרעגן: צוליב וואָס? ער וועט זאָגן, „אַז דער אָריגינעלער טעקסט קאָן ניט איבערגעשטיגן ווערן". אָבער, פרעגט ער: פון ווען אָן שטעלט זיך דער קאָמענטאַטאָר אַוועק צו קאָנקורירן מיט זיין טעקסט?..."

מאַן העלפט אונדז דעם מכשול בייקומען דורך זיין גרויסער פיע־טעט, און אחריות און קינסטלערישער חכמה און געוואַלדיקער ערו־דיציע. איך האָב שוין דערמאָנט די גרויסע פאָרשערישע אַרבעט וואָס ער האָט געטאָן.

איך וויל נאָך באַזונדערס דערמאָנען, אַז ער האָט זיך גרינדלעך באַקאָנט מיט אַלע יידישע מקורים. ער ווייזט אַרויס זיין פאַרטיפן זיך אין רש"י און מדרשים און אבן עזרא און אַפילו קבלה...

מיט וואָס פאַראַ גרויסער מי ס'איז אָנגעקומען טאָמאָס מאַנען אַריינ־צודרינגען אין דער ביבלישער וועלט זעען מיר פון דעם, וואָס דער ער־שטער באַנד איז דער שוואַכסטער. דאָרטן איז דער שרייבער נאָך וואַקל־דיק, ניט זיכער... ער לאָזט די לעגענדעס, די מעשיות זיך פאַנאַנדער־שפּילן, פאַנאַנדערוויקלען, אָבער ס'איז אין זיי ניטאָ קיין שטאַרקע האַנט, קיין אָנפירערשאַפט... אין צווייטן באַנד ערשט קומט דער ראָמאַן טיפער צום לעבן... אין צווייטן באַנד „דער יונגער יוסף" ווערט בולט אַרויס־געבראַכט די דראַמע, דער קאָנפליקט צווישן די ברידער, וואָס דער־פירט צום טראַגישן פינאַל... אַריבערגייענדיק פון אַלגעמיינע לעגענדעס צום אינדיווידועלן מענטשן ווערט דער ראָמאַן פאַרטיפטער, בולטער... מיר זעען ווי יוסף'ס כאַראַקטער פירט בהדרגהדיק און אומפאַרמיידלעך צו דער טראַגעדיע... פון די עטלעכע קנאַפּע דעטאַלן, וואָס מאַן האָט געהאַט וועגן די ברידער, האָט ער אויפגעבויט דאָס בילד פון יוספס רוי־ערדישע, ווילדע ברידער... מיר זעען יוספס באַציאונג צו יהודהן, צו ראובנען, מיר זעען די ליבשאַפט פון יעקבן צום זון פון זיין באַליב־

טער רחל און די קנאה פון די ברידער, וואָס יוסף מיט זיין אומגעלומ־פערטער ייִנגלישער אייטעלקייט מאַכט פלאַקערן אַלץ שטאַרקער...

יוסף איז, פאַרשטייט זיך, די הויפּט־פיגור. איך מוז זיך צוריק־קערן צום ערשטן באַנד, צו דער ערשטער באַגעגעניש מיט יוספן. מיר געפינען יוספן זיצן ביי אַ ברונעם אַליין, אַ פאַרחלומטן אין אַ לבנה־דיקער נאַכט — אַ וואונדערלעך שיינער ייִנגלינג, אַ בעל־חלום... ער זיצט האַלב נאַקעט. יעקב וועמען ס׳זיינען דערווידער די אויסלענדישע מנהגים שרייט אָן אויף אים. יוסף זינגט זיך עפּעס אַ געזאַנג צו דער לבנה... ער דערהערט יעקבס קול אים רופן און ס׳הויבט זיך אָן אַ דיאַלאָג, איינער פון די אומצייליקע דיאַלאָגן, ניט אַ דיאַלאָג אין געוויינלעכן זינען פון וואָרט, נאָר אַ דיאַלאָג, וואָס שלענגלט זיך און גלאַנצט מיט רייכקייט און שיינקייט און פאַרב. דורך אָריענטאַלישע אימאַזשן, אי־לוזיעס, מעשהלעך און שילדערונגען ווערן מיר אַריינגעפירט אין דער אַלטערטימלעכער וועלט, אַ וועלט פון ווערן, פון יערן, פון געשטאַלטן זיך... לעגענדע אוןווירקלעכקייט מישן זיך קונציק אויס... מיר זעען די שטערן־קאָנסטעלאַציעס וואָס ברענען אין דער צייט פון דער ביב־לישער געשיכטע, מיר זעען די פיגורן, מנהגים, גייסטיקע און פיזישע קוואַליטעטן פון די מענטשן אין יענער צייט. אַן אינטערעסאַנטער קינסט־לערישער איינפאַל איז ווי אליעזר, יוספס לערער לערנט מיט זיין תלמיד די געאָגראַפיע און די געשיכטע פון דער דעמאָלסדיקער וועלט...

אַ גרויסער שרייבער באַווייזט אָפט זיין מייסטערשאַפט דורך דעם וואָס ער טוט אויף מיט אַ זייטיקן כאַראַקטער. אין די הויפּט־פיגורן, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז מאַן געווען געבונדן, אָבער, אין די קליינע זייטיקע כאַראַקטערן האָט ער געקאָנט פריי לאָזן זיין פאַנטאַזיע. אַן אינ־טערעסאַנטן כאַראַקטער האָט ער באַשאַפן אין צווייטן בוך, אין דעם מענטש אויף וועלכן יוסף שלאָגט זיך אָן זוכנדיק זיינע ברידער. דער חומש דערציילט: וימצאהו איש והנה תועה בשדה וישאלהו האיש לאמר מה תבקש... ויאמר האיש נסעו מזה כי שמעתי אומרים נלכה דתינה... פון דעם „איש" האָט דער ראָמאַניסט מאַן באַשאַפן אַ כאַראַקטער: אַ פאַרביטערטן בייזן מענטשן, וואָס וויל רק ווייזן אַז ער איז גערעכט... ער ווערט יוספס וועגווייזער. און כדי צו ווייזן יוספן אַז ער איז געווען גערעכט ווען ער האָט געזאָגט, אַז זיין מויל־אייזל האָט שוואַכע קנעכלען, פירט ער אים, ווען יוסף דרימלט איין, אין אַ גרוב און דער מויל־אייזל צעברעכט אַ קנעכל, און יוסף מוז אים איבערלאָזן, און די אַלע גוטע זאַכן וואָס ער האָט מיטגענומען פון פאָטערס הויז... אָבער די כתונת

פּסים נעמט ער מיט און אַן אויסגעפּוצטן אין דעם רעגנבויגנדיקן העמדל דערזעען אים די ברידער און זיין גורל איז פאַרחתמעט...

דער צווייטער טייל פון „יוסף אין מצרים" וואו מאַן דערציילט וועגן יוספן און פּוטיפרס הויז און דעם ליבע־באַגער וואָס ער האָט אויפגע־וועקט אין זיין האַרינטעס האַרץ, איז דער געלונגסטער פון דעם גאַנצן ווערק. מאַן האָט דאָ געטאָן דעם ראָמאַניסטס אַרבעט. פון די עטלעכע פּסוקים אין חומש האָט ער אויפגעבויט אַ וואונדערלעכן ליבע־ראָמאַן. מאַן האָט פּוטיפרס ווייב ניט געמאַכט קיין אויסגעלאַסענע פרוי. ער מאָלט זי מיט דער טיפסטער סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש. לויט טאָ־מאַס מאַנען איז פּוטיפרס ווייב די פרוי פון אַ סריס, אַ בתולה, אַ גע־הייליקטע פּריסטערין, וואָס האָט ניט געוואוסט וואָס ליבע איז... מאַן ברענגט אַרויס בהדרגהדיק די איבערקערעניש וואָס די דערוואַכטע ליבע רופט אַרויס אין דער שטאָלצער אַריסטאָקראַטישער עגיפּטערין. הגם היסטאָריש געטריי איז די ליבע פון דער פרוי געמאָלן זייער מאָ־דערן, אַפילו מיט פּרוידיאַנישע חלומות... און די רייד, די וואונדער־לעכע דיאַלאָגן מאַנס! לייענענדיק דעם טייל פון דעם ראָמאַן קאָן מען זיך ניט אָפּהאַלטן פון באַוואונדערונג... די סצענע ווי פּוטיפרס ווייב קומט בעטן ביי איר מאַן ער זאָל משלח זיין דעם חוצפּהדיקן עברי־שקלאַף, וואָס איז געוואָרן דער „הויפט" פון הויז און זי וויל אין האַרצן אַז פּוטיפר זאָל איר בקשה ניט נאָכגעבן, איז אומפאַרגעסלעך אין זיין מייסטערשאַפט און סובטילקייט...

אויב מען קען שוין יאָ עפּעס קריטיקירן, איז אַז מאַן האָט אפשר אַביסל צו ראָמאַנטיש געמאָלן פּוטיפרס ווייב, געמאַכט זי געראַמאַניש־איזאָלדיש... אָבער דאָס איז שוין ווי זאָגן אַז די איטאַליענישע רענעסאַנס־מייסטערס האָבן געמאָלן זייערע מאַדאָנאַס איטאַליענישע פרויען און די האָלענדישע מייסטערס האָבן געמאָלן די האָלענדישע פעטע ווייבער... טאָמאַס מאַן איז אַ דייטש און אַ דייטשישער שרייבער. דאָס קומט אויף פאַרשיידענע אופנים אַרויס ווי מיר וועלן באַלד זען.

די קריטעריע פון אַ ראָמאַניסט איז אין די כאַראַקטערן וואָס ער באַשאַפט. דער גרויסער ראָמאַניסט איז ווי דער בורא עולם. ער שאַפט אַ וועלט מיט לעבעדיקע מענטשן — אַ יש מאין. די כאַראַקטערן פון אַ גרויסן שרייבער קען מען דערקענען. מע קען דערקענען אַ דאָסטאָ־יעווסקישן כאַראַקטער, אַ באַלזאַקישן כאַראַקטער, אַ דיקענס־כאַראַקטער, אָדער שלום־עליכמס, גאָגאָלס אַ כאַראַקטער. זיי האָבן אַ פול אייגן לעבן, כאָטש זיי טראָגן דעם חותם פון זייער באַשעפער. דעם גרויסן שרייבער מאַן זעען מיר צום בולטסטן אין זיין כאַראַקטער־שאַפונג און בפרט

דאָרטן, וואו ער האָט געהאַט אַ פרייע האַנט אין אימאַגינאַטיווע „אויס־געטראַכטע" כאַראַקטערן — אין שוין אויבן דערמאָנטן „איש", פּוטיפר, פּוטיפרס אַלטע טאַטע־מאַמע, פּוטיפרס פרוי, די קאַרליקעס וואָס שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע אין פּוטיפרס הויז, דער דאָקטער פון געפענגעניש, דעם יונגן פּרעה, פּרעהס מוטער... (וועגן דעם כאַראַקטער פון יוספן וועל איך ריידן שפּעטער).

וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר אַ טאָמאַס מאַן „העלד"? ער איז קודם כל קלאָר פאַרשטענדלעך, ד. ה. זיינע אַקציעס זיינען מאָטי־ווירט. ער איז פּסיכאָלאָגיש איבערצייגנדיק. ער איז מאָדערן אין דעם זינען וואָס דאָס פיזישע און גייסטיקע שטייען אין קעגנזייטיקער באַ־ציאונג און דערגאַנצן זיך און פליסן אַרויס איינס פונעם אַנדערן. זיינע העלדן זיינען נישט מענטשן געטריבן פון געוואַלדיקע עמאָציעס. זיי האָבן ניט דאָס דעמאָנישע, די טיפע נשמה סתירות פון אַ דאָסטאָיעווסקי כאַ־ראַקטער, ניט דאָס דעמאָניש־צעשטערערישע וואָס טרייבט אַ באַלזאַ־קישן כאַראַקטער, זיי זיינען ניט מגוזמדיק־גראָטעסקע שלום־עליכם, דיק־קענס, אָדער גאָגאָל־פיגורן. זיי זיינען באַשאַפן פון אַ באַוואוסטזיניקן קלאָרן, גוט־באַלאַנסירטן אינטעלעקט. טאָמאַס מאַן איז אַ קינסטלער־פילאָזאָף. יעדער גרויסער נאָוועליסט האָט זיין פילאָזאָפיע, זיין וועלט־אַנשויאונג ווי די דייטשן רופן עס אָן. אָבער טאָמאַס מאַן איז דער פילאָ־זאָפישער ראָמאַניסט. ער טראַכט וועגן דער וועלט, ער מעצידירט אין זיינע ראָמאַנען. זיין ראָמאַן איז דער ראָמאַן פון פילאָזאָפישן געמיט. אין ראָמאַן וועגן יוספן איז נאָך מער ווי אַלע אַנדערע שאַפונגען זיינע דאָס ווערק פון פילאָזאָפישן באַטראַכטן, פון גייסטיקן סך־הכל. יעדע דערציילונג און יעדער ראָמאַן מאַנס איז אַ דירעקטער ענטפער אויף אַ פּראָבלעם פון לעבן און וועלט... אין „טאָניאָ קרעגער" האָט ער געגעבן אַן ענטפער אויף דעם פּראָבלעם פון קינסטלער וואָס לעבט אין אַן איי־גענער אויסגעטראַכטער וועלט און בענקט נאָכן נאָרמאַלן עולם הזהדיקן פּשוטן לעבן... די קנאה פון קינסטלער צום מגושמדיקן, נאָרמאַלן קומט אויך אַרויס בולט אין „צויבערבאַרג" אין דער פיגור פון הער פּיפּקאָרן, דעם מגושמדיקן האַלענדער, דעם געזונטן נאָרמאַלן פיליסטער מיט דער לולקע אין מויל... די פּראָבלעם פון קינסטלער און זיינע קאַמפן מיט זיך ווערן אין אַ סך ווערק מאַנס אַרויסגעבראַכט. אין „טויט אין ווענע־דיג", וואו דער קאַמף ענדיקט זיך אַזוי טראַגיש און אין „צויבערבאַרג"... „צויבערבאַרג" איז פול מיט פילאָזאָפישע דיסקוסיעס. די מאָדערנע וועלט פון נאָכן ערשטן וועלט־קריג גייט דאָרטן פאַרביי און אַלע אירע פּראָ־

בלעמען ווערן געוויזן... די נאָרמאַלע לעבעדיקע וועלט ווערט באַטראַכט פון אַ באַרג־הויך דורך די פאַרשאַרפטע אויגן פון טובערקולאָזע...

אין די אַלע ווערק מאַנס איז דאָ איין הויפּט־פּראָבלעם — ווי איך האָב געזאָגט באַלד אין אָנהייב — אַ שנור וואָס פאַרבינדט זיי און וואָס האָט אים געבראַכט צו דער יוסף־טעמע. ער האָט אין דער טעמע געפונען גוטן מאַטעריאַל פאַר זיין אַלטער פּראָבלעם אָדער הויפּט־מאָטיוו...

דאָס איז ניט מאַנס אַ פּערזענלעכער פּראָבלעם, כאָטש ער איז געווען מסוגל און בכוח עס אַרויסצוברענגען. דאָס איז אַ צייט־פּראָבלעם. טאָמאַס מאַן, דער עפּיגאָן פון דורות רייכע אַריסטאָקראַטישע ליובעקער סוחרים, האָט אין זיין יוגנט־ראָמאַן „בודענברוקס" געמאָלן דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער בורזשואַזער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע אָפּשפּיגלענדיק דעם איבערברוך וואָס איז געקומען אין דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע צום סוף פון ניינצנטן יאָרהונדערט, ווען „גייסט" איז געוואָרן אַ פּראָבלעם — די צייט פון דעקאַדענץ . . .

אין טאָמאַס מאַנס וויטערדיקע ראָמאַנען קען מען געפינען קינסטלעריש אָפּגעשפּיגלט די אינטעלעקטועלע קאַמפן און שטרעמונגען פון זיין צייט — דעם קאַמף פון גייסט קעגן מאַטעריע, פון גשמיות קעגן גייסט — גלייך ווי די צוויי וואָלטן ניט געקענט הויזן. די צוויי כוחות אין מענטשן קעמפן צווישן זיך און פירן אים זייער אָפּט צום אונטערגאַנג („דער קליינער הער פרידמאַן", „טויט אין ווענעדיג", „טריסטאַן" און אַנדערע ווערק).

מאַן, דער דייטש, האָט געמאָלן די צעריסנקייט, די ניט־האַרמאָנישקייט פון דייטשישן כאַראַקטער וואָס איז פון איין זייט גענויגט צו מיסטיציזם, צו סענסועל־ראָמאַנטישער „שווערמעריי", צו אַבסטראַקטער פילאָזאָפיע, און פון דער אַנדער זייט, האָט ער אין זיך אַ דרעמלענדיקע פּאָטענץ פון ווילדקייט, פון געוואַלדטאַטן, פוראַר טעוטאָניקוס — ווי היינע האָט עס גערופן. די דייטשן, וואָס זיינען אַ פאָלק פון קנעכט, פון דיסציפּלינירטע אוטאָמאַטן, פון געמיטלעכע פיליסטער, האָבן דער וועלט געגעבן גייסטיקע ריזן, די גרויסע פילאָזאָפן און מוזיקער.

ווען ס'איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה און די אייראָפּעאישע אינטעלעקטואַלן זיינען געווען דערשיטערט און דער בעסטער טייל פון זיי איז אַרויסגעקומען מיט אַ פּראָטעסט־געשריי קעגן דער מלחמה, האָט טאָמאַס מאַן דערפילט אין זיך דעם דייטש. ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן אַ בוך, וואו ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אויף דער זייט פון דייטשישן יונקערטום. ער האָט זיך שפּעטער אָפּגעטרייסלט פון זיין חטא נעורים. דער וואוקס פון נאַציזם האָט אים געוויזן דעם תהום צו

וועלכן דער וועג פירט... אַזוי דאַרף מען דערקלערן ווי אַזוי ער איז דערגאַנגען צום יוסף־ווערק. דאָרטן האָט ער געפונען אַן אידייע פון גאַנצקייט, פון אייניקייט אין אייביקן קאַמף. ער איז געווען, ווי ער זאָגט, „קינסטלעריש רייף און גרייט״ פאַר דער טעמע פון „פאַרגייסטיקטן יונג־לינג״, דעם טרעגער פון יעקבס ברכה — און פאַר די „גאָט וואַנדערער״ און „גאָט קעמפער״ פון דער לעגענדע פון די ערשטע צייטן, פאַר דעם „ברונעם פון עבר״, וואו ער האָט געקאָנט געפינען אַ ווייטן אָפּשיין פון היינטיקע קאַמפן. דער קאַמף פון גייסט און מאַטעריע פאַרלירט זיינע שווערע דייטשישע קאַנטורן, ווערט גייסטיקער, דערהויבענער שפּיל, אוניווערסאַלע דראַמע, לעגענדע פול מיט סימבאָלן און רמזים, וואו דער מענטש קען זען אָפּגעשפּיגלט זיין אייביק שווערן וועג... און דער קינסט־לער מאַן קען קוקן אויף זיין אַלטער פּראָבלעם מיט אַן איראָנישן שמייכל פון פאַרשטיין, פון דערהויבן זיך איבערן טראַגישן קאָנפליקט...

אין יוספן האָט מאַן געגעבן אַ דערהויבענע פיגור אין וועמען די געטלעכע שליחות פון די בני ישראל ווערט פאַרווירקלעכט. ער פאַר־קערפּערט אַן אידייע. ער איז אָפּט איבערנאַטירלעך קלוג און פאַרשטיי־ענדיק און אַלץ־וויסנדיק. ער פאַרמאָגט אין זיך עפּעס וואָס איז דער־הויבן, סימבאָליש, איבערמענטשלעך; אַ סימבאָל פון דעם גרויסן, דער־הויבענעם, וואָס דער קינסטלער אַנט און שפּירט אין מענטשן... מאַן איז געקומען אין דער פיגור פון יוספן אויפלייזן די פּראָבלעם פון דואַליזם, ווייזן אַ ציל־באַוואוסטן, פון אַן אידייע געפירטן לעבן, וואו גייסט און מאַטעריע לעבן בשלום...

צום שלוס אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פאָרם, דעם סטיל. מאַן שרייבט ווי אַן אַלטער מייסטער, וואָס קאָן זיינע אייגענע כוחות. שפּילעוודיק, מיט אַ שמייכעלע, אָן אָנשטרענגונג, ניט געאיילט, זיכער, אַז ווען ער וועט פאַרטיק ווערן וועט אַלץ זיין ווי ס׳דאַרף צו זיין, אויפן ריכטיקן אָרט, און וועט שאַפן אַ גאַנצקייט. זיין סטיל איז רייכע קינסטלערישע מאָזאַאיק. באַכדעם ווי מ׳האָט זיך אָנגעזעטיקט מיטן פאַרגעניגן פון דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע, פון דער רייכקייט און שיינקייט פון דער פאַרב און פיגורן ווילט זיך נאָך צוקומען נעענטער און באַטראַכטן די דעטאַלן פון זיין אַרבעט... זיין אופן שרייבן איז סובטיל, איראָניש, מיט טיפן וויסן און מענטשן־פאַרשטענדעניש, באַפרוכפּערט פון אַ טיפן רייפן אינ־טעלעקט, וואָס פאַרפירט אים אָבער ניט אין דער וועלט פון אַבסטראַקציע. ער לאָזט זיך אַמאָל אַוועק אין אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען, אָבער ניט אויף לאַנג. ער וייס פון מאָס און פּראָפּאָרץ. ער קומט באַלד צוריק צו דער רעאַלער, לעבעדיקער וועלט. אָבער די עקסקורסיע אין

גערדאַנקלעבן, דאָס טראַכטן וועגן עיקרים פון מענטש און וועלט, האָט דעם לייענער באַרייכערט, פאַרטיפט, דער דערציילונג צוגעגעבן חשיבות, וואָג...

מאַן האָט הנאה פון דער ראָלע פון דער אָריענטאַלישן מעשה־דערציילער. ער ווייסט אַז די הויפּט־זאַך איז ווי אַזוי מ׳דערציילט. ער האָט הנאה פון דערציילן, פון איבערדערציילן אַ שיינע מעשה. ער שפּילט זיך מיט דער מעשה ווי מיט אַ פּילקע, וואַרפט זי אין דער לופטן און כאַפּט זי. ער ווייסט — און לאָזט אונדז וויסן — אַז אַלץ איז נאָר אַ סימבאָל, אַ משל... ער האָט ליב מיטאָס, לעגענדעס. ער האָט ליב צו שטיין ביים וויגעלע פון דער מענטשלעכער געשיכטע, זיין ביים בראשית, אַראָפּלאָזן זיך אין „ברונעם פון צייט״. ער האָט ליב די פּרימיטיווע פאַנטאַזיע פון די ערשטע מעשה־דערציילער, זייערע אַלעגאָריעס, משלים, ווערטלעך און רמזים. ער האָט ליב די פאַרברייטקייט פון אָריענט. ער האָט ליב דעם ווערטער־שפּיל, דעם גערדאַנקען שפּיל, דעם פאַרשטעלטן אופן צו ריידן מיט רעטענישן, מיט אַן אָנווינק. ער האָט זיך איינגעלעבט אין דעם איבערגעלאָדענעם, צעצויגענעם שטייגער ריידן פון מזרח.

מען ווערט נתפּעל פון דעם גרויסן פאַרנעם פון דעם ווערק, דעם שפּרודלדיקן קוואַל פון שאַפונג־ענערגיע וואָס באַלעבט אים. דאָרט וואו מאַן האָט געהאַט אַ פרייע האַנט האָט ער באַשאַפן געשטאַלטן וואָס קאָנען פאַררעכנט ווערן צווישן דאָס בעסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער מיט דעם איז דער באַטייט פון מאַנס ווערק ניט אויסגעשעפּט.

מאַנס „יוסף אין מצרים״ איז אַ נייע פאָרם פון היסטאָרישן ראָמאַן, פון שעפערישן איבערדערציילן מיטאָס און לעגענדע; מאָדערניזירן זיי, צופּאַסן זיי צום געשמאַק און פאַרשטענדעניש פון היינטיקן מענטשן.

מאַן האָט אַריינגעבלאָזן אַ נייעם רוח החיים אין דער פאַרגליווערטער שאַבלאָניזירטער פאָרם פון היסטאָרישן ראָמאַן. דער היסטאָרישער ראָמאַניסט און דראַמאַטורג האָט זיך געפירט אַזוי: ער האָט פאַרגריי־מירט זיינע העלדן, זיי אָנגעטאָן בערד און ספּאָדיניצעס און אַריינגעלייגט אין זייערע הענט הילצערנע שווערדלאַך צו פאָכן מיט זיי, געלאָזט זיי ריידן אַן אַרכאַאישע שפּראַך: אויפגעשטעלט סצענעריע וואָס זאָל סוגעסטירן פאַרצייטישקייט. ס׳איז געווען אין עצם אַ מער קינסטלערישע ווערזיע פון פּורים־שפּיל, פון אַ מכירת־יוסף שפּיל.

איז געקומען דער איקאָנאָקלאַסט דזשאָרדזש בערנאַרד שאָ און אַראָפּגעריסן פון זיינע היסטאָרישע העלדן די קליאָטשע בערד און פאַר־שימלטע קאָסטיומען, אַרויסגעוואָרפן די שטאָלצן און געלאָזט די „העלדן״ ריידן פּשוטע לעבעדיקע רייד; געגעבן דעם קאָנפליקט פון אידייען,

פון דענקנדיקע מענטשן מיט זייערע פּראָבלעמען, סכסוכים און ראַנג־לענישן.

דער דייטשער פּאַטריציער, טאָמאַס מאַן, האָט די רעוואָלוציע דורכ־געפירט מיט מער אייגזעעניש פאַר געאַכפּערטער טראַדיציע ווי דער איירישער בונטאַר שאָ. ער האָט זיך פאַרנומען צו ווייזן די ביבלישע פיגורן, פון אינעווייניק, אונדז דערנעענטערן צו זיי און זיי צו אונדז; אויפלעבן פאַר אונדז זייער וועלט, אונדז אַריינפירן אין זייער וועלט, מיר זאָלן זען, אַז ס'איז אײן וועלט. מאַן האָט אַראָפּגעלאָזט זיך אין „ברונעם פון צייט" (זיין וואונדערלעכע פּראַזע) צו געבן „אַן איראָניש־אויסגע־איידלטע פּאָעמע פון מענטש". איראָניע מיינט דאָ ניט וואָס מיר רופן געוויינטלעך איראָניע. איראָניע מיינט דאָ אַרויסהויבונג פון טעגלעכן צו דער הויך פון אייביקן, צום משל. איראָניע איז דער שמייכל וואָס שוועבט אויפן שוועל פון יאָ און ניין. ס'איז די איראָניע פון שאַפער אין פּראָצעס פון שאַפונג, פון „איידער־איידער". ס'איז דער שמייכל פון ספינקס, דער עניגמאַטישער שמייכל פון בודאָ.

שאַפן אַן איראָניש אויסגעאיידלטע פּאָעמע פון מענטש איז געווען דער וועג אויף וועלכן דער נאָוועליסט מאַן האָט זיך פאַרנומען נאָך זיין ערשטלינג — ראָמאַן „בודענברוקס" — וואָס איז געווען אַ קאַזיאָנער רעאַליסטישער ראָמאַן וואָס האָט דעם עטלעכע און צוואַנציק יאָריקן שרייבער באַרימט געמאַכט און וואָס אַ סך האַלטן פאַר זיין בעסט נאָ־וועליסטיש ווערק. אין זיין קרוין ווערק „יוסף אין מצרים" וואָס מאַן האָט געשריבן ווען ער האָט דערגרייכט די רייפקייט פון זיינע שעפע־רישע כוחות האָט דער גרויסער שרייבער אין דער פאַרבנרייכער ביב־לישער פּאַנאָראַמע, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל שעפערישער קראַפט אויפגעלעבט זיך ניט באַנוגענט מיט שאַפן פּאָרעם, געשטאַלטיקן, טאָן נאָוועליסטישע אַרבעט. ער האָט אַריינגעטאָן אין דעם „ראָמאַן" אַ טיפזיניקן פּירוש אויף דעם וועג פון מענטש אויף דער ערד. מאַן האָט אין די לע־גענדעס און מיטאָסן פון אונדזערע אַלטע ספרים געזוכט דערגרונטעווען זיך צום „אַלפאַ און אָמעגא" פון אַלע אַלטע קשיות וואָס דער מענטש פרעגט.

# טאָראָ, דער אַמעריקאַנער נאַטור־פילאָסאָף

דער באַרימטער אַמעריקאַנער שרייבער הענרי טאָראָ איז איינער פון די עטלעכע גרויסע אַמעריקאַנער, וואָס האָבן פאַר מיר פאַרטייטשט אַמעריקע. נישט די אַמעריקע פון סטאַנדאַרדיזאַציע און מאַסן־פּראָדוקציע, נאָר די גייסטיק־יונגע אַמעריקע, וואָס האָט געזאָלט ווערן די יורשטע פון דער דעקאַדענטער און גייסטיק אויסגעשעפּטער אייראָפּע. די אַנדערע זיינען געווען: עדגאַר אַלען פּאָו, וואָלט וויטמאַן און עמערסאָן. פאַר פּאָוען האָב איך אין גיכן פאַרלוירן דעם געשמאַק און עמערסאָן האָט מיך אָפּגעשטויסן מיט זיין גלחישער אָנגעבלאָזנקייט. וואָלט וויטמאַן איז פאַר מיר לאַנג פאַרבליבן דאָס קול פון דער נייער אַמעריקע. ער איז פאַר מיר געווען דער זינגער, דער „באַרד“ פון דעם גרויסן קאָנטינענט, וואו ס'האָט נאָך געשוועבט איבער די ריזיקע שטרעקעס לאַנד — די פּרעריס, די אור־וועלדער, די גרויסע טייכן, און די בערג און טאָלן — דער גייסט פון „גרויסן פאָטער“, כאָטש זיינע אינדיאַנער קינדער זיינען שוין ס'רוב געווען אויסגעקוילעט און די רעשטלעך דעגראַדירט — — — פון דעם גרויסן רחבותדיקן קאָנטינענט, וואו די מאָדערנע קאַפּיטאַליסטישע ציוויליזאַציע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו פאַנאַנדערשפּרייטן און וואו ס'האָט נאָך געלעבט די אידייע פון פּיאָנערן און געווויסן־פרייהייט און אמתער דעמאָקראַטיע, האָט וויטמאַן געזונגען זיין געזאַנג פון דעמאָקראַטיע, פון פרייהייט פון גייסט, פון שיינקייט און חשיבות פון מענטש... זיין קול איז געווען פול מיט קראַפט און יונגער, נישט פאַרדאָרבענער און שטאָלצער גבורה — דאָס קול פון אַ יונגן גבור אין פרימאָרגן פון אַ ניי אויפגייענדיקער וועלט...

אָבער אפשר אַ טיפערן, ווייל אינטימערן, אָפּקלאַנג האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַן אַנדער אַמעריקאַנער: דער ניו־ענגלענדער מוסרניק און נאַטור־פאַרליבטער פּרוש — הענרי דייוויד טאָראָ. זיין בוך „וואַלדען“ מיטן אונטערקעפּל „אָדער דאָס לעבן אין וואַלד“, וואָס איז מיר צופעליק אַריינגעפאַלן אין די הענט — איך האָב, דוכט זיך, קיינמאָל

נישט געהערט פון אים — האָט געוואוינען מיין האַרץ. איך האָב עס גע־לייענט אַ פאַרכאַפּטער. זיין קול איז צו מיר געקומען ווי פון אַן אייגע־נעם, אַ נאָענטן — אַן אָפּקלאַנג פון אייגענע איבערלעבענישן, נטיות און מעדיטאַציעס. איך בין ווי טאָראָ געוועזן „פאַרליבט" אין נאַטור פרימיטיוו, אין פעלדער, וועלדער פון מיין גאַליציאַנער דאָרף וואו איך בין געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן. די פאַרטיפטע שטילקייט, די גאָט־מעדיטאַציעס און שפּירונגען וואָס איך האָב דאָרטן איינגעזאַפּט אין מיר זיינען געווען דער פונדאַמענט פון מיין גייסטיק לעבן.

מיין צוגאַנג צו טאָראָן איז אַן אינטימער, פּערזענלעכער.

ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, איז אַמעריקע, נאָך דער דיסילוזיע און שאָק פון דער מלחמה, געווען אויפן שוועל פון „דזשעז איידזש", משוגענער וואָל־סטריט ספּעקולאַציע און דער קונציק אויפ־געבלאָזענער פּראָספּעריטי... אַמעריקע האָט זיך געבוקט צום גאָט פון געלט און „סוקסעס"... אָרעמעלייט האָבן אַריינגעלייגט זייער שווער פאַרהאָרעוועט ביסל געלט אין פאַרוואָסערטע סטאָקס און „פלאַמיקע יוגנט" האָט ציניש געהוליעט און בוטלעגערס זיינען געוואָרן מיליאָנערן (די דאָזיקע צייט האָט געפונען איר בולטסטע אָפּשפּיגלונג אין די ווערק פון יונג־פאַרשטאָרבענעם זייער טאַלאַנטירטן אַמעריקאַנער שרייבער פיטץ־דזשעראַלד). אַ סך נאָך־מלחמה שרייבער, — פאַרשטייער פון דעם „פאַרלוי־רענעם דור", ביי וועמען די גרויסע מלחמה האָט אויסגעוואַשן דעם באָדן אונטער די פיס, האָבן זיך דערפילט גייסטיק אויסגעוואָרצלט, פרעמד, אָן אַ באָדן צו וואַקסן... זיי האָבן נאָר געהאַט שפּאָט און זידל־ווערטער פאַר דער קולטור פון די „בעביטס"... אייניקע האָבן נישט געוואָלט לעבן אין דעם לאַנד, געזוכט זייער היים ערגעץ אַנדערש, געוואָרן וואַנ־דערערס און „עקספּאַטריעטס" און פון דער פרעמד אַרויסגעשיקט זיי־ערע קנות און קללות דעם „וויסט־לענד", דעם לאַנד פון „מאַמאָן" און מאַכט.

שטאַרקער האָט עס נאָך געפילט דער פרעמדער, דער אימיגראַנט, וואָס איז אַהער אָנגעקומען אַן אָרעמער צעטומלטער נע־ונד מיט זיין פעקל גייסטיקן באַגאַזש, זיינע אידעאַלן און גלויבן — וואָס אַפילו דער ספּעקטאַקל פון פיר־יאָריקן בלוטבאָד האָט ביי אים נישט געקענט אַרויס־רייסן!.. ער האָט זיך געפונען אין אַ גייסטיקער פוסטקע... ער האָט זיך געמוזט מיט אַלע כוחות ראַנגלען... נישט נאָר פאַרן פיזישן קיום... (ראַנגלענישן פון אַ סך פון אימיגראַנטישן דור) נישט אונטערצוגיין, נישט אַריינגעצויגן צו ווערן אין שמעלץ־טאָפּ נישט „אויסגרינען זיך",

אָנגעמען די אַלע דרויסנדיקע וואולגאַרע אַספּעקטן פון אַמעריקאַני־זאַציע — ווי די גרויסע מאַסע האָט עס געטאָן און טוט עס...

אין אָט די יאָרן פון ראַנגלעניש באַקען איך זיך מיט טאָראָן, מיט זיין באַרימטן „וואָלדען" — און איך גלויב, אַז ס'וועט נישט זיין אַ גוזמאדיקער מעטאַפאָר צו זאָגן, אַז אַ האַנט האָט זיך אויסגעשטרעקט צו מיר און מיך אַוועקגעפירט פון דעם ווילד אויפגעשטורעמטן טייך, וואָס זיינע כוואַליעס האָבן מיך געדראָט צו פאַרטאָפּיען, צו דעם שיינעם וואָלדען טייך — דעם טייך פון שטילקייט פון מעדיטאַציע און גייסטיקן אויסלעבן זיך...

פון וואָס רעדט זיך אין דעם בוך וואָס האָט טאָראָן אַזוי באַרימט געמאַכט איבער דער וועלט?

וואָלדען איז אַ טייך לעבן קאָנקאָרד, מאַסאַטשוסעטס, דער וואַלד דאָרט איז נאָך געווען אורוואַלד, אָדער לכל־הפחות געהאַט נאָך אַ סך פון אור־וואַלד אין זיך פאַר דעם וואָס האָט עס געזוכט... טאָראָ, אַ יונגער, די ערשטע שריט שטעלנדיקער שרייבער, עמערסאָנס אַ בן־בית, האָט זיך דאָרט אויפגעבויט אַ שטיבל אין וואַלד, נישט ווייט פון טייך, און דאָרט אָפּגעוואוינט צוויי יאָר אין איינזאַמקייט. דאָס בוך איז דער רע־זולטאַט פון זיינע איבערלעבענישן, מעדיטאַציעס און נאָכטראַכטענישן...

טאָראָ האָט זיך צעבונטעוועט קעגן די אַלערליי קייטן וואָס די גע־זעלשאַפט און שטאַט לייגן אַרויף אויף דעם אינדיווידועלן מענטשן. ער האָט געלערנט: „סיוויל דיסאָבידיענס" — לאָז נישט צו דער שטאַט זאָל אויף דיר אַרויפצווינגען זאַכן וואָס זיינען קעגן דיין איבערצייגונג (ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צאָלן טעקסעס, ווען ער האָט נישט מסכים גע־ווען מיט די פירונגען פון דער רעגירונג — געזעסן אַ טאָג אין דזשעיל — גאַנדי איז געווען זיין תלמיד — און ער האָט געפּאָדערט די פּרינציפּן פון גייסטיקן לעבן, פון מאָראַלישן, עטישן לעבן:

זיין אַ מסתפּק במועט!... נישט צעפּיצלען און פאַרטאַכלעווען דאָס לעבן מיט נישטיקייטן, לעבן שיין, טיף, און פול!

טאָראָ איז אַוועק אין וואַלד נישט לשם לעבן אין וואַלד און ער פּרעדיקט נישט לעבן אין וואַלד. ער איז געווען אַ שרייבער וועמען די נאַטור האָט אינספּירירט און געוואָלט קענען אָפּגעבן זיך מיט זיין שרייבן נישט געשטערט, שרייבן וואָס ער וויל, נישט פאַרן מאַרק... און אין דער זעלבער צייט לעבן אַזוי, אַז זיין לעבן זאָל זיין אַ קוואַל וואָס זאָל נערן זיין שרייבן און ברענגען באַפרידיקונג און אָפּפרישונג זיין פּערזענלעכן לעבן...

כדי צו „מאַכן אַ לעבן", האָט ער פאַרפלאַנצט צוויי און אַ האַלב

אַקער בעבלעך, אָבער דאָס איז געווען צופיל, און ער האָט עס נישט באַדאַרפט... זיינע הצטרכותן זיינען אַזוי קליין... ער האָט געכאַפּט פיש אין „וואַלדען" טייך...

ס'איז שווער פאַרן שטאָטישן מענטשן צו פאַרשטיין ווי מען קען לעבן אין וואַלד. דער פשוטער מענטש שרעקט זיך פאַר איינזאַמקייט. זיינע שכנים און באַזוכער פרעגן זיך ביי טאָראָ, צי ס'איז אים נישט שווער אויסצוהאַלטן די איינזאַמקייט. אָבער טאָראָ איז נישט איינזאַם, פאַר טאָראָן לעבט די גאַנצע וועלט, אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום, די וועלדער, די הימלען, די קולות פון וואַלד און זיין באַליבטער וואַלדען־טייך... זיי זיינען אַלע פאַר אים פול מיט לעבן און באַדייטונג. ער באַטראַכט די אַרומיקע וועלט מיט אירע פאַרענדערונגען, ווי א אַ יונגער פאַרליבטער באַטראַכט די מינעס און שטימונגען אויפן פּנים פון זיין געליבטער...

ער שרייבט זאַכלעך, טרוקן מיט ניו־ענגלענדישער טערפקייט און יענקישער פּראַקטישקייט און פאַרבאַהאַלטן געלעכטער, אָבער אַ סך מאָל גיבן זיך אַ שלאָג דורך דער עקסטאַז, די דערהויבונג און התלהבות וואָס די וועלט פון נאַטור רופט ביי אים אַרויס...

ד"ר סיידעל קענבי פּרוּאווט אין זיין ביאָגראַפיע פון טאָראָ דער־קלערן זיין נאַטור־פאַרליבטקייט מיט די היינטיקע פּאָפּולערע פּסיכאָ־אַנאַליטישע טעאָריעס פון קאָמפּענסאַציע און סובלימאַציע. אויף זיין ליבע צו איינער עלען סעוואַל האָט טאָראָ באַקומען אַ קלינגענדיקן: ניין — און ער האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ גאַנץ לעבן מיט אַ שטילער, נישט דערקלערטער ליבע צו עמערסאָנס פרוי, לידיאַן. האָט ער די ליבע פון זיין האַרץ אַריבערגעטראָגן אויף דער נאַטור... איך גלויב, אַז די דערקלערונגען דערקלערן גאָרנישט. לאָמיר בעסער הערן ווי טאָראָ אַליין דערקלערט זיין אַוועקגיין אין וואַלד אַריין:

איך בין אַוועק אין וואַלד, ווייל איך האָב געוואָלט לעבן פריי... קומען פּנים אל פּנים מיט די עיקרדיקע פראַגן פון לעבן און זען, צי איך קען נישט לערנען, וואָס עס האָט אונדז צו לערנען און נישט, ווען עס וועט קומען צום שטאַרבן, אויסגעפינען, אַז איך האָב נישט געלעבט... איך האָב געוואָלט לעבן טיף און אויסזויגן דעם גאַנצן מאַרך פון לעבן, לעבן אַ פּשוט, ספּאַרטאַניש לעבן... פאַרטרייבן דאָס לעבן אין אַ ווינקל... און אויב עס איז נידעריק מיאוס אַרויסבאַקומען די גאַנצע מיאוסקייט דערפון... און אויב ס'איז דערהייבן צו וויסן עס פון אייגענער דערפאַרונג...

**דאָס לעבן מיט דער נאַטור איז פאַר טאַראָן אַ טיפע איבערלעבונג. זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן און פאָרשן נאַטור און געווען אַ גרויסער „גייער"; מיטן פּאַק אויף דער פּלייצע געוואַנדערט כסדר.**

**טאַראָ הייבט אָן זיין עסיי „איינזאַמקייט" אַזוי:**

דאָס איז אַ מחיהדיקער אָוונט, ווען דער גאַנצער קערפּער איז ווי איין חוש און זויגט הנאה דורך יעדן צעל. איך קום און גיי מיט אַ מאָדנער פרייהייט אין דער נאַטור, אַ טייל פון איר... ווי איך שפּאַציר אַרום די שטיינערדיקע ברעגן פון טייך מיט פאַרקאַשערטע העמד־אַרבל, כאָטש ס'איז קיל און כמאַרנע, און ס'בלאָזט אַ ווינטל און איך זע גאָרנישט, וואָס זאָל מיך צוציען, זיינען אַלע עלעמענטן מיר ליב... די זשאַבעס קוואַקן... די טענער פון וויפּ־פּור־ וויל קומען מיטן ווינט פון וואַסער, סימפּאַטיע מיט די ציטערנדיק אָלשינע און עלמען־בוימער רויבט מיר אַזש דעם אָטעם... אָבער אַזוי ווי דער טייך, איז מיין רואיקייט באַוועגט, אָבער נישט געשטערט...

**אָדער אין אַ מער רוחניותדיקער שטימונג:**

ווי מעכטיק און טיף איז דער איינפלוס פון די סובטילע כוחות פון הימל און ערד... מיר פּרואוון זיי זען אָבער מיר זעען זיי נישט... מיר ווילן זיי הערן, אָבער מיר הערן זיי נישט... זיי פאַראורזאַכן, אַז איבער דער גאַנצער וועלט מאַכן מענטשן זייערע הערצער ריין און הייליקן זיי, און טוען זיך אָן זייער יום־טובדיקע מלבושים.

**איז דאָס נישט חסידות, רייד פון אַלערליי מיסטיקער פון אַלע צייטן? און ער לערנט:**

**סימפּליסיטי, סימפּליסיטי! זאָלן דיינע עסקים זיין צוויי־דריי און נישט אַ הונדערט און אַ טויזנט...**

**אָדער:**

**פאַרוואָס זאָלן מיר לעבן מיט אַזאַ שנעלקייט און אַ תל מאַכן פון לעבן?...**

**אָדער ער זאָגט:**

פאַרוואָס זיך אַזוי פיל מעסעק זיין מיט אונדזערע בעבלעך און נישט מיט אַ נייעם דור מענטשן... אַזאַ סובטילע און זעלטענע קוואַליטעט ווי אמת און גערעכטיקייט... אונדזערע אַמבאַסאַדאָרן זאָלן האָבן אינסטרוקציעס אַהיימשיקן אַזוינע קערנדלעך פאַר זריעה ווי די... און דער קאָנגרעס דאַרף העלפן זיי צעטיילן... מייסט מענטשן האָבן נישט קיין צייט, זיי זיינען פאַרנומען מיט זייערע בעבלעך...

טאַראַס ווערק זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם פּרינציפּ פון צדק און יושר כאָטש ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַ פּרוש — האָט ער זיך אָפּגערופן שטאַרק אויף יעדער אומגערעכטיקייט... ער האָט באַוואונדערט דזשאָן בראַונען, דעם אייזערנעם מענטש פון פּרינציפּ, וועמעס אַטאַקע אויף האַרפּערס פּערי האָט אויפגעשוידערט אַמעריקע און דערנעענטערט דעם קריג פאַר דער שקלאַפן־באַפרייאונג... ווען מען האָט געכאַפּט אין באָסטאָן אַ נעגערישן שקלאַף און אים צוריקגעשיקט אין שקלאַפעריי — ווי דאָס געזעץ האָט געפאָדערט — איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ לעקציע וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

> איך וויל מײנע מיטבירגער זאָלן באַטראַכטן, אַז וואָס דאָס געזעץ זאָל נישט זײן, קען קײן אײנצלנער מענטש אָדער אַ פאָלק נישט באַגײן דעם קלענסטן אַקט פון אומגערעכטיקײט אַקעגן דעם פּשוטן מענטש און נישט באַצאָלן די שטראָף דערפאַר.

דער ניו־ענגלענדער מיסטיקער — פּרוש און נאַטור פילאָזאָף רעדט דאָ מיטן נביאישן קול פון יושר מאַנער, שטראָפער און לערער, און טאַראָ איז נישט ווי אַ סך היינטיקע דרשנים וואָס זייער תורה און זייערע מעשים קערן זיך ווייניק אָן. טאַראָ האָט מיט זיין לעבן און מיט זיינע מעשים באַקרעפטיקט זיין תורה און געווען אַ וועגווייזער פאַר אַנדערע.

טאַראָ האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. ער האָט עד היום אַ סך תלמידים און חסידים איבער דער גאַנצער וועלט וואָס פאַרהייליקן זיין נאָמען און לערנען און עוסקן זיך אין זייער לערערס כתבים, פאַרשן און גיבן אַרויס ביכער און קאָמענטאַרן און העלפן פאַרשפּרייטן זיין געדאַנק.

איך האָב טאַראַס בוך „וואָלדען" און זיינע אַנדערע ביכער געלייענט מיט טיפער געריהרטקייט און אויפּציטער. דער „קאָסמישער יענקי", ווי עמיצער האָט אים אַ נאָמען געגעבן, האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צום פאַרלוירענעם יידישן ייִנגל וואָס האָט געבלאָנדזשעט אין ניו־יאָרקער דזשאָנגל, אַ פאַרלוירענער...

טאַראַס בוך „וואָלדען" איז פון די ביכער וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין געמיט. ס'איז פון די געציילטע ביכער וואו בוך און מענטש איז איינס.

# קאַפּקאַ, דער ייִד

אין דעם פּראַגער ייִד פראַנץ קאַפקאַ, אַ טובערקולאָזן באַנק־אַנגע־שטעלטן וועמעס נאָמען ס׳איז ערשט באַקאַנט געוואָרן דער וועלט נאָך זיין טויט, האָט דער גייסטיקער מצב פון דעם מאָדערנעם מענטש געפונען אַן אָריגינעלן קינסטלערישן פּאָרטייטשער. קאַפקאַס ביכער האָבן אויף אַן אַלעגאָריש־סימבאָלישן אופן אַרויסגעבראַכט די צעטרייסלטקייט, אומזי־כערקייט און פאַרלוירנקייט פון היינטיקן מענטש. דער ענגלישער פּאָעט אָודען, איינער פון די באַרימטע מאָדערנע פּאָעטן, זאָגט אין אַן עסיי וועגן קאַפקאַן, אַז קאַפקאַ „ווייזט דעם קלעם אין וועלכן ס׳געפינט זיך דער מאָדערנער מענטש״...

דער קרענקלעכער נעוראָטישער גריבלער, וועמעס קורץ לעבן ס׳איז געווען איבערגעלאָדן מיט יסורים און ראַנגלענישן, האָט אַרויסגעוויזן אַ דערשטוינענדיקע וויזיאָנערישע קראַפט און אַ פאַנטאַסטיש רעליגיעזן מיסטיציזם וואָס רופט אַרויס אין דמיון דאָס געשטאַלט פון ענגלישן פּאָעט־מיסטיקער וויליאַם בלעיק — אפשר טאַקע דערפאַר וואָס זיי זיינען מענטשן פון צוויי פאַרשיידענע וועלטן. בלעיק האָט געוואָרצלט אין באָדן פון קריסטלעכער מיטאָלאָגיע און רעליגיע און געקענט שעפּן פון איר מיט פולע זשמעניעס. דער ייִד קאַפקאַ האָט באַלאַנגט צו אַ ייִדישן דור וואָס האָט שוין ניט געהאַט קיין רעליגיע און קיין ייִדישע טראַדיציע און געשעפּט זיין גייסטיקע נאַרונג פון דער מאַטעריאַליסטישער מאָדערנער אייראָפּעאישער קולטור. און פאַר קאַפקאַן איז גאָט געווען אַ נויטווענ־דיקייט. זוכנדיק אים צעוואונדיקט ער זיין נשמה, ראַיעט זיך און שטיקט זיך, ווי אַ זשוקל פון זיינס אַ דערציילונג, אין אויסגאַנגלאָזע לאַבירינטן וואָס הערט ווי אַ שונא דערגראָבט זיך צו אים נענטער און נענטער.

קאַפקאַס חדושדיק־אָריגינעלע דערציילונגען און ראָמאַנען — אָריגי־נעל סיי אין זייער פאָרם סיי אין זייער אינהאַלט — („דער ניט געקרוינטער קעניג פון דער דייטשישער פּראָזע״, זאָגט אויף אים דער נאָוועליסט הערמאַן העססע) האָבן דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם אומבאַקאַנטן שרייבער במשך אַ קורצער צייט געשאַפן אַ נאָמען ווי איינער פון די חשובסטע

און סאַמע אייגנאַרטיקסטע פּראָזאַאיקער פון דער מאָדערנער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

זייער חשיבות באַשטייט ניט נאָר אין זייער ריין קינסטלערישן ווערט, נאָר אין זייער ממש העלזעערישער אינטערפּרעטאַציע פון מאָדערנעם מענטש. מען געפינט אין קאַפקאַס ווערק אַ פאַרניכטנדיקע קריטיק פון היינטיקן מענטש וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן מאָראַליש און גייסטיק צעקרומט, צעריסן; אַ קאַריקאַטור פון דעם גרויסן נאַטור־באַהערשנדיקן העלד וואָס דאָס 19־טע יאָרהונדערט האָט אויסגעחלומט. אַנשטאָט דעם וויסנשאַפטלעכן מכשף און וועלט־באַהערשער וויזט אונדז קאַפקאַ צעטומלטע קאַריקעס, שאָטנדיקע באַשעפענישן ווי פון אַ פאַנטאַסטיש־קאָמישן פילם־שפּיל.

קאַפקאַ האָט מיט זיין עקזאַלטירט־פאַרשפּיצטער שפּירעוודיקייט דערפילט די מענטאַלע צעדריוולטקייט, דעם גייסטיקן צוזאַמענברוך פון היינטיקן מענטש. אין זיינע באַרימט־געוואָרענע ראָמאַנען „דער שלאָס" און „דער משפּט" וואָס לייענען זיך ווי משונהדיקע פאַנטאַסמאַגאָריעס פון אַ פיבערדיקן חלום (אין דער אמתן — אַ וואונדערלעך־אָריגינעלע קונסט־פאָרם) האָט דער פּרושדיקער וויזיאָנער, וואָס האָט געהאַט נאָר אַ באַגרעניצטע קענטשאַפט פון רעאַלן לעבן, בחוש פאָראויסגעזען די אומגלויבלעכע דעגראַדאַציע צו וועלכער דער מענטש וועט דערגיין אין דער היטלער און סטאַלין עפּאָכע. קאַפקאַ איז געשטאָרבן אין 1924, אָבער ער האָט מיט דער איבערנאַטירלעכער זע־קראַפט פון מיסטיקער דערזען דעם באַרג־אַראָפּ פון דער אייראָפּעאישער קולטור. מיטן אויפקום פון נאַציזם און פאַשיזם האָבן קאַפקאַס סימבאָליש־אַלעגאָרישע וויזיעס באַקומען אַ טראַגישע באַאָאונג פון רעאַלן לעבן. און דאָס רעאַלע לעבן האָט נאָך טויזנט מאָל איבערגעשטיגן די פאַנטאַזיע.

אָבער ניט קאַפקאַ דער אייראָפּעאישער מאָדערניסט און ליטעראַרישער נאָוואַטאָר איז די טעמע פון מיין איצטיקער אַרבעט. איך וויל זיך דאָ פאַרנעמען מיט דעם ייד קאַפקאַ.

אין זיינע טאָג־ביכער און אין זיין בוך „מיין טייערער פאָטער" (שאָקען פאַרלאַג), וואו עס איז אָפּגעדרוקט זיין באַרימט־געוואָרענער בריוו צו זיין פאָטער, וועמען ער האָט באַשולדיקט אין זיין יידישער אָפּגעפרעמדקייט, געפינען מיר זייער אַ סך שטעלעס וואָס דערציילן וועגן די אויפגעציטערטע יידישע סטרונעס פון דעם ייד קאַפקאַ. מיר דערפילן עס באַזונדערס שאַרף ווייל זיי זיינען געצייכנט מיט דער פען פון אַ באַוואוסטזיניקן אַנאַליטישן קינסטלער וואָס איז אַ מייסטער פון אינטראָ־

ספעקט אין צעגלידערן די פאַרבאָרגנסטע געפילן און דינסטע ניואַנסן פון זיין איך.

טאָג־ביכער פון אַ שרייבער העלפן אונדז פאַרשטיין דעם מענטש. בפרט זיינען זיי וויכטיק פאַר אַזאַ מענטש ווי קאַפקאַ. מען דערפילט לייענענדיק זיי אַז מ׳האָט צו טאָן מיט אַן אויסערגעוויינטלעך אייגנאַרטיקן מענטשן. זיין מוח אַרבעט מיט אַ געוואַלטיקער אינטענסיווקייט. ס׳איז אָפט שווער נאָכצופאָלגן זיין שנעל־לויפנדיקן בליציקן געדאַנקען־גאַנג און די מאָדנע אָריגינעלע אַסאָציאַציעס. מען באַוואונדערט זיין שרייבערישן כוח, ווי ער דעקט אויף אַלע גייסטיקע פּראָצעסן וואָס קומען אין אים פאָר. ס׳באַקומט זיך אַ בילד וואָס דער שרייבער אַליין גיט וועגן זיך אַלס מענטש. ער באַלויכט די קוואַלן וואָס האָבן גענערט זיין שרייבערישן טאַלאַנט; די אייביקע ראַנגלענישן (דעם קאַמף פון דעם קינסטלער מיט אַלע שטרויכלונגען אין זיין וועג), און זיינע ספּעציפיש־יידישע ראַנגלענישן.

קאַפקאַ, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַן אַסימילירטער יידישער שטוב און סביבה, האָט דערפילט די גייסטיקע פּוסטקייט פון „אומגלויביקן דור״. ער האָט דערשפּירט די דערהויבענע שיינקייט פון דעם אין טיפער אמונה פאַראַנקערטן אַמאָליקן יידישן לעבן מיט זיין אייגנאַרטיקן שטייגער און קולטור. זיין קינסטלער אינטואיציע, אפשר די ירושה־זאָמען אין זיין בלוט העלפן אים פאַרשטיין דאָס וואָס איז אים, דעם דייטשישן שרייבער, שוין לחלוטין פרעמד. ווען ער שטויסט זיך אָן דערויף דערוועקט עס אַ בענקשאַפט אין זיין בלוט.

ס׳איז פשוט פאַטעטיש: דער ראַפינירטער קולטור מענטש און ליטע־ראַרישער באַנברעכער קוועלט אָן פון אַ שונדיסטישער פּיעסע פון אַ לאַטיינערן — ער, דער טיפער קענער פון געטען... אַ מאָדנער געפיל נעמט אונדז אַרום ווען מיר לייענען אין זיינע טאָג־ביכער, ווי ער, דאָס שיינדל פון דער מאָדערניסטישער ליטעראַטור, הערט זיך צו מיט אַ טיפן ציטער צו יעדער העויה, צו יעדן וואָרט פון „בר כוכבא״ אָדער „הערצעלע מיוחס״, וואָס אַ וואַנדערנדיקע טעאַטער־טרופּע אין פּראַג פירט אויף, אָדער ווען ער הערט צום ערשטן מאָל די לידער פון באַוושאָוער און מאָריס ראָזענפעלד אָדער פּרצס אַ חסידיש מעשהלע. ער איז אויפגע־ציטערט ביז אין די טיפענישן. דער ייד אין אים האָט זיך אויפגעוועקט. ער האָט דערפילט די יידישע ירושה אין זיך; ער האָט דערפילט אַ בענק־שאַפט נאָך דעם יידישן שורש פון וועלכן ער איז געווען אָפּגעוויטערט, פאַרפרעמדט.

אין איין שטעל דערציילט ער אין אַ גוטמוטיקער שטימונג ווי זיין מוטער האָט געהאַפּט, אַז ער וועט חתונה האָבן — ווי אַלע גוטע יידישע מאַמעס — און אַוועקוואַרפן זיינע שרייבערייען, זיך נעמען מאַכן אַ קאַ־ריערע. זי האָט אַפילו מיט איר מאַמע־האַרץ ניט געוואָלט גלויבן, אַז ער איז אויף אַן אמת קראַנק, געזאָגט, אַז ס'איז אַן איינגערעדטע קרענק...

מיר געפינען אין אַ סך זייטלעך פון קאַפקאָס טאָג־ביכער לאַנגע אויסצוגן פון פינעסעס „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור". קאַפקאַ האָט זיך באַקענט מיט דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור. ער האָט באַוואונדערט די שאַפונגען פון פּרץ. ער האָט געלייענט מיט אַ „פאַר־כאַפּטן אָטעם" גרעצס יידישע געשיכטע. ער איז געגאַנגען הערן דעם באַרימטן בעל־תשובה דר. נתן בירנבוים, וועלכער האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן רושם.

קאַפקאַ קומט אַפילו נאָענט צום ציוניזם. אַנאַליזירנדיק אַ היינט פאַרגעסענע נאָוועלע, „אידינען" זאָגט ער, אַז דער שרייבער ברענגט ניט אַרויס קלאָר די לייזונג פאַרן יידישן פּראָבלעם... ער זאָגט: „מיר זיינען באַרעכטיקט היינטיקע צייטן צו אַזאַ קריטיק, ווייל זינט דער ציוניזם איז אַנטשטאַנען, זיינען די מעגלעכקייטן פאַר אַ לייזונג פון יידישן פּראָבלעם אַזוי קלאָר, אַז דער שרייבער וואָלט באַדאַרפט נעמען עטלעכע לעצטע שריט, כדי צו געפינען די מעגלעכקייט פאַר אַ לייזונג, צוגעפּאַסט צו זיין דערציילונג"...

מיר געפינען אַ סך פאַרצייכענונגען אין זיינע טאָג־ביכער וועגן די יידישע אַקטיאָרן, וואָס זיינען אַראָפּגעקומען שפּילן יידיש טעאַטער אין פּראָג. קאַפקאַ האָט ניט פאַרפעלט צו זען יעדע פּיעסע, וואָס זיי האָבן געשפּילט. ער האָט געשלונגען יעדעס יידיש וואָרט פון דער בינע. און דאָס איז פאַר אים נאָך ניט געווען גענוג. ער האָט זיך באַפריינדעט מיט די אַקטיאָרן, ער האָט געוואָלט הערן פון זיי וועגן יידישן לעבן, וועגן יידישן לעבנס־שטייגער; ער האָט גערעדט מיט זיי וועגן דער יידישער ליטעראַטור; ער האָט מיט אַ טיף געפיל געהערט זיי פאָרלייענען ביאַליקן, מאָריס ראָזענפעלדן, י. ל. פּרצן.

מען מוז שמייכלען ווען מען לייענט ווי קאַפקאַ קוועלט אָן פון די אַלע אָפט ניט זייער געהויבענע פּיעסן פון דעם רעפּערטואַר פון דער טרופּע וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן. ער אַנאַליזירט יעדע פון זיי זייער ערנסט, פון ליטעראַרישן און טעאַטראַלישן שטאַנדפּונקט. ער שטעלט זיך אָפּ באַריכות אויף דעם שפּילן פון יעדן אַקטיאָר. פאַר אים איז אַפילו אַזאַ ווערק ווי לאַטיינערס „משומדת" געווען פון באַדייט. ער אַנאַליזירט עס פּרטימדיק, די יידישע קאַפּאָטעס, די יידישע מאַניערן און מעלאָדיעס,

די יידישע מלבושים מאַכן אים אויפציטערן. ער זאָגט, אַז „די צוציאונגס קראַפט איז פאַר אונדז צו שווער, ווייל מיר זיינען יידן"... און ער זאָגט ווייטער, אַז עטלעכע מעלאָדיעס און די ווערטער „יידישע קינדערלעך", וואָס ער האָט געהערט פון יידישע אַקטיאָרן, האָבן „זיין פּנים געמאַכט ציטערן"... אין אַן אַנדער שטעל זאָגט ער, אַז דער גמרא־ניגון האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפן רושם... אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישע שטעל פון טאָג־בוך.

„איך וואָלט געוואָלט זען אַ גרויס יידיש טעאַטער, ווייל דאָ ליידט אַוודאי די פּראָדוקציע פון אַ קליינעם אַנסאַמבל און ניט גענוג פּראָבן... איך וואָלט אויך געוואָלט קענען די יידישע ליטעראַטור, פאַר וועלכער, ווי עס זעט אויס, ס'איז כאַראַקטעריסטיש די ניט איבערגעריסענע טראַ־דיציע פון נאַציאָנאַלן קאַמף, וועלכער באַשטימט יעדעס ווערק, אַ טראַ־דיציע, וואָס איז ניט פאַראַן אין קיין שום ליטעראַטור אַפילו פון די מיינסט־אונטערדריקטע פעלקער"...

דער אויסגעצייכנטער ליטעראַטור־קענער, קאַפקאַ, באַגייסטערט זיך און גיט דעטאַלירטע קריטיק פון „שולמית", „די שחיטה", „דער ווילדער מענטש", „בר־כוכבא"... ער באַוואונדערט, דערציילט ער, יעקב גאָרדינען... ער דערציילט באריכות וועגן דעם רושם וואָס עס האָבן אויף אים געמאַכט די פאָרלייענונגען פון דעם אַקטיאָר לעווי פון שלום עליכם, פון פּרץ און בפרט די „שחיטה שטאָט" פון ביאַליקן. ער דערציילט, אַז ביאַליק האָט אַליין איבערגעזעצט די פּאָעמע פון העברעאיש אויף יידיש, כדי צו „העלפן די יידן"...

קאַפקאַ האָט זיך מיט דעם אַקטיאָר לעווי טעגלעך באַגעגנט, געוואָרן מיט אים גוטע פריינט און זיך זשעדנע צוגעהערט צו אַלץ, וואָס יענער האָט אים דערציילט וועגן יידן...

פון גרויס באַגייסטערונג צו דער יידישער אַקטיאָרן טרופּע האָט ער זיך אַפילו פאַרליבט אין דער הויפּט־אַקטריסע מאַדאַם טשיזיק.... איר נאָמען אַליין באַגייסטערט אים שוין: „איך האָב אַזאַ הנאה פון שרייבן איר נאָמען", דערציילט ער.

מען פילט אין קאַפקאַס בענקשאַפט נאָך יידישקייט די התלהבות פון אַ בעל־תשובה. אָט דערציילט ער אין אַ פאַרצייכענונג וועגן דעם „גליק־לעכן געפיל" ביים לייענען גרעצן און דער גערירטקייט זיינער ווען ער איז געגאַנגען אין שול צו „כל־נדרי".

ער האָט זיך דערנענטערט צו מאַמע־לשון, גענומען שטודירן און פאַרטיפן זיך אין דער געשיכטע פון יידיש, אויף וועלכן מען האָט אין זיינע קרייזן — ווי ער זאָגט — אַראָפּגעקוקט מיט ביטול.

האָט איז גאָר אַן אינטערעסאַנטע שטעלע אין זיין לעצטן בוך — פון אַ פאָרטראַג וואָס ער האָט געהאַלטן וועגן יידיש אַלס אַן אַריינפיר צו אַ פאָרלייענונג פון יידישער פּאָעזיע פון דעם אויבן־דערמאָנטן אַקטיאָר־רעציטאַטאָר לעווי. ס'איז געווען אַן עקספּערימענט פאַר וועלכן מ'האָט זיך געשראָקן ווייל דאָס פּובליקום איז באַשטאַנען פון דייטש־ריידנדיקער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע האָט זיך געשעמט און אַראָפּ־געקוקט אויף יידיש, אַפילו ניט געהאַלטן יידיש פאַר אַ שפּראַך. קאַפקאַ איז אין זיינע אַריינפיר־ווערטער דער אַפּאָלאָג פון יידיש, רעדט וועגן יידיש מיט האַרץ.

קאַפקאַ זאָגט צו דער סנאָבישער יידישער אינטעליגענץ באַלד אין אָנהויב: איר קענט און פאַרשטייט אַ סך מער יידיש ווי איר דענקט...

איר האָט אַזוי מורא פאַר יידיש — זאָגט ער צו זיינע אינטעליגענטע פּראָגער יידישע צוהערער, — אַז מען קאָן עס זען פּשוט אין אייערע פּנימער... האָט אינזינען, אַז אַ חוץ דעם, וואָס איר ווייסט באַוואוסטזיניק, זיינען אין אייך אַקטיוו כוחות און אַסאָציאַציעס וואָס דערמעגלעכן אייך צו פאַרשטיין יידיש אינטואיטיוו... הערט אויף צו באַקלאָגן זיך, אַז איר פאַרשטייט ניט קיין יידיש... אויב איר פילט זיך אין אַ רואיקן גייסטיקן מצב, געפינט איר זיך היימיש אין דער יידישער שפּראַך...

טראַכט זיך אַריין אין דעם, מאָלט זיך אויס דאָס גראָטעסק־טראַגישע בילד. אין דער אַלט־יידישער שטאָט פּראַג, וואו אין בוידעם־שטיבל פון מה״רלס שול חלומט דער גולם, קומט אַ דייטשישער שרייבער, אַן אָפּגע־פרעמדטער פון יידן אָבער וואָס האָט מיט זיין נשמהדיקן חוש־הראיה דערזען אַן אָפּשיין פון יידישן גייסטיקן ליכט, און רופט צו זיינע ברידער: שובו, שובו...

מאַקס בראָד, קאַפקאַס פריינט, וואָס איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון זיינע ווערק נאָך זיין פריצייטיקן טויט (כאָטש קאַפקאַ האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה אַז מ'זאָל זיינע ווערק פאַרברענען) זאָגט אין זיין אַריינפיר אַז קאַפקאַ וואָלט מסתמא געוואָרן אַ רעליגיעזער פרוש ווען ער לעבט.

קאַפקאַ, ווי אַ סך אַנדערע יידישע שעפערישע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייערע כוחות צו פרעמדע אומות, האָבן אַפילו ווען זיי האָבן דערגרייכט די באַרג־שפּיצן פון באַרימטקייט און אַריינגעוואַקסן און פאַראייגנט געוואָרן מיט פרעמדע שפּראַכן און קולטורן, איבער־געלעבט שווערע קריזיסן און טיפע פּיינען. אין די טיפסטע האַרץ־קע־מערלעך האָבן זיך אָפּט געוועקט פיינלעכע אומרוען, חרטות און בענק־שאַפטן פון אַלטן בלוט וואָס האָט געבענקט צום אייגענעם שורש.

# עקזיסטענציאַליזם ביי זיי און ביי אונדז

עקזיסטענציאַליזם איז אַ פילאָזאָפישע און אַ ליטעראַרישע שטה וואָס איז אויפגעקומען אין פראַנקרייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. זשאַן פאול סאַרטר, דער ראש המדברים פון דער נייער שיטה, איז נישט נאָר אַ מחבר פון פילאָזאָפישע ביכער, נאָר אויך אַ טאַלאַנטפולער נאָוועליסט און דראַמאַטורג. אַלבערט קאַמי, דער צווייטער מייסט באַקאַנטער עק־זיסטענציאַליסטישער נאָוועליסט האָט איצט באַקומען דעם נאָבעל פּרייז פאַר ליטעראַטור.

דער עקזיסטענציאַליזם איז ניט אינגאַנצן אַ נייע זאַך. ער איז אַ המשך פון די פילאָזאָפישע אידייען און מענטשן־פּראָבלעמאַטיק פון איי־ראָפּעאישע דענקער. די עקזיסטענציאַליסטן האַלטן פאַר זייער גייס־טיקן פאָטער דעם דענישן פילאָזאָף און פּאָעט סערען קירקעגאַרד (1855־1913) וואָס איז אין זיין צייט ווייניק פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט געוואָרן. ערשט איצט ווערט אָפּגעשאַצט די טיפקייט און אָריגינעלקייט פון זיין געדאַנק.

קירקעגאַרד איז זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער אַבסטראַקטער טרוקענער סיסטעמאַטישקייט פון דעם „פילאָזאָפישן מלך" פון זיין צייט, העגעל. ער האָט געהאַלטן אַז מיט אַ סיסטעם קאָן מען ניט דערקלערן די וועלט, אַז אַלץ וואָס מ׳קאָן אויסגעפינען און דערקענען איז דורכן מענטש אַליין, דורך דעם מענטשנס סוביעקטיווער געדאַנקען־וועלט און פּסיכאָלאָגישע פּראָצעסן.

קירקעגאַרד האָט געשטעלט דעם טראָפּ אויפן מאָמענט פון „פרייער אַנטשיידונג", פון אויסוואַל צווישן גוטס און שלעכטס (איינס פון זיינע הויפּט־ווערק טראָגט דעם נאָמען „אָדער־אָדער"). דער געפיל פון תשובה און חרטה אויסגעדריקט אין זיין׳ס אַ גרויס ווערק „אַנגסט און ציטער" שפּילט אויך אַ געוואַלדיקע ראָלע אין קירקעגאַרדס רעליגיעז־פילאָזאָפי־שער לערע, וואָס איז אויך אַן עטיש־עסטעטישע שיטה.

די עקזיסטענציאַליסטן זיינען זיך אויך שטאַרק סומך אויפן גרויסן פראַנצויזישן מאַטעמאַטיקער־פיזיקער און טיפן דענקער, פּאַסקאַל, וועלכער

האָט געלעבט אין 17־טן יאָרהונדערט, ווען גאָר שוין וועמעס געדאַנקען און ספקות זיינען די געדאַנקען און ספקות פון היינטיקן מאָדערנעם מענטשן, — „דאָס האַרץ האָט זיך זיינע סיבות, פון וועלכע דער שכל ווייס גאָרנישט", האָט פּאַסקאַל געזאָגט.

סאַרטר, דער יורש פון די אַלע דענקער, זאָגט, אַז די עקזיסטענץ קומט פאַר דער עסענץ, אַז דער פּרט קומט פאַרן כלל, דאָס באַזונדערע (פּאַרטיקולערע) פאַר דאָס אַלגעמיינע, דאָס אוניווערסאַלע. אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך האָבן שוין פאַרשיידענע פילאָזאָפן, פאַר סאַרטרן, ווייטער געצויגן די פילאָזאָפישע טעאָריעס פון סערען קירקעגאַרד. היידעגער און יאַספּערס — דייטשע פילאָזאָפן; גאַבריעל מאַרסעל איז דער וויכטיקסטער פון די קריסטלעכע עקזיסטענציאַליסטן אין פראַנקרייך. אַ באַגייסטערטער אָנהענגער און קאָמענטאַטאָר פון קירקעגאַרדס לערע איז — אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן — געווען דער גלענצנדיקער יידיש־רוסישער דענקער און עסייאיסט לעוו שעסטאָוו (שוואַרצמאַן).

וואָס פאַראייניקט די אַלע עקזיסטענציאַליסטן? זיי זיינען אַלע גע־קומען צו דער דערקענטניש, אַז דער מענטש איז דער יסוד פון אַלץ, וואָס מ'קען וויסן... זיי זיינען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, סוביעקטיוויסטן, זיי זיינען כמעט אַלע פעסימיסטן. זיי ריידן פון דער „אַבסורדישקייט" פון אַלץ און אַלעמען. אַנדערע זיינען געקומען צו אַ ניהיליזם, אַ „גאָר־נישט"; נאָך אַנדערע, ווי סאַרטר, כאָטש זיי זיינען ניט קיין קליינע פּעסי־מיסטן מכח מענטשן און וועלט, גלויבן אָבער אין פרייען ווילן פון מענטש. כמעט אַלע זיינען זיי אַטעאיסטן. זיי זעען אין דער וועלט נאָר די בלינדע, פּוסטע, זינלאָזע עקזיסטענץ, אָבער גלויבן, אָדער ווילן גלויבן, אַז דער דענקענדיקער מענטש האָט אַ פרייען ווילן און אַ פרייען געדאַנק — און דאָס איז אַ שעפערישער כוח, אַ ליכט אין דער פינצטערניש פון דער וועלט...

ס'ווערט נאָך קלאָרער דער עקזיסטענציאַליסטישער געדאַנקען־גאַנג דערפון, וואָס די עקזיסטענציאַליסטן רעכענען פאַר זייערע פאָרגייערס ניט נאָר דעם פרום־קריסטלעכן סערען קירקעגאַרד, נאָר אויך ניטשען און דאָסטאָיעווסקין, וואָס האָבן אומרחמנותדיק געגראָבן זיך אין די טיפענישן פון מענטש. דער כסדרדיקער געראַנגל וואָס גייט אָן אין די תהומיקע קאַמערן פון מענטשלעכער נשמה (וואָס די היינטיקע פּסיכאָאַנאַליטיק נעמט ערשט אַביסל אויספּלאָנטערן) פאַרבינדט זיי אַלעמען. דער טראַגישער פילאָזאָף ניטשע און דער געניאַלער נאָוועליסט דאָסטאָיעווסקי האָבן אויפ־געדעקט אַ סך פּרווידיאַנישע אמתן נאָך פאַר פרוידן.

סאַרטר און אַלע אַנדערע עקזיסטענציאַליסטן, צווישן זיי דער שוין

אויבן דערמאָנטער אַלבערט קאַמי ברענגען אַרויס אין זייערע ליטעראַרישע ווערק די טראַגיק פון מענטשלעכן לעבן. זיי זעען דאָס לעבן ווי אַ זינ־לאָזן אַבסורד. זיי פּרעדיקן אָבער זיך ניט אונטערצוגעבן נאָר באַוואָפענען זיך מיט מאָראַלישן כוח, ווי די סטאָאיקער פון דער גריכישער וועלט וועמעס פילאָזאָפישע עיקרים זיינען געווען: מענטשלעכע ווערדע, מאָראַ־לישע פעסטקייט בשעת סכנות און אומגליקן. אַלבערט קאַמי פּריידיקט אין זיינע נאָוועלן מאָראַלישע באַפאַנצערונג, וואָס ער הייסט זיינע העלדן זיך פאַרפאַנצערן מיט איר קעגן דער איראַציאָנעלקייט און פוטיליטעט פון לעבן.

דער עקזיסטענציאַליסטישער ליטעראַרישער דרך איז דער הפוך פון אַמאָליקן נאַטוראַליזם און רעאַליזם. די עקזיסטענציאַליסטישע שרייבער גייען דירעקט צום אינערלעכן קאָנפליקט אין מענטשנס נשמה, דעם „טעאַטער פון דער נשמה", ווי עמיצער האָט עס אָנגערופן, אָדער דאָס אינעווייניקסטע אויג פון דער נשמה.

ביי סאַרטערן וואָס איז אַ טאַלאַנטירטער נאָוועליסט און נאָך אַ מער טאַלאַנטירטער דראַמאַטורג איז תמיד דער הויפּט־פּראָבלעם דער קאַמף אין די אינעווייניקסטע קעמערלעך פון דער מענטשלעכער נשמה. זיינע כאַראַקטערן זיינען כמעט תמיד אַבנאָרמאַלע אָדער ניט געוויינטלעכע מענטשן; צעדרייטע, אויסגעקרומטע כאַראַקטערן; דעפּראַווירטע, האַלב־משוגע, סעקסועל אַבנאָרמאַלע, האָמאָסעקסועלע, אַנדערע סעקסועל אַב־נאָרמאַלע מענטשן.

אָט זיינען עטלעכע סוזשעטן פון זיינע ראָמאַנען.

אַ קליינער באַאמטער, וועלכער איז אָנגעפילט מיט אַן איראַציאָנעלער שנאה צום מנטשלעכן מין, שיסט אויס פון אַ רעוואָלווער אינמיטן פון אַ המון מענטשן... אָדער, אַ פרוי, וועלכע באַקומט פיינט איר מאַן און קאָן זיך ניט ברענגען דערצו זי זאָל אים פאַרלאָזן, אַנטלויפט פון דעם פּלאָנטער אין משוגעת...

אָדער אַ פרוי האָט געפּרואווט לעבן אָפּגעזונדערט פון מאַן, אויף וועלכן זי קוקט מיט ביטול, אָבער זי קערט זיך סוף כל סוף צוריק צו אים, כאָטש זי דערוואַרט פון אים גאָרניט...

סאַרטר מאָלט כמעט אויסשליסלעך די נעגאַטיווע זייטן פון לעבן... זיינע כאַראַקטערן פילאָזאָפירן כסדר וועגן טויט און „גאָרנישט". צו ראַטעווען זיך פון דעם „גאָרנישט" פלירטעוועט סאַרטר מיטן מאַרקסיזם. אָבער אמתע מאַרקסיסטן וועלן דערפון אוודאי קיין נחת ניט האָבן...

סאַרטרס כאַראַקטערן, ווי אויך די כאַראַקטערן פון די אַנדערע דער־מאָנטע שרייבער, קומען תמיד צו אַ קריזיס, וואו זייערע אינערלעכע נאַטורן

ווערן צעשפּאָלטן. זיי ווערן זיך קעגן דעם מיט משוגעת, מיט מאָרד, מיט גוואַלד־טאָטן אָדער זעלבסטמאָרד... דאָס איז אויך נאַטירלעך ווען מ׳גיט אַ טראַכט, אַז די מאָדערנע שרייבער זיינען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער וועלט, אין וועלכער זיי זיינען אויסגעוואַקסן; אין דער וועלט פון צווישן צוויי וועלט־מלחמות; מיט דער וועלט, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט דעם היטלעריזם, פאַשיזם און די גרוילטאָטן וואָס ווערן באַגאַנגען אונטער דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור...

דער געוועזענער מיניסטער פון דער שפּאַנישער רעפּובליקאַנער רע־גירונג, דער סאָציאַליסט דעל וואַיאָ, וואָס איז אויך אַ פעאיקער שרייבער, שרייבט וועגן עקזיסטענציאַליזם אַזוי:

„עקזיסטענציאַליזם איז פון שטאַנדפּונקט פון אַלע פּאָליטישע צוועקן, אַ צעטומלטע, נעגאַטיווע און זעלבסט־צעשטערנדיקע דאָקטרין... פון עק־זיסטענציאַליזם ביז ציניזם איז אַ לייכטער וועג. תמיד געפינט שוין די רעאַקציע, אין די רייען פון די דיזילוזיאָנירטע, אין די דעצידירנדיקע מאָמענטן, די אינטעלעקטועלע פאַרבינדעטע, וואָס מאַכן אויסזען יעדן צוריקצוג, ווי אומבאַדייטנדיק אַפילו לויבנסווערט... ס׳איז אַ פילאָזאָפיע פאַר די וואָס האָבן מער ניט קיין מוט צו קעמפן..."

דעל וואַיאָ רעדט ווי אַ בעל־מאמין אין מענטש, ווי אַ סאָציאַליסט, ווי אַ קעמפער פאַר אַ סאָציאַלן אידעאַל — ניט ווי אַ קריטיקער פון אַ פילאָזאָפישן סיסטעם, אָדער אַ ליטעראַטור־קריטיקער.

אָבער אַז דער עקזיסטענציאַליזם ווי אַ לעבנס־השקפה איז אַ פילאָזאָ־פיע פון דיזילוזיאָנירטע, אַ נעגאַטיווע, צעשטערערישע דאָקטרין פון מענטשן אָן טיפן גלויבן איז קלאָר. און די סאַמע חשובסטע אייראָפּעאישע שרייבער און אינטעלעקטואַלן זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דידאָזיקע אידייען וואָס זיינען דער דירעקטער פועל יוצא פון די גרוילן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט נאָך טיפער ווי די ערשטע אַ טרייסל געטאָן דעם גייסטיקן פונדאַמענט פון דער אייראָפּע־אישער קולטור. ציניזם, ניהיליזם, דיזילוזיע זיינען די רעאַקציע קעגן דער חיהשער סטיכיע, דעם זינלאָזן, ברוטאַלן מאָרד־שגעון פון מלחמה.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שוין שטאַרק אויפגעטרייסלט די הומאַ־ניסטיש אידעאַליסטישע יסודות פון דער אייראָפּעאישער קולטור, צע־שטערט די ראָמאַנטיק וואָס האָט באַהערשט די ליטעראַטור פון 19־טן יאָרהונדערט. די צווייטע וועלט־מלחמה מיט איר ציניזשן צעטרעטן פון אַלע מאָראַלישע קאָדעקסן, מיט דער אָפענער פאַרגעטערונג פון ברוטאַלער קראַפט, פון די אינסטינקטן פון פרימיטיוון מענטש, האָבן געמוזט ברענגען צו אַ רעוויזיע אין דעם גאַנצן סיסטעם פון ווערטן וואָס די אייראָפּעאישע קולטור האָט במשך דורות אויפגעשטעלט.

ס'האָט זיך פאַר קולטור־מענטשן, דענקער, קינסטלער אויפגעדעקט דער אוראַלטער תהו ובוהו, דער זינלאָזער, איראַציאָנעלער געווירבל פון לעבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס זעען מיר ביי יידן, דעם פאָלק וואָס איז געווען דער קרבן אין דער בלוטיקסטער שחיטה, אַ מאַסן עקידה וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער בלוטיקער געשיכטע פון דער מענטשהייט?

דער יידישער מענטש אין געטאָ איז אין תוך געבליבן אַ בעל־מאמין. ער האָט זיך ניט מייאש געווען. און דער יידישער שרייבער, סיי דער וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם חורבן, סיי דער וואָס האָט אים איבערגע־לעבט פון דער וויטנס, האָט ניט פאַרלוירן זיין פונדאַמענטאַלע יידישע אמונהדיקייט, זיין ניט־צעשטערלעכן גלויבן אין מענטש און אין גאָט.

אַנשטאָט ציניזם און דיזילוזיע איז געקומען נאָך אַ מער פעסטער גלויבן אין די מאָראַלישע יסודות פון דער וועלט וואָס איז דער עצם פון דער יידישער וועלט־השקפה, דער גלויבן אין גאולה־וועג פון מענטש דורך לייטערונג און דערהויבונג פון מענטש.

די יידישע חורבן־ליטעראַטור האָט פאַרהייליקט די מיליאָנען אומ־געקומענע ווי קדושים וואָס זיינען געפאַלן פאַר אַ גרויסן אמת פאַר וועלכן דער ייד איז במשך אַלע דורות געגאַנגען אויף קדוש השם.

דער יידישער עקזיסטענציאַליזם, אויב מען קאָן עס אַזוי רופן, איז אַנדערש פון גויאישן עקזיסטענציאַליזם. דעם יידן איז דערווידער און אומבאַגרייפלעך אַ זינלאָזער, איראַציאָנעלער אוניווערז אָן גאָט. דער יידישער עקזיסטענציאַליזם אָנט אַ טיפן זינען אין יידישער עקזיסטענץ אין דער וועלט.

זינגט אונדזער גרויסער טיף־יידישער דיכטער ה. לייוויק אין זיין „געבענטשט געזאַנג”:

און אָנען וואונדער טו איך אָנען  
אין צוגעפאַלנקייט צו דער ערד,  
איך בענטש די ווייטע וועלט פון דאַנען  
מיין ברכה מוז איצט זיין דערהערט.  
זי מוז — אין קראַפט פון אַל־נסיון  
מקוים ווערט וואָס איך פאַרזאָג.  
געבענטש געזאַנג פון לעצטע שעהן  
אין העלער זון פון מיטן טאָג.

# אַרטור קעסטלער, דער אַסימילירטער שרייבער

אַרטור קעסטלער איז אַ שרייבער מיט אַ וועלט־נאָמען. מ׳קאָן זיין אויפטו פאַגלייכן אין אַ געוויסער מאָס צום אַמעריקאַנער אַפּטאָן סינקלער. ביידע אילוסטרירן אין נאָוועליסטישער פאָרם, און אינטערעסאַנטע, זייער לייענבאַרע ראָמאַנען די אַלע אָנגעווייטיקטע וועלט־פּראָבלעמען און וואָגיקע וועלט־געשעענישן, וואָס באַשעפטיקן היינט צו טאָג אַ יעדן אינטעליגענטן טראַכטנדיקן מענטש. אַרטור קעסטלער טוט עס מיט אַ סך מער איירעפּעאישער געשיקטקייט. ער באַקליידט זיינע ראָמאַנען אין אַ בעסערן נאָוועליסטישן מלבוש. ער מאַכט עס נישט אַזוי רוי־פּרימיטיוו ווי דער אַמעריקאַנער. דערפאַר האָט ער אָבער נישט דעם אַמעריקאַנערס אימפּעט, וועלכער האָט צו זיין קרעדיט מי יודע וויפל טויזנטער פילבענדיקע ראָמאַנען פון וועלכע מ׳קאָן זיך אויסלערנען די געשיכטע פון אונדזער שטורמישן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. מיט דעם ענדיקט זיך דער פאַרגלייך.

קעסטלער איז אַ טיפּישער יידישער אינטעליגענט מיט אַ שאַרף געשליפענעם מוח. ער איז אַן אַנטוישטער אינטעלעקטואַל. ער האָט שוין געדינט אַלע עבודה־זרות. ער האָט קיינמאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פון לוקסוס, ווי דער הויפּט העלד פון זיין ארץ־ישראלדיקן ראָמאַן „גנבים אין דער נאַכט" (וואָס אינטערעסירט אונדז יידן צום מייסטן) רופט עס, פון זען ביידע זייטן פון דער מטבע, ביידע זייטן פון אַ פּראָבלעם.

קעסטלער, דער איירעפּייער פון יידישן אָפּשטאַם, האָט אין דער גייסטרייכער און קינסטלערישער שטאָט ווין, אָנגעזאַפּט זיך מיט אַ סך איירעפּעאישער ביכער קולטור, מיט אַלע שיינע הויכע אידעאַלן, וואָס האָבן דעמאָלט געשוועבט אין דער לופטן און וואָס די אינטעליגענץ, און בפרט די פאַרמוחטע, אייביק זוכערישע יידישע אינטעליגענץ, האָט געגלויבט באמונה שלמה — ווי אַ ייד גלויבט אין משיחן...

קעסטלער איז אויך געווען ווי דער גרעסטער טייל פון דער אינ־

טעליגענץ פון יענער צייט, אַ הייסער מאמין אין משיח צייטן, וואָס דער קאָמוניזם וועט ברענגען. ער האָט מיטגעפיבערט מיט דער שפּאַנישער רעוואָלוציע, ווי אַ ייד האָט ער איבערגעלעבט (מיטן אינטעלעקט) די אידייע פון יידישן רענעסאַנס און פון שיבת ציון. ער האָט איבערגע־לעבט אַלע גייסטיקע שטורמען און זוכענישן און איבערקערענישן פון דער שטורעמדיקער צייט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. ער איז גע־שטאַנען נאָענט צו די געשעענישן ווי אַ צייטונגס־מענטש און כסדר־דיקער וואַנדערער.

ער האָט פרי פאַרלאָזן זיין היים־שטאָט בודאַפּעסט, געווען אַ פונק־ציאָנער אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד, געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד, געווען אַ קאָרעספּאָנדענט אין שפּאַניע בשעת דעם בירגער־קריג און געזעסן אין טורמע אַ פאַרמשפּטער פון פראַנקאָ־רעזשים צום טויט. אין ארץ־ישראל איז ער געווען אַ לעמאָנאַד פאַר־קויפער אויף די חיפהער גאַסן און אַן אַסיסטענט פון אַן אַראַבישן אַר־כיטעקט. ער איז אויך געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ וואָכנבלאַט אין קאַירע. וועגן די אַלע איבערלעבענישן האָט ער געשריבן אין צייטונגען און געמאַכט פון זיי ראָמאַנען.

ווען ער האָט פון דעם רייכן מאַטעריאַל געמאַכט ראָמאַנען במקום רעפּאָרטאַזשן און צייטונג־באַריכטן איז ער אויך מסוגל געווען גיכער אויפצוכאַפּן דאָס זשורנאַליסטיש־פּיקאַנטע ווי געבן די קינסטלערישע פאַרטיפונג, וואָס דער קינסטלער־נאָוועליסט גיט.

אין זיין ראָמאַן „דאַרקנעס עט נון", דעם ראָמאַן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אַ ראָמאַן וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אויפזען איבער דער וועלט, — האָט קעסטלער פאַרטייטשט אַ האַרבן ענין וואָס האָט געמאַטערט אַלע דענקנדיקע מוחות; פאַרוואָס איז די רוסישע רעוואָ־לוציע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזוינע גרויסע האָפנונגען, געזונקען צו אַזאַ מדרגה, אַז אירע באַרימטסטע פירער האָט מען געמשפּט ווי פאַררעטער און געמאַטערט אין תפיסות און געשאָסן ווי „משוגענע הינט". ס'איז געווען אַן אומדערקלערלעכע רעטעניש פאַרוואָס מענטשן פון אַזאַ קאַליבער האָבן זיך אַליין מודה געווען און באַשפּיגן און באַ־שמוצט. ס'איז אַ וואונדערלעכע טעמע פאַר אַ ראָמאַניסט: די טיפענישן און סודות און אומפאַרשטענדלעכקייטן פון דער מענטשלעכער נשמה.

דער ראָמאַן פון דער רוסישער רעוואָלוציע איז דעם ראָמאַניסט קעסטלער, וועלכער האָט אַליין איבערגעלעבט די טיפע אמונה און די שפּעטערדיקע אַנטוישונג אין קאָמוניזם, געלונגען בעסער ווי אַלע זיינע אַנדערע ראָמאַנען. ס'איז דאָרט פאַראַן דורכגעפילטע אַטמאָספערע, שפּאַנונג

און לעבעדיקע כאַראַקטערן, אָבער שוין אין דער צווייטער העלפט מישט זיך אַריין קעסטלער, דער זשורנאַליסט. דער מחבר קומט שוין אַרויס מיט אייגענע סברות און פאַרטייטשונגען, און די אַקציע פון ראָמאַן ווערט מטושטש און ס׳פאַרלירט זיך דער טיפערער קינסטלע־רישער אמת.

דער ראָמאַן „אַרייוועל ענד דעפּאַרטשור" (אָנקום און אָפּפאָר), וואָס זיין טעמע איז שפּאַניע, איז לעבעדיק געשריבן. קעסטלער, ווי אַ סך היינ־טיקע נאָוועליסטן, וואָס זיינען זשורנאַליסטן־נאָוועליסטן, שרייבט פינקל־דיק, פלינק. ער מאָלט די סביבה און די מענטשן מיט ראַפינירטער טעכ־ניק אָבער קיין טיפערער רושם בלייבט נישט איבער. מ׳באַקומט אַ לעבע־דיק בילד אָבער ס׳גיט אַ לויף פאַרביי ווי אַ בילד פון קינאָ. עס פעלט די דימענזיע פון טיפקייט. קעסטלער קען אויסגעצייכנט די מלאכה. ער האָט אַ שאַרפן יידישן קאָפּ. ער אָריענטירט זיך אין אַלע פּראָבלעמען פון דער וועלט און ער שרייבט מיט אַ סך טעמפּעראַמענט.

ווי אַלע מאָדערנע שרייבער איז ער שטאַרק פאַרקאָכט אין סעקס און ער איז באַהאַוונט אין די סאַמע לעצטע פרוידיאַנישע טעאָריעס. אים געלינגט בעסער אויסמאָלן דעם דענקנדיקן מענטש, דעם ראַפינירטן „האָמאָ סאַפּיענס" ווי דעם מענטש פון אינסטינקט. איך וויל באַטאָנען: ער האָט גרויסע בעלעטריסטישע פעאיקייטן, אָבער וואָס פאַרא אייגענעם ער ברענגט אין זיין אויסטייטשונג פון לעבן איז שווער צו זאָגן.

אין זיין ארץ־ישראלדיקן ראָמאַן „גנבים אין דער נאַכט" מאָלט קעסטלער די קבוצה. יוסף דער העלד פון בוך ווערט נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת אַ טעראָריסט. מען דערפילט זיך לייענענדיק ס׳בוך אין שטראָם פון ארץ־ישראלדיקן לעבן, אין סאַמע ברען פון געשעענישן. קעסטלער גיט זיך אָפּ מיט מאָלן די פּסיכאָלאָגיע פון נקמה וואָס האָט געפירט צום שאַפן פון יידישע טעראָר גרופּן. ער מאָלט מיט קענטעניש די פּראָבלע־מען פון סאָציאַלן און עקאָנאָמישן לעבן, פון אַ קבוץ געבויט אויף קאָמו־ניסטישע יסודות. און וואָס זעען מיר? געדאַנקען און ספקות פון יוסף — קעסטלער זיינען די געדאַנקען און ספקות פון אַן אויסגעוואָרצלטן יידישן אינטעלעקטואַל, וואָס זוכט אַן אָנשפּאַר, אַ פאַרוואָרצלונג און אַ פעסטן באָדן...

די יידישקייט פון קעסטלערס העלד איז נישט קיין טיף־פאַרוואָרצלטע. זי איז אַ יידישקייט פון וועלן זיין אַ ייד. יוסף — קעסטלערן געפעלט נישט די פאַרפויערטע גשמיותדיקע ארץ־ישראלדיקע יוגנט, וואָס האָט שוין נישט די ירושהדיקע אינטעלעקטועלע יידישע טיפקייט און עס געפעלן אים נישט די היפּער־גייסטיקע גלותדיקע יידן. עס געפעלט אים נישט

די „קאָמעדיע" פון דער טעראָר אָרגאַניזאַציע, כאָטש ס'געפעלט אים געדאַנקלעך די אידייע פון נקמה. ער איז פול מיט גריבלערייען און ספקות — דער אמתער אינטעלעקטואַל.

קעסטלער האָט אויך אָנגעשריבן עטלעכע ביכער עסייען און אַן אויטאָביאָגראַפיע אין 3 בענד.

לייענענדיק קעסטלערס אויטאָביאָגראַפישע ביכער טראַכט מען וועגן דעם פאַרפּלאָנטערטן פּראָבלעם פון דערציילן דעם גאַנצן אמת, פון פול־שטענדיקער אויפריכטיקייט. ס'איז גאָר נישט מעגלעך אַזאַ זאַך ווי הונ־דערט פּראָצענט אויפריכטיק — ווייל ס'איז ניט פאַראַן אַזאַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס זאָל כאָטש אַ קאָפּעטשקע נישט מלמד זכות זיין אויף זיך און כאָטש אויף אַ האָרעלע נישט צופּוצן זיך פאַר דער וועלט ביודעים אָדער בלא יודעים. אין אויפדעקן אייגענע נידעריקייטן און מיאוסקייטן איז אויך פאַרשטעקט אַביסל איבערנעמען זיך ווי איינער רעדט: איר זעט ווי כ'באַהאַלט גאָרנישט, איך שטעל זיך אַוועק פאַר אייך אין מיין גאַנצער באָקעטקייט, בין איך נישט מער צדיק פון אייך, איר היפּאָקרי־טישע צדיקים, וואָס אָדער איר זייט נישט געקומען צו אַ נסיון ווייל איר זייט קליינע מענטשעלעך אָן טיפע נשמה־פייערן וואָס ברענגען צו טיפע ירידות אָבער אויך צו הימל־הויכע נשמה־עליות, אָדער איר באַהאַלט אייערע מיאוסקייטן און שטעלט אַרויס רק אייערע שיינקייטן.

זינט רוסאָס באַרימטע „קאָנפעסיעס", וואָס זיינען געוואָרן דער מוסטער פון אַלערליי אויטאָביאָגראַפישע אַנטפּלעקונגען, גריבלען זיך פאַרשער צי האָט ער טאַקע אַלץ אויפגעדעקט, און צי האָט ער נישט גע־טראַכט פון רושם פון זיינע אויפדעקונגען און צי האָט ער בכיוון מיט מאַזאָכיסטישער הנאה נישט אויפגעריסן אייגענע וואונדן, כדי צו איינהילן זיך אין אורעאָל פון הייליקן בעל תשובהניק.

טאָג־ביכער פון שרייבער און אויטאָביאָגראַפיעס זיינען תמיד אינטע־רעסאַנט. אויטאָביאָגראַפישע ביכער פון שרייבער זיינען אָפט די קרוין־שאַ־פונגען פון אַ שפעדיק־שעפעריש לעבן. זיי זיינען תמיד אַ וואַזשנער קאָמענ־טאַר, וואָס דער שרייבער האָט אָנגעשריבן סיי אויף זיינע ווערק, סיי אויף זיין לעבן. זיי האָבן אַמאָל מער וואָג און חשיבות ווי די אַלע אַנדערע ווערק פון שרייבער (ביי גאָרקין, ביי אונדזער י. י. זינגער און אַנד.).

די טאָג־ביכער פון דאָסטאָיעווסקי און אַנדרע זשיד, זיינען פון גוואַלדיקער חשיבות, זשידס אפשר נאָך מער ווי דאָסטאָיעווסקיס, ווייל דער גרויסער רוסישער נאָוועליסט איז געווען אַזאַ טיפער, שעפערישער זשעני (דער גרעסטער נאָוועליסט פון אַלע צייטן, ווי זשיד האָט געזאָגט), אַז די טאָג־ביכער זיינען נאָר אַ צוגאָב בשעת ביים אינטעלעקטואַל־גריב־

לער זשיד זיינען זיי אפשר אַזוי וויכטיק אויב נישט וויכטיקער ווי אַ סך פון זיינע קרעאַטיווע בעלעטריסטישע שאַפונגען.

קעסטלער — פאַרשטייט זיך, — קומט נישט אין באַטראַכט ווען מען רעדט וועגן אַזוינע גרויסע שרייבערישע פערזענלעכקייטן. אָבער אויך בנוגע אים זיינען זיינע ביאָגראַפישע ביכער אַ הילף צו פאַרשטיין דעם מענטש פון 20טן יאָרהונדערט.

ווי אַ סך קאָמוניסטישע בעל־תשובות האָט קעסטלער פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ גוטע סחורה ס'זיינען זיינע קאָמוניסטישע חטאים און זיין שפּעטערדיקע תשובה. ער האָט זייער אַ סך מגלה צו זיין. ער האָט נישט געפלירטעוועט מיט קאָמוניזם ווי אַ סך שרייבער (ווי למשל, דער שוין דערמאָנטער אַנדרע זשיד); ער איז געווען אַן אינערווייניקסטער מענטש, געטאָן אַ סך פון דער נבזהדיקער אַרבעט פון אַ קאָמוניסטישן „אַפּאַראַט־שיק" פאַר דעם גליק פון די צוקונפטיקע דורות ווען דער נביאישער חלום פון אחרית הימים וועט מקוים ווערן. ער איז געווען פאַרמשפּט צום טויט. מ'האָט אים באַפרייט. ער האָט זיך בהדרגהדיק אָפּגעקערט פון קאָמוניזם און אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן זיין פריערדיקער אמונה.

ס'איז אַן אמתער גאָלד־גרוב היינטיקע צייטן אַזאַ מאַטעריאַל און מ'קאָן זיך פאַרלאָזן אויף קעסטלערן, אַז ער ווייס ווי דאָס אויסצונוצן.

קעסטלערס עסייען (פון וועלכע דאָס בוך „דער יאָגי און קאָמיסאַר" האָט בשעתו געמאַכט אַ רושם) באַהאַנדלט די סאַמע לעצטע פאַרפּלאָנ־טערטע פּראָבלעמען פון אונדזער שטורמישער צייט. קעסטלער האָט אויף אַלץ באַלד דעם ענטפער. אין איינעם פון זיינע לעצטע ביכער עסייען איז ער אַרויסגעקומען מיט זיין ענטפער אויף דעם אַלטן פּראָבלעם פון ישראל בין הגויים. זיין ענטפער: פולשטענדיקע אַסימילאַציע פאַר די יידן, וואָס בלייבן צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער.

קעסטלער איז איינער פון דעם גרויסן לעגיאָן שרייבער מגזע היהודים וואָס האָבן באַפרוכפּערט און באַרייכערט אַלע ליטעראַטורן פון דער וועלט. עס זיינען צווישן זיי דאָ שעפערישע גאונים ווי היינע, וואַסערמאַן, קאפקא וכדומה, וואָס זייער יידישקייט איז פאַר זיי געווען אַ טיפע טראַגעדיע, געווען אַ קוואַל פון אייביקע קאָנפליקטן און צעריסנקייט. די קלענערע ברענגען אין די ליטעראַטורן פון דעם לאַנד און לשון, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אידענטיפיצירט, זייערע שאַרפע יידישע מוחות, זייערע נער־וועזע פלינקייט און האַוועניש און צופּאַסונג פעאיקייט. איליאַ ערענבורג איז איינער פון דעם מין. אויך ביי די דאָזיקע שרייבער אַנטפּלעקט זיך צומאָל זייער אָפּגעריסנקייט פון שורש, זייער אַן־וואָרצלדיקייט און באָדנ־לאָזיקייט און בעת צרה רייסט זיך פון זיי אַרויס אַ יידישער קרעכץ. מען

וואָלט געקענט דורכפירן אַ שטודיע און אַנווייזן, אַז וואָס טיפער און שע־פערישער די דאָזיקע אַסימילירטע שרייבער זיינען אַלץ בולטער קומט ביי זיי אַרויס די נשמה־צעריסנקייט, די בענקשאַפט צום יידישן שורש, אַלץ בולטער די יידישע אידענטיטעט. זיי שלאָגן זיך נישט איינמאָל בפרטביים סוף פון זייערע לעבנס על חטא; זיי ווערן בעל־תשובהניקעס. די סאַמע שווערסטע בעל־עבירהניקעס קלאַפּן זיך אין די ברוסטן מיט אַזאַ ברען, אַז ס׳איז טראַגי־קאָמיש. אַזאַ פּאַטעטישער בעל תשובהניק איז געווען דער גרויסער דיכטער היינע. היינעס אויטאָביאָגראַפישע כתבים, וואָס איך האָב די לעצטע צייט ווידער געלייענט, האָבן עפּעס פון דער היפּער־פּיעטעט פון אַ גרויסן בעל־עבירהניק. ס׳איז פּאַטעטיש די תשובה פון גרויסן איראָניקער און אַפּלאָכער, ווען ער רופט מיט קריסטלעכער גלאָצעניש פון זיין „מאַטראַצן קבר״: משה רבינו, משה אונדזער גרויסער לערער.

אַן אַנדער פּאַטעטישער בעל־תשובה: קאַפקאַ. קאַפקאַ דער היפּער־מאָדערניסט, דער שאַפער פון אַ נייעם ליטעראַרישן דרך, דער טיפער קענער פון דער וועלט־ליטעראַטור, כאַפּט התפּעלות פון לאַטיינערס און גאָרדינס טעאַטער־פּיעסן, וואָס אַ דריט־קלאַסיקע וואַנדערנדיקע טרופּע יידישע אַקטיאָרן פירט אויף אין פּראָג.

ער דערציילט אין זיינע טאָג־ביכער וועגן דער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס די יידישע טעאַטער אויפפירונג פון דער וואַנדערנדיקער טרופּע און זיין באַקענען זיך דורך זיי מיט יידישע מנהגים און לעבנסשטייגער איז פאַר אים געווען. ווען ער האָט איינמאָל דערהערט אויף דער בינע די ווערטער, „יידישע קינדערלעך״, זאָגט ער, איז אים „אַ ציטער דורך איבערן לייב״.

ס׳איז טראַגיש דער גורל פון אַסימילירטן יידישן שרייבער, די עכטע־רע און טיפערע פון זיי. וואָס גרעסער דער שרייבער, וואָס גרעסער די פּערזענלעכקייט, מער פילט ער דעם ריס פון יידישן שורש; די וואונד קען זיך נישט פאַרהיילן, זי וואַקסט מיטן שרייבער, ציט יניקה פון בלוט פון די טיפסטע האַרץ־קעמערלעך.

ביי די קלענערע שרייבער זיינען די יידישע נשמה וואָרצלען פון געבוירן אָן מאָגערע, פאַרקוואַרטע און זיי ווערן מיט דער צייט אינגאַנצן איינגעדאַרט און אַטראָפירט.

# גוסטאַוו לאַנדויער, די נביאישע פערזענלעכקייט

איך שרייב דאָ הויפּטזעכלעך וועגן איין בוך: „אויפרוף צום סאָ־ציאַליזם", פון גוסטאַוו לאַנדויער. איך האָב נאָר געהאַט אַ נעפּלדיקן באַגריף, ווען דאָס בוך איז מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט (אין דער יידישער איבערזעצונג פון ד"ר ה. פראַנק), ווער לאַנדויער איז, אָבער פון דע־מאָלט אָן איז דער נאָמען לאַנדויער איינגעקריצט אין מיין זכרון ווי פון איינעם פון די שיינע גייסטער, וואָס קומען דערהויבן די מענטש־הייט און זי פירן אויף נייע וועגן; איינעם פון די וואָס קומען מיט אַ האַרץ פול מיט ליבשאַפט צום מענטש און זייער שכר איז צו ווערן באַ־שפּיגן, פאַרשטיינערט, און געקרייציקט...

לאַנדויערן האָבן דייטשישע זעלנער צעטראָטן אויף טויט, שרייענ־דיק: העצער, העצער...

לאַנדויערס אַרבעט פאַר דערנענטערן פון סאָציאַליזם איז געווען אָן אַקט פון מענטשן ליבשאַפט, פון יידישן געפיל פאַר יושר און צדק, וואָס הערט נישט אויף צו ברענען אין דער יידישער נשמה נאָך טויזנ־טער יאָרן. ער, לאַנדויער, איז אין עצם נישט געווען קיין פּאָליטיקער. ער איז געווען אַ קינסטלער, אַ מענטש פון וואָרט, אַ ליטעראַטור־פאָרשער און שפּראַכן־קענער, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט באַגניגענען מיט יחידיש אויסלעבן זיך אין גייסט פון שיינקייט און קונסט; ער האָט גע־וואָלט ברענגען עפּעס פון דער שיינקייט פון דער וועלט צו יעדן מענטש... אין אָט דעם „יידישן פאַטריאַרך" — ווי איין שרייבער פון זיין דור רופט אים — האָט געברענט דאָס פייער פון נביא...

האָט ער באַקומען דערפאַר זיין לוין...

דאָס איז געווען אין 1919. היטלער איז דעמאָלט געווען דער נע־בעכדיקער קאַפּראַל שיקלגרובער, וואָס האָט זיך אומגעקערט מיט מיל־יאָנען אַנדערע זעלנער פון די בלוטיקע מלחמה פעלדער אַהיים. נאָך דעם גרויסן בלוט־באָד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געהערשט אין איי־ראָפּע אַ רעוואָלוציאָנערע שטימונג, ס'האָט אויסגעזען אַז ס'איז געקומען

די צייט אַרויסצואוואַרפן די אַלטע פאַרשימלטע אָרדנונג און איינפירן אַ שענערע, בעסערע וועלט . . . אַזוי האָט אַוודאי אויך געחלומט לאַנדויער, ווען ער האָט זיך געלאָזט פון קורט אייזנערן אַריינציען אין דער רעגירונג פון דער „ראַטן־רעפובליק" אין בייערן... ער האָט געמיינט אַז די צייט איז שוין רייף... אָבער ס'האָט נישט גענומען לאַנג און די אַלטע אָרדנונג איז צוריקגעקומען. די דייטשישע זעלנער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן „דעם יידישן העצער"... „איך בין נישט קיין העצער — איר זענט די אויפגעהעצטע", שרייט דער גרויסער בעל־חלום פאַר זיין טויט...

לאָמיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף אַ רגע און אַ קוק טאָן אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע. נישט קיין גאַנצע פופצן יאָר שפּעטער אין מינכען, וואו קורט אייזנער האָט געגרינדעט די ערשטע ראַטן־רעפובליק, איז געוואָרן דער צענטער פון היטלערס תורה — אַ תורה אַפּנים בעסער צוגעפּאַסט צום גייסט פון דייטשישן פאָלק, ווי די וואָס דער ייד לאַנדויער האָט אים געוואָלט געבן... היטלער האָט נקמה גענומען אין יידישן פאָלק פאַר די לאַנדויערס... ער האָט זיך אונטערגענומען פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק... און דאָס איז אים כמעט געלונגען...

***

לאַנדויער, דער גייסטיקער מענטש און עסטעט, האָט געפילט די צעשפּאָלטנקייט וואָס הערשט צווישן גייסט און גשמיות... ער האָט געפילט, אַז די וועלט שטייט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, אַז דער מענטש איז געוואָרן אַ בלינד שפּילגעצייג פון ווילד צעיושעטע כוחות, וואָס די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע האָט ווי אַ כשוף־מאַכערין אַרויסגערופן און נישט געקענט באַהערשן, נישט געקאָנט איינשפּאַנען אין דינסט פון דער מענטשהייט... ער האָט געזען, אַז דער מענטש האָט גייסטיקע באַדערפענישן וואָס די מאַטעריעלע ציוויליזאַציע איז נישט בכוח צו באַפרידיקן... ער האָט געזען, אַז דעם מענטש פעלט אַ רעליגיע און אַן אָנהאַלט... האָט ער מיט התלהבות פון אַ שאַפער פון אַ נייער רעליגיע זיך אָנגעכאַפּט אין סאָציאַליזם, דאָס דאַרף זיין די נייע רעליגיע פון מענטש... נישט דער פאַרשטיינערטער, מאַטעריאַליסטישער סאָציאַליזם, נישט דער פּרייסישער סאָציאַליזם פון דער ביוראָקראַטישער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נישט דער דיקטאַטאָרישער קאָמוניזם, נאָר דער סאָציאַליזם פון קראָפּאָטקין, פּרודאָן: דער סאָציאַליזם, וואָס וויל פאַר דעם מענטשן נישט נאָר „ברויט און פּוטער", נאָר אַ שיין לעבן, אַ געמיינשאַפטלעך מענטשלעך אויסלעבן זיך; אַ לעבן נאָענט צו דער ערד, אַ לעבן פון קבוצות, פאַר וועמען נישט געלט און מאַטעריעלע הכנסות

זיינען דער עיקר, נאָר אַ נאַטירלעך, עכט לעבן, וואָס לאָזט אַרויסקומען און אַנטוויקלען אַלע שיינע, מענטשלעכע, גייסטיקע קוואַליטעטן...

פון לאַנדויערס „אויפרוף צום סאָציאַליזם" — שרייט אַרויס אַ ליידנ־שאַפטלעך אַנגעוויטיקט הארץ... דאָס גאַנצע בוך לייענט זיך ווי אַ פּאָעמע, ווי אַ פּאָעטישער אויסגוס, און נישט ווי אַ בוך פון סאָציאָלאָגיע...

„דער גייסט וואָס באַוועגט אונדז איז אַ קווינטעסענץ פון לעבן און ער שאַפט דיווירקלעכקייט און די מעשים... דער דאָזיקער גייסט הייסט מיט אַן אַנדער נאָמען: „בונד". און דאָס וואָס מיר ווילן, דיכטן, וואָס מיר ווילן מאַכן שיין און פּראַקטיש, איז סאָציאַליזם, איז דער בונד פון די אַרבעטנדיקע מענטשן..." אַזוי שרייבט ג. לאַנדויער.

אָט הערט וואָס ער זאָגט וועגן סאָציאַליזם:

„סאָציאַליזם איז אַ קולטור באַוועגונג, און אַ קאַמף פאַר שיינקייט, פאַר גרויסקייט און שפע פאַר די פעלקער... די טאָג־פּאָליטיקער קענען קיין סאָציאַליסטן נישט זיין..."

דער סאָציאַליסט איז ביי לאַנדויערן אַ מענטש וואָס איז תופס דעם גאַנצן גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע און דענקט וועגן גאַנצן לעבן... ער איז נישט קיין מענטש פון חשבונות, נישט קיין טאַנדעטניק, נישט קיין מענטש פון אַ גאַנץ יאָר...

אַזוי רעדט אַ שאַפער פון אַ רעליגיע, וואָס האָט דערזען דאָס ליכט פון אַ נייעם באַרג סיני...

פאַר אים איז די עקזיסטירנדיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געווען אַ מיאוס פּאַרזעניש, אַ קאַריקאַטור, אַ סוראָגאַט, אַ „סוראָגאַט פון גייסט"...

לאַנדויער באַפאַלט מיט סאַטירע און כעס קאַרל מאַרקסן. פאַר לאַנ־דויערן איז קאַרל מאַרקס געווען דער שאַפער פון אַלעם בייזן; דער הפוך פון מענטש פון גייסט... „קאַרל מאַרקס, דער פּראָפעסאָר, זאָגט ער, האָט אונדז מזכה געווען מיט אַ וויסנשאַפטלעכן אַבערגלויבן", און ער שרייט צו די מאַרקסיסטן:

איר קענט ניט די אַנדערע פאָרמען פון גייסט און דעריבער האָט איר אָנגעטאָן די מאַסקע פון פּראָפעסאָרן אויף אייערע פּנימער... פון אַדוואָקאַטן... דאָרט וואו איר זענט ניט קיין אמתע פּראָפעסאָרן.

און ער זאָגט ווייטער שטאָלץ:

מיר זיינען דיכטער און די וויסנשאַפטלעכע שווינדלער, די מאַרקסיסטן, די קאַלטע נפשות, די פוסטע גייסטלאָזע לייט, ווילן מיר אַראָפּראַמען פון וועג... די דיכטערישע פאַנטאַזיע, די קינסט־

לעריש־קאָנצענטרירטע געשטאַלטונג, די התלהבות און נבואה זאָלן געפינען זייער פּלאַץ...

לאַנדויער זאָגט, אַז די מאַרקסיסטן האָבן אין זייער מאַטעריאַליס־טישער אויפפאַסונג פון געשיכטע אויסגעשלאָסן דעם גייסט און זיי האָבן עס געטאָן, זאָגט ער, ווייל „זיי האָבן פּשוט נישט קיין גייסט...״

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם טיף עטיש גייסטיקן מענטשן ווי לאַנדויער, וואָס דער פּרואוו צו פאַרטייטשן דאָס לעבן און די מענטש־לעכע געשיכטע אויף אַ מאַטעריאַליסטישן אופן, ווי דאָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין ניינצנטן יאָרהונדערט, איז פאַר אים געווען אויפ־שוידערנדיק... פאַר אים איז די וועלט געווען צעטיילט אין צוויי: אין גשמיות און רוחניות... און דער אייביקער קאַמף פון מענטש איז צו באַהערשן דאָס גשמיותדיקע דורך גייסט... ס׳האָט זיך אים גראָד גע־וואָלט — זאָגט ער — אַז ס׳זאָל אימיצער קומען און אָנשטאָט פּרואוון אויסטייטשן דאָס לעבן ווי די מאַרקסיסטן טוען עס — מען קאָן פילן דעם בטול און חוזק אין זיינע ווערטער — מיט קערפּערלעכע פּראָצעסן פון דער אַרומיקער וועלט און מיט פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן פון די מענטש־לעכע לייבער, זאָל יענער פּרואוון אויפשטעלן אַ היפּוכדיקע טעאָריע, וואָס זאָל אויסשליסן אינגאַנצן קערפּערלעכקייט. „אַן אויסטויש פון גייסטיקע שטראָמען״, למשל.

לאַנדויער האָט אין מאַרקסיזם געזען די סטרא אחרא פון אידע־אַליזם און ער שטעלט אַרויס אַ קאַמף־לאָזונג קעגן מאַרקסיזם — „אָט דער פּאַפּירענער בלום אויפן קאַפּיטאַליסטישן בוים״ — ער שטעלט אַרויס, דעם סאָציאַליזם, דאָס נייע, וואָס הויבט זיך אויף קעגן דאָס צע־פוילטע; די קולטור וואָס קעמפט קעגן דעם זיווג פון אומגייסט און דלות מיט דער געוואַלט, קעגן דער מאָדערנער מלוכה און דעם מאָדער־נעם קאַפּיטאַליזם...

ס׳וויל זיך ציטירן נאָך און נאָך, אַזוי ווי נאָך אַ שיינע שטעלע פון אַ פּאָעמע און נאָך איינע... אָבער איך גלויב, אַז דער לייענער האָט שוין אַ באַגריף וואָס פאַר אַ מין מענטש לאַנדויער איז געווען... און אַריינגייען טיפער אין זיין מחלוקת מיטן מאַרקסיזם, און אין זיינע סאָציאַליסטישע אידייען איז דאָ נישט דער אָרט.

איך האָב אין מיין קאַפּיטל פונעם „אויפרוף צום סאָציאַליזם״, וואָס איך האָב איצט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט, אויף יעדן זייטל אונטער־געשטראָכן עפּעס גייסטרייכעס און כאַראַקטעריסטישעס פאַר דעם דיכ־טער פון סאָציאַליזם: לאַנדויער, וואָס האָט געזידלט מאַרקסן, רופנדיק אים: דער אומדיכטער מאַרקס, און וואָס גיסט אויס זיין צאָרן אויף

די מאַרקסיסטן אָן אַ מאָס און אָן אַ שיעור... זיי זיינען, זאָגט ער, די פיליסטערס וואָס קיין זאַך איז ביי זיי נישט אַזוי הייליק ווי טעכניק... ער רופט דעם מאַרקסיזם: די פיליסטער־חכמה, און ווייזט אָן אַ סך מאָל אויף דער ענלעכקייט פון דער מאַרקסיסטישער ביוראָקראַטיע צו דעם פרייסישן מיליטערישן ביוראָקראַטישן רעזשים... „נישט אומזיסט, זאָגט ער, געפינט מען כשרע מאַרקסיסטן אין לאַנד פון פעלד־פעבל... ניט אומזיסט הערט מען נישט אין ערגעץ אַזוי אָפט דאָס וואָרט דיסציפלין ווי אין דער פרייסישער אַרמיי און אין פרייסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע"...

ער האָט געפילט, אַז נאָר אין דער נאָענטקייט צו דער ערד און דעם נאָרמאַלן לעבן נאָענט צו דער נאַטור קען מען אַרויסברענגען אַ שיין, אמתדיק לעבן... און דערפאַר צאָרנט ער קעגן צופיל טעכניק, קעגן דער אומנאַטירלעכקייט פון גרויס־שטאָטישן לעבן און באַדויערט די מענטשן, וואָס זייער לעבן האָט קיין שייכות נישט מיט דער נאַטור... ער זאָגט וועגן זיי, אַז זיי ווייסן נישט פון קיין התלהבות און קענען נישט קיין פרייד, קיין ערנסטקייט, קיין אינטימקייט, קיין שוידער, קיין טראַגיק... און קענען קיין קינדער נישט זיין...

דער סאָציאַליזם איז ביי לאַנדויערן אַ רעליגיע. זי קומט איבערן יחיד ווי אַ מין „גילוי השכינה", ווי ס'וואָלט אים „אויפגעלויכטן אין די אויגן"... ער וויל ס'זאָל פון דער רעוואָלוציע אַרויסקומען אַ רעליגיע פון מעשים, פון לעבן, פון ליבע, וואָס זאָל מאַכן גליקלעך, באַפרייען און גובר זיין...

— וואָס איז דאָס לעבן?, פרעגט ער; מיר וועלן שטאַרבן באַלד... מיר וועלן אַלע שטאַרבן... נאָר דאָס וואָס מיר מאַכן פון זיך לעבט... ס'לעבט די שאַפונג און נישט די באַשעפעניש... ס'לעבן בלויז מעשים פון ערלעכע הענט און די שליטה פון אַ ריינעם, אמתן גייסט...

אַזוי האָט געשריבן לאַנדויער, אין דער פאָררעדע צו זיין „אויפרוף צום סאָציאַליזם", אַ פּאָר מאָנאַטן פאַר זיין טויט. ער האָט עס געשריבן אין 1919, ווען ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די וועלט וועט אויפשטיין פון די חורבות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ באַנייטע, אַ שענערע... איצט שטייט די וועלט נאָך פאַר אַ גרעסערן חורבן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און ס'איז נישטאָ אַפילו קיין בעלי־חלומות, וואָס זאָלן חלומען... די וועלט איז מיד און ציניש. ס'הערט זיך נישט עמיצער זאָל אַפילו קומען מיט עפעס אַ געשריי, עפעס מאָנען... נאָר די פּאָליטיקאַנער חזרן איבער, ווי אין היפּנאָטיזם(?) זייערע אַלטע אויסגעדראָשענע רייד... ווער וועט גלויבן, אַז זיי וועלן אויפבויען אַ נייע וועלט?!...

# אבא שטאָלצענבערג

אבא שטאָלצענבערגן דעם עכטסטן און קערנדיקסטן טאַלאַנט פון יינגערן דור יידישע שרייבער אין אַמעריקע, איז באַשערט געווען צו שטאַרבן אין סאַמע בלי פון זיינע יאָרן. ער האָט נישט געוואוסט ווי צו לעבן — האָט ב. ריווקין אויף אים געזאָגט — אָבער ער האָט געוואוסט ווי צו שטאַרבן. ס'וועט אַוודאי זיין אין גייסט פון ריווקינען צו טייטשן די ווערטער אַזוי: דער פּאָעט, האָט נישט געקענט לעבן ווי אַ פּאָעט, האָט ער זיך פאַרמשפּט צום טויט. אים, וואָס איז געגאַנגען לויט זיינע אייגענע ווערטער „ווי אַן אָקס איינגעשפּאַנט אין גאָטס יאָך", האָט גאָט באַוויזן זיין חסד און ליבשאַפט און צוגענומען אים. אפשר האָט גאָט טאַקע אים געטאָן אַ חסד.

עס איז אים פאַרשפּאָרט געוואָרן דער טראַגישער גורל פון יידישן שרייבער, די כסדרדיקע ראַנגלענישן מיט אויסגעוואָרצלטקייט, מיט באַדנלאָזיקייט, פרעמדקייט; די אייביקע זוכעניש נאָך אַ בריק צווישן די צוויי וועלטן אין וועלכע דער יידישער שרייבער האָט דאָ געלעבט — ביז ס'איז געקומען די לעצטע יידישע טראַגעדיע און דעם יידישן שרייבער איז פאַרבליבן נאָר איין ראָליע: פון שבעה־זיצער און קינה־זאָגער און מצבה־קריצער.

קיין אמתער באָדן פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז אין אַמעריקע קיינמאָל נישט געווען. דער אַמעריקאַנער יידישער שרייבער האָט זיך קיינמאָל נישט פאַרוואָרצלט אין אַמעריקע. ער איז, קען מען זאָגן, אַפילו נישט געווען קיין אימיגראַנט. ער האָט געלעבט אויף אַ טוריסטן־וויזע. ער האָט געלעבט מיטן באַגאַזש וואָס ער האָט געבראַכט פון דער היים. דער יידישער שרייבער האָט דאָ געפראַוועט גלות, געלעבט אין אַ געטאָ. דער וואָס האָט זיך געקענט פאַרגינען האָט זיך געלאָזט צוריק אויף אַ קור־צע אָדער לענגערער צייט אָפּצופרישן די זכרונות, באַנייען דעם קאָנ־טאַקט, אָנזאַמלען נייע צדה לדרך, אָדער פראָפעסיאָנעל גערעדט: זאַמלען פרישן מאַטעריאַל, אַריינציען אין זיך דעם אָטעם פון לעבעדיקן יידישן לשון...

ס'האָט אַנדערש נישט געקענט זיין, ווייל די יידישע ליטעראַטור

דאָ־הי איז נישט געווען קיין אויטאָנאָמע. ס'איז געווען אַריבערגעבראַכ־טע ירושה. די יידישע ליטעראַטור האָט דאָ געלעבט מיט דער דינאַמיק פון יידישן ליטעראַרישן רענעסאַנס, מיט דער דינאַמישער שטויס־קראַפט מיט וועלכער די לאַנג פאַרשפּאַרטע און פאַרצאַמטע יידישע שעפע־רישע כוחות האָבן זיך אַ שפּאַר געטאָן — ווי אַ וואולקאַן וואָס האָט לאַנג געקאָכט און געזאָטן און געזאַמלט כוחות...

דער יידישער שרייבער האָט דאָ געהאַט אַ שווערן קאַמף אָבער מיט קנאידיקער עקשנות געטראָגן ציגעל צום בנין פון דער יידישער ליטעראַטור. אַ סך זיינען געפאַלן מידע, אויסגעשעפּטע ביי די וועגן. דער יונגערער דור (צו וועלכן שטאָלצענבערג האָט געהערט) האָט שוין געפונען דעם באָדן אויסגעשעפּט, די דינאַמישע שטויס־קראַפט אָפּגע־שוואַכט, און זיינע כוחות האָבן נישט געסטאַיעט צום ווייטערדיקן קאַמף. די הענט זיינען מיד געוואָרן.

די טראַגישע דיסאינטעגראַציע, די פאַרשטאָפּונג פון קוואַל, דאָס כסדרדיקע פאַרלירן פון באָדן אונטער די פיס און די לופט צום אָטעמען איז דעם יונגען שטאָלצענבערגען, וואָס איז געקומען אָנגעלאָדן מיט גע־זאַנג, מיט פּאָעטישער פּאָטענץ — ווי אַ פויגל אין אַ זומערדיקן פריי־מאָרגן, פאַרשפּאָרט געוואָרן (כאָטש נישט אינגאַנצן). ער האָט זיך אָפּילו פאַרשפּאָרט דעם פּראָצעס פון רייף ווערן, וואָס איז אַ פּראָצעס פון צור־פּאַסונג, וואָס נישט אַלע בלוטן פאַרטראָגן עס און קומען אַרויס בשלום. ער איז געבליבן דער פּאָעט פון יוגנטלעכע געפילן, פון הייסן, ברויזנ־דיקן בלוט, פון אַדאָלעסצענטע עקסטאַטיש באַרוישטע חושים.

שטאָלצענבערג, דער עכטער געבוירענער דיכטער, האָט געפילט די געבענטשטקייט אָדער פאַרשאָלטנקייט פון דעם וואָס מיר רופן טאַלאַנט, אַ סך פון זיינע לידער זיינען דורכגענומען פון דעם גרויס־דיכטערישן געפיל פון גורל, פון באַשערטקייט, פון אויסדערוויילטקייט.

גאָט האָט מיר געהייסן ברענען
מיט אַ פלאַקערנדיק פייער.
פאַר אַלץ וואָס כ'וועל דערקענען
מיט פייער צאָלן שטייער.

ווי אַ גרויסער האַר פון גיטער
מיט מיין פייער צאָל איך גערן,
און ווי אַ צעגליטע שויב איך ציטער,
ווען כ'זע ווי ס'פירט מיין מזל־שטערן.

(„גאָט האָט מיך געהייסן ברענען״)

דעם דיכטערס איינציק בוך לידער, וואָס ער האָט ערשט זוכה געווען צו האַלטן אין האַנט אַ פּאָר טעג פאַרן טויט (ווי ביטער דאָס האָט פאַר אים געמוזט זיין!), איז אַ בוך פון טראַגישן מענטשלעכן גורל, פון בענקשאַפט און נאַטור ליבשאַפט.

ס'גייען דורך דורכן בוך (לידער, 1941) לעבנס צעבראָכענע, צעקוועטשטע, מענטשן איינזאַמע, שטרויענע ריטער, זעלבסטמערדער, וואָגלער, נע־ונדניקעס, פאַרעלטערטע מיידלעך, אָרעמע פרויען, בעטלער, אומגליקן, פורעניותן... פון וואַנען נעמט זיך אַזוי פיל טראַגיק און צער ביים יונגן פולבלוטיקן דיכטער? פאַרוואָס קלאָגט ער?

דורך נאַקעטע פעלד, דורך קאַלטע ריקעס,
דורך שונאס לאַגער וואַנדער איך,
און הפקר בין איך ווי אַ וואָרעם
וואָס יעדערער צעטרעטן מעג.
נאַקעטע פעלד און קאַלטע ריקעס,
אין אַנגסט פאַרגייען מיינע טעג.

(„פון מיטן שלאָף מיך אויפגעוועקט“)

דאָס איז נישט דער טרויער פון אונדזערע ערשטע פּאָעטן וואָס זיינען אַרויס פון די בתי מדרשים און ישיבות און געשטאַנען פאַרבלענדטע פון דער גרויסער ליכטיקער וועלט, מיטן טרויעריקן גמרא־ניגון אין די אויערן, און נישט געוואוסט וואוהין צו גיין. שטאָלצענבערג איז שוין ווייט פון דעם. ס'איז אויך נישט „וועלטשמערץ“ פון יוגנט, כאָטש ס'זיינען בלי ספק ביי שטאָלצענבערגן פאַראַן איינפלוסן פון ראָמאַנטיזם און בפרט פון פוילישן ראָמאַנטיזם (שטאָלצענבערג איז געווען אַ תלמיד פון אַ פוילישער גימנאַזיע, וואו ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט די פוילישע און די וועלט ליטעראַטור) אָבער — דאָס זיינען נאָר ליטעראַרישע איינפלוסן. זיי האָבן נישט צו טאָן מיטן עצם, דעם אייגענעם וואָס דער דיכטער ברענגט. שטאָלצענבערג איז אויך נישט דער ליריקער וואָס זינגט וועגן זיך און זיין פערזענלעכן גורל. ער איז עפּיש, דערציילעריש, סביבהמאָלער. דער ענטפער איז אַז שטאָלצענבערג האָט אָפּגעשפּיגלט די טראַגיק פון יידישן לעבן וועלכע ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט אין די פאָרמאַטיווע יונגע יאָרן. ס'איז אַן אויסגעשריי פון ווייטאָג, אַרויסגערופן דורכן צוזאַמענשטויס פון דעם אינטענסיוו פילנדיקן, צו נאַטורשיינקייט אַזוי סענסיטיוון, דיכטער מיט דער מיאוסקייט און שווערקייט פון לעבן פון גאַליציאַנער קאַבצאָנסקן שטעטל. די גרוילן פון די

מלחמה־יאָרן (די ערשטע וועלט־מלחמה) האָבן אויך אַרויפגעלייגט זייער חותם אויף אים. און אויך די ערשטע אימיגראַנטישע יאָרן אויף אַטאַרני אָדער ווילעט סטריט...

דער פּאָעט קוקט צוריק מיט נאָסטאַלגישן טרויער און מאָלט לעבנס־בילדער עלעגיש פּאַרהויכטע, אָנגעלאָדן מיט שאַרפער עמאָציאָ־נעלקייט אָבער רעאַליסטיש געטרייע. ער מאָלט מיט אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט די נאַטור וועלט. די נאַטור בילדער וואָס שטאָלצענבערג מאָלט זיינען אפשר דאָס שטאַרקסטע און רייפסטע אין גאַנצן בוך. זיי זיינען פול מיט ריחות, מיט טעמים, מיט זאַפט. ער רעדט „די שפּראַך פון זאַכן״, וואָס ער האָט ביי גאָט געבעטן ער זאָל פאַרשטיין.

שטאָלצענבערגס געפיל פאַר נאַטור איז שוין אַ היפשער מהלך פון אונדזערע קלאַסיקער פון די פייגעלעך וואָס זינגען שירה צום רבונו של עולם, פון די שבתדיקע תכלת הימלען. ס׳איז שוין אַפילו ווייט פון ביאַליקס „הברכה״ וואָס איז אויך נישט נאַטירלעכער צוגאַנג צו נאַטור, נאָר היסטערישער געשריי פון אייגעם וואָס איז אַרויס פון אַ פינצטערער הייל און די ליכטיקע וועלט האָט אים פאַרבלענדט.

שטאָלצענבערגס נאַטור איז נאַטור, אַריינגעזאַפּט דורך געזונטע יונגע חושים. ס׳גיט אַ זעץ אין די נאָזלעכער מיט ריחות, מיט פאַרב, מיט ברען. שטאָלצענבער באַנוצט אָפט דאָס וואָרט: ברי. אַזוי האָט ער מסתמא געפילט און אַזוי פילט עס דער לייענער. ס׳גיט אים אַ שטאַרקן ברי.

לייענענדיק איצט נאָכאַמאָל שטאָלצענבערגס לידער (ס׳האָט מיר געקלונגען אין די אויערן דער ניגון מיט וועלכן ער האָט זיי מיר ביים לעבן פאָרגעלייענט) האָב איך געהאַט דעם רושם, אַז דער דיכטער האָט געקוקט דורך אַ שפּאַקטיוו צו דער ווייטער היים און געזען בילדער. בילדער ממש. ווי פון אַ מאָלער געמאָלענע בילדער, נאָר זיי איינצוראַ־מען. יעדעס בילד שאַרף, פּלאַסטיש, אַ מאָלערישע קאָמפּאָזיציע. ביל־דער־פעיזאַשן: „האַרבסט״, „האַרבסט־ווינט״, „זומער־לאַנדשאַפט״, „אַהיים אויף ניי־יאָר״ „דערמאָנונג״ און אַנד. און בילדער וואָס נעמען אויך אַריין מענטשן. מענטשן אין דער ראַם פון לאַנדשאַפט, פאַרפיקסירט סטאַ־טיש. „טאַרנאָוו״, „אַ צירקוס״, „בעטלער״, „דאָס פריצהלע״ און אַנדערע. אין די לידער דאָמינירט אַזוי דאָס מאָלערישע, זיי זיינען אַזוי שטאַרק פאַרוואַקסן מיט דער פּוילישער לאַנדשאַפט, אַז זיי ברענגען אויף דעם זכרון בילדער פון פּוילישע מאָלערס: אַקסענטאָוויטש, שימאַנסקי, אָדער גראָטגערס אַ צייכענונג וואָס שטאָלצענבערג דערמאָנט אין זיין פּרעכ־טיקער „עלעגיע אויף דעם טויט פון גראַף טרעטער״.

מיד פון זאַטל ליגט ער
און ס׳טראָגט זיך צו זיין בעט דער ריח פון רעטשקע
וואָס הויבט זיך אויף ווי אַ טוי פאַרנאַכט פון פעלדער,
שפרייט זיך ווי אַ רויך און שלאָגט זיך אָפּ אָן זאַנגען ווי אַ וואַנט.
שלענגלט זיך דורך סטעזשקעס און דורך פינצטערע גערטנער,
און פאַרלירט זיך צווישן קאָרטשעס און אין סאָסנע וועלדער.
(„עלעגיע אויף דעם טויט פון גראַף טרעטער״)

די לידער־געמעלן, וואָלט איך געזאָגט, זיינען שטאָלצענבערגס כאַראַקטעריסטישסטע שאַפונגען. אין זיינע געמיט־לידער ווייזט זיך דער דיכטער נאָך נישט אַרויס געענוג אויסגערייפט. ס׳איז נאָך נישטאָ דאָס פול אויסגעפורעמטע דיכטערישע פּנים, וואָס וואָלט אַוודאי געקומען שפּעטער. דאָס אוממיטלבאַרע רויחושמדיקע נאַטור־ליד איז דאָס נייע וואָס שטאָלצענבערג האָט אַריינגעבראַכט אין פאַרגייסטיקטן יידישן ליד.

פון שטאָלצענבערגס נאַטור־ליד שלאָגט אַ געזונטע הייסע זינלעכקייט. ס׳איז נישט די איידל געפאַרבטע סטיליזאַציע פון מאַני־לייבן, נישט ראַלניקס „נאָדל שפּיץ״ זכרון גראַוויררונג, נישט די נאַטור וואָס איז אַ מיטבאַטייליקטע אין לייוויקס פּאוסטישע ראַנגלענישן... שטאָלצענבערגס נאַטור געפיל, קען מען זאָגן, איז אַ צוריקקום צו נאַטירלעכע מענטשלעכע חושים, אַ רוסאַאישער פּרימיטיוו... פון שטאָלצענבערגס נאַטור לידער גייט אויף ווי פון אַ לאַן רעטשקע אַ מחיהדיקער אַראָמאַט.

דער יידיש־גאַליציאַנער דיכטער, גלויב איך, האָט אַ שטאַרקער אַנטוויקלט געפיל פאַר נאַטור, ווי אַלע אַנדערע יידישע שרייבער. ער שטייט אין אַ נאָענטערער, אוממיטלבאַרער פאַרבינדונג מיט איר. ער באַוועגט זיך פרייער אין דער דרויסנדיגער וועלט. ער גייט אַרום פריי צווישן פעלד און וואַלד און הימל... אפשר קומט עס דערפון וואָס דער שווערער יאָך פון דער רבנישער לומדות איז נישט געלעגן אויף אים אַזוי שווער... אפשר איז דאָס דער איינפלוס פון מערב צו וועלכן ער איז געווען נענטער. (דער בעל־שם־טוב האָט געוואַנדערט אין די קאַרפּאַטישע בערג). וואָס די פּסיכאָלאָגישע אָדער עטנאָגראַפישע אָדער ליטעראַרישע סיבות זאָלן נישט זיין (ס׳איז אַן אינטערעסאַנטע שטודיע פאַר ליטעראַטור פאָרשער), זעען מיר ניט ביי קיין אַנדער שרייבער אַזאַ הייסע נאַטור־ליבשאַפט, אַזאַ נאַטור־באַוואוסטזיניקייט, ווי ביים גאַליציאַנער שרייבער. איך וועל אָנרופן די ערשטע וואָס קומען אויפן געדאַנק: משה נאַדירס עקסטאַטישער פּעאַן צו דער נאַטור, רחל קאָרנס נאַטירלעכע ערדישע פאַרוואָרצלטקייט, בער האָראָוויצעס נאַטור־פאַר־

ליבטשאַפּט. דאָסזעלבע שטאַרקע נאַטור־געפיל געפינען מיר ביי אונד־זערע יונגסטע גאַליציאַנער דיכטער און פּראָזאאיקער אין אַמעריקע ביי בעריש וויינשטיינען, מאיר שטיקערן (אפשר אַן אינווערזיע פון ליב־שאַפט), מענדל נייגרעשל, י. מעצקער און ע. פערשלייסער.

איך האָב דערווייל מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט שטאָלצענ־בערגס ליבע־לידער. איך ווייס נישט פון קיין אַנדערע ליבע־ליד ביי אונדז וואָס איז אַזוי מסוגל צו רעדן צו יונגע הערצער. זיי זיינען זינלעך, שאַרף, ווייטאָגדיק מיט דער טראַגיק פון יונגער ליבע. צו דער קאַטע־גאָריע געהערן זיינע „שטרויענע ריטער"־לידער וואָס זיינען קינסט־לעריש פּערפעקט אין זייער געמיש פון הייבישן חוזק טאָן און יידישער פאָלקסטימלעכקייט. די עטלעכע „שטרויענע ריטער"־לידער וועלן מוזן אַריין אין יעדן גוטן אָפּקלייב פון די בעסטע מוסטערן פון יידישער שאַ־פונג, אין יעדער אַנטאָלאָגיע אָדער כרעסטאָמאַטיע.

סומירנדיק: שטאָלצענבערגס איינציק בוך לידער איז אַ בוך פון אַ פריצייטיק פאַרשטאָרבענעם דיכטער, וועמען דער טויט האָט נישט דערלאָזט שרייבעריש רייף ווערן, וואָס איז אַוועק מיט אַ סך נישט אַרויסגעזאָגטס פאַר וועלכן ער האָט נישט געפונען דאָס אמתע וואָרט, די נויטיקע דיסטאַנץ, די רייפע באַטראַכטונג. אָבער פון דעם וואָס איז פאַרבליבן, ווערן מיר דערשטוינט נישט איינמאָל פון די טענער פון אַ מאַדזשאָרן פּאָעט, פון דער טיפקייט און ריינקייט פון דעם קוואַל, פון וועלכן ער האָט געקענט אַ גאַנץ לעבן לאַנג שעפּן.

אין הייניטיקע צייטן פון צעטרייסלטע מאָראַלישע יסודות, פון מאָדערנע זוכענישן נאָך אַ גלויבן, אַ גאָט, איז די קינסטלערישע אינ־טעגריטעט און עכטקייט, וואָס וואָרצלען אין דער דורותדיקער ירושה פון פאָלק, אַ סימבאָל פון מאָראַלישער גאַנצקייט און נאָכמער: אַ סימבאָל פון פאָלקס־באַשערטקייט און פון פאָלקס לעבנס־באַיאָאונג. דער אמתער טאַלאַנט קומט אין אויטענטישער שליחות ווייטער צו שמידן די „גאָל־דענע קייט".

שטאָלצענבערגן האָט דער פריצייטיקער טויט אַרויסגעשטויסן דעם האַמער פון דער האַנט...

# מאיר שטיקער

שטאָלצענבערג און שטיקער, צוויי גאַליציאַנער גרינע ייִנגלעך (פון גלינע און בויבעריק) וואָס האָבן זיך געפונען און נאָענט געוואָרן אויף די איסט־סאַיידער גאַסן האָבן בשותפות געשטעלט זייערע ערשטע פּאָעטישע שריט. בשותפות פשוטו כמשמעו. זיי האָבן בשותפות אָנגע־שריבן עטלעכע לידער אונטער ביידענס נעמען. געדרוקט זיינען די לידער געווען — דוכט זיך — אין אַ קליין זשורנאַלעכל פון די ניי־אויפגעקומענ־דיקע שרייבער מיטן נאָמען „די קוזשניע״.

מיר האָבן, צום באַדויערן, דעם ליטעראַרישן קוריאָז ניט אונטער דער האַנט צו ברענגען אַ ציטאַטע. ס'איז מסתמא ניט געווען מער ווי אַן אַקט פון ייִנגלישן בראַוואַדאָ, פון וועלכן מיר וואָלטן גאָרניט געקאָנט אַרויסלייענען וועגן דעם עצם פון די אַזוי גאָר אַנדערשדיקע פּאָעטן, אַנדערש סיי אין עצם פון זייערע טאַלאַנטן סיי אין עצם פון זייערע כאַראַקטערן. שטאָלצענבערג: אַן עלעמענטאַלע פּאָעטישע קראַפט און אַן עלעמענטאַלע נאַטור; שטיקער: אַ קאָמפּליצירטע נאַטור מיט אַ פּאָעטישן טאַלאַנט, וואָס נעמט לאַנג אויסצואוואַקסן און צעבליען זיך און וואָס זיין עסענץ איז שווער צו דעפינירן.

שטיקער האָט מספּיד געווען זיין חבר שטאָלבענצערגס פריען טויט מיט איינעם פון זיינע בעסטע לידער:

אונטער דער טיר לויערט דער גזלן —  
דער ווינטערווינט צעעפנט די פענצטעער  
און פאַרבלאָזט אויפן בעט אַ פּאָר זערנעס שניי.  
מיין חבר עפנט די אויגן  
אין די אויערן הערט ער: גיי!  
ער וואַרפט אַוועק דאָס ברודיקע ליילעך  
ער שטעלט אַראָפּ די פיס אויפן דיל,  
ער שפּאַנט אַרויס דורכן אָפענעם פענצטער —  
דער ווינט אין פּלוצים געוואָרן שטיל.  
ער טרעט אויפן שניי ווי סטעזשקעס בלומען —

ווי אַ דערשראָקענער הונט איז דער ווינט איצט שטום —
נאָר אין זיינע אויערן הערט ער זשומען
דעם גזלנס ווערטער: קער זיך אום!

ער זעט צום ערשטן מאָל דעם גזלן
ער זעט די ביקס מיט דער גיפטיקער שפּיז,
ער זעט צום צווייטן מאָל דעם גזלן
און עס ברעכן זיך אונטער אים די פיס.
דער גזלן קומט נענטער, נענטער —

אין דעם ליד זיינען עמאָציע און בילד פאַרפיקסירט קלאָר און שאַרף די רייד, פּשוטע, קלאָרע. אין אַנדערע לידער איז שטיקער אַ סך מער פּאָעטיש פאַרשלייערט.

אין דעם „ליד צו אַ דיכטער" (אפשר אויך געווידמעט שטאָלצענבערגן) רעדט שוין שטיקער מער פּאָעטישע אָדער פּאָעטיזירטע רייד:

ווייס, דיינע ערשטע אומזיכערע טריט
זיינען געווען ווי די לבנה בליט
און עפנט זיך איעדע נאַכט
פאַר דיר און וואו דער מילכוועג לאַכט
האָסטו די אויגן פון ערשטן דרימל אויפגעמאַכט.

וואו ביסטו איצט? אויף וועלכע שטרויכל וועגן
פירט דיך דיין ליד? וואו זשאַבעס שרייען, גרילן זעגן
און שטייען ווי פאַלנדיקע בליטן רעגענען —
וועסטו דיינע יונגע טריט אויפסניי באַגעגענען.

דאָ זעען מיר שוין דעם שפּעטערן שטיקער, מיט זיינע פיינע נאַטור־פאַרגלייכן, זיין ראַפינירטער שפּראַך, מיט זיין ראָמאַנטישן, סימבאָליס־טישן „בלויע בלום" פּאָעטישן לשון.

לייענענדיק איין ליד נאָכן אַנדערן פון שטיקערס ערשט און איינציק בוך „לידער", וואָס איז אַרויס אין 1945, ווערט אונז קלאָר, אַז שטיקער האָט געלייענט אַ סך איירָאָפּעאישע פּאָעזיע און איז טיף פון איר באַ־ווירקט געוואָרן. בפרט פון די פראַנצויזישע סימבאָליסטן, באָדעלער, ווערלען און דעם וואונדערלעכן דייטשן פּאָעט רילקע און די פריערדיקע דייטשע ראָמאַנטיקער. שטיקער איז געגאַנגען אין חדר צו די „יונגע", וועלכע האָבן איבערגענומען אַ סך פון די טעאָריעס פון די סימבאָליסטן און פאַרפראַוועט עס אויף זייער אייגענעם אופן.

זיכער האָט דער בויבעריקער יינגל שטיקער פון זיין אייגענער דער־פאַרונג ניט באַקומען דעם מאַטעריאַל פאַר אַזוינע לידער —

יונגע פרויען אָנגעטאָן אין גרין
מיט פערלקאַמען און די טונקעלע קרויזן
שפּאַצירן שלאַנק און שטאָלץ,
שפּאַצירן ציטערדיק און דין,
און יינגלעך אין סאַמעט־געפּאַסטע הויזן
ווי שמאָלע שאָטנס אויף אַ הויכער וואַנט
פאַרלויפן און פאַרנייגן זיך גאַלאַנט —
און אין אַ יעדנס אויסגעצויגענער און בלייכער האַנט
אַ שווערע קראַנץ פון אָנגעצינדענע רויזן.

עס זיינען פאַראַן פּאָעטן וואָס גיבן פון סאַמע אָנהויב אַ שאָס אַרויס מיט טיף אייגענער אָריגינעלקייט. אָבער דאָס איז אַ גרויסע זעלטנקייט, אַפילו ביי גרויסע פּאָעטן. פּאָעזיע ווי אַלע אַנדערע קונסטן איז היינט אַזוי ראַפינירט און טעכניש אַנטוויקלט, אַז דער אָנפאַנגער קען ניט באַלד אַרויסקומען מיט רייפע אייגענע פרות. דער אָנהייבער איז ניט געוואַקסן אין מדבר. ער איז געגאַנגען אין חדר. ער האָט נאָך אַפילו ניט גענוג רוי־מאַטעריאַל פון אייגענע דערפאַרונגען, און דאָס אייגענע וואָס ער האָט, נעמט צייט אויסצופורעמען בצלמו ודמותו און אָנצוקליידן אין פּאַסיקע היינטצייטיקע מלבושים.

אין אונדזער ליטעראַטור האָבן מיר דווקא אַ סך „רויע טאַלאַנטן" וואָס זיינען ניט געגאַנגען אין חדר, ניט געלייענט, ניט געלערנט, ניט אַריינגעזאַפּט אין זיך די אוצרות פון זייערע פאָרגענגערס. זיינען זיי טאַקע געבליבן רויע, באַגרענצטע טאַלאַנטן און גיבן אונדז ניט־קולטיווירטע האַלב זויערע פרוכטן פול מיט שטעכעלקעס.

ס'איז געווען גוט פאַר שטיקערן און שטאָלצענבערגן וואָס זיי זיינען באַלד אַוועק אין חדר צו די „יונגע" ווען זיי האָבן דערפילט ווי דער פּאָעטישער האָבער שטעכט זיי און זיך געלערנט הלכות פּאָעזיע ביי יענע שטרענגע לערער וואָס זיינען געווען גרויסע קפדנים אויף פּאָעטישער טהרות. שטיקער מיט זיינע גאַליציאַנער אָפענע אויגן פאַר דער גרויסער וועלט און פאַר עסטעטישער טראַכט האָט לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט אַ פאַר־כישופטער אין די וואונדערלעך צעבליטע פּאָעטישע גערטנער פון דער גרויסער וועלט, ניט געקענט זיך גענוג אָנזעטיקן מיט זייערע פאַרשיכורנ־דיקע פאַרבן און ריחות. אונדזער גאָרטן איז אַזוי זומפּיק און שימלדיק, גיט ער אָנצוהערן ערגעץ אין אַ ליד.

איך זאָג דאָס אַלץ ניט לגנאַי. שטיקער האָט געטרונקען פון פרעמדע קוואַלן אַזוי ווי עס האָבן געטרונקען פון יענע רייכע קוואַלן זישאַ לאַנדוי, מאַני לייב, משה לייב האַלפּערן, גלאַטשטיין און ווער ניט. ס'איז נאָר אַ פראַגע פון ניט פאַרבלאַנדזשען אין די פרעמדע גערטנער, קומען אַהיים באַצייטנס און נעמען זיך בויען אַן אייגענע באַלעבאַטעשאַפט.

שטיקערן האָט לאַנג גענומען צו לערנען. ס'זעען זיך נאָך צו פיל אַרויס די פרעמדע מוסטערן אין זיין ערשטן בוך. אָבער שטיקער איז ניט קיין נאָכמאַכער. ער איז אַ טאַלאַנטירטער פּאָעט. דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער קריטישער פּסק־דין אויף זיין ערשט בוך לידער. שטיקער — ווי עס צייגט זיך אַרויס פון זיינע לעצטנס דערשיינענדיקע לידער (נאָך ניט צוזאַמענגענומענע אין אַ בוך) באַפרייט זיך אַלץ מער פון איינפלוסן; ער איז איצט געוואָרן מער יידיש באַוואוסטזיניק, ער שניצט און ציזעלירט זיין לשון וואָס איז תמיד געווען דין־בויגיק ביז ער דערגרייכט אַ זעל־טענע וואָרט־ראַפינירטקייט. שוין אין זיין ערשטן בוך קען מען זען אַ סך פּאָעטישע סענסיביליטעט וואָס קומט פון אייגענעם אופן פילן, זען און רעאַגירן. זיין נאַטור־מאַלעריי שפּיגלט אָפּ עפּעס פון זיין שווער געמיט, זיין טרויער. ער זעט רק פּוילעניש, פּאַנאַנדערפאַל און דיסענטעגראַציע. שטיקער מאָלט ניט קיין צעשטראַלטע פעיזאַזשן, ער שרייבט ניט קיין זון־פאַרגאַסענע, יובלדיקע, פאַרשיכורטע זומער־לידער ווי בער האָראָוויץ אָדער וואָוויליונגערישע פון נאַטור־פּראַכט פאַרבלענדטע שטאָלצנבער־גישע לידער. שטיקער איז אַ ספּעציאַליסט אויף מאָלן דעם האַרבסט, די נאַכט, טויט, פּוילעניש:

די טרוקענעביימער־קאָרע ווייסט אַז האַרבסט, דער האָר
קומט אין טיפע שטעקשיך, אין אַ שאָרסטקע פעניואָר
די טייכן שניידן קאָרבן וואָס שווינדן גיך,
די סאָרנע יאָגט און די ווילדגאַנז גוזעגנט זיך.

אָט איז אַן אַנדער האַרבסטליד מיטן נאָמען „שפּעטער האַרבסט:

דער הימל אָנגעפּוישט און קאַלט.
אין וואַלד — אַן איינגעהויקערטע געשטאַלט
אַ באַביצע שטעלט טיפגעקאַרבטע טריט
דעם פאַסטוכס ליד
קלינגט הייזעריק אין אירע אויערן,
אַ טייכל זינגט, די ביימער טרויערן,
אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל פאַלט
און גאָט פאַרציט אַ שוואַרצן שטריק איבערן וואַלד.

דער „שוואַרצער שטריק" און דאָס „געל גרינע מויל" און „די קריכ־פלאַנץ וואָס וועט מיט שקרופּלבלעטער דיך פאַרדעקן", וואָס שטיקער זאָגט צו דער „בלויער בלום", זיינען עדות אויף דעם איינפלוס פון די מאַקאַברע סטאַניסטישע, סימבאַליסטישע פּאָעטן — אַ פּאַטש אין פּנים און בייזער שפּאָט פון דער אַמאָליקער ראָמאַנטיק. אָבער ס'איז ניט איינפלוס אַליין. אין סאַמע עצם פון שטיקערס פּיינע, עכטע לידער צום האַרבסט, צו אונ־טערגאַנג, שטעקט זיין אייגן לעבנס־געפיל פאַר דער טראַגיק פון לעבן.

דאָס טראַגישע לעבנס־געפיל וואָס מיר טרעפן אַזוי אָפט ביי אונדזערע יונגע דיכטער, ביי שטאָלצענבערג, וויינשטיינען, ביי דאַרפמאַנען און ביי אַנדערע דיכטער און פּראָזאַאיקער האָט בלי ספק אַ סאָציאַלן מקור. ס'איז דער פּועל יוצא פון דעם דערדריקנדיקן, חושכדיקן, אויסזיכטלאָזן לעבן פון די קליינע שטעטלעך וואָס איז מיטן אָנקום פון די מלחמה־יאָרן (די ערשטע וועלט־מלחמה) געוואָרן נאָך מער גרוילעך און אומדערטרעגלעך. און די איבערלעבונגען פון די גרינע יאָרן אין אַמעריקע האָבן די געמי־טער פון אונדזערע דיכטער נאָך מער דערדריקט און פאַרחושכט.

פון אַ סך שטיקערס לידער שרייט אַרויס זיין האַס צו דער מיאוסקייט און גרויל פון לעבן, ער רעדט מיט שנאה וועגן גביר פון וועלכן זיין טאַטע און זיין זיידע האָבן געליטן:

כ'געדענק נאָך ווי עס איז אַ הונגעריקער
און אויסגעבויגן ווי אַ קאַרקנציער —
מיין אַלטער זיידע זישע מרדכי שטיקער
געשטאַנען פאַרן שטאָטישן גביר.

וועגן זיינע צוויי פעטערס דערציילט שטיקער: —
מיין פעטער שמעון איז געגאַנגען פאַרדריפּעט
מיין פעטער וואָלף האָט געלעבט פון פּראָצענט
שמעונס ווייב האָט געוויינט און געכליפּעט
אין הקדש זיינען שמעונס טעכטער
זייערע קעפּ זיינען וויס ווי דער וויסער שניי.

דאָס זיינען ניט די בעסטע מוסטערן פון שטיקערס פּאָעזיע. מיר ברענגען זיי נאָר צו וויזן דעם סאָציאַלן און פּסיכישן מקור פון שטיקערס מרה־שחורהדיקן האַרבסטיקן לעבנס־געפיל. שטיקער האָט ניט קיין גוט וואָרט צו דערציילן וועגן דעם גאַנצן קליינשטעטלדיקן לעבנס שטייגער. די נעמען פון זיינע לידער זיינען שוין געוווג אָנצושטעקן אונדז מיט האַרבסטיקן טרויער:

„אין אייגענעם געוויין", „רואינען", „פּראָסט", „פּראָסט אין פייער",

„בלוט און טרערן", „קלאָג־ליד אויפן טויט פון אַ מיידל", „ביסלעכווייז שטאַרבן", „געשפּענסט", „דאָס פלייש איז טרויעריק".

די אַלע לידער אין וועלכע דער יונגער דיכטער אָנשטאָט צו זינגען פון יוגנט־פרייד קלאָגט ווי קהלת, אויב אַפילו זיי זיינען געשריבן געוואָרן אונטערן איינפלוס פון די סימבאָליסטן (דער סימבאָליזם מאָלט אַנגסט, סעניליטעט, פוילעניש, דיסינטעגראַציע, די קרובהשאַפט צווישן שיינקייט און טויט, זאָגט סאַרטר אין זיין בוך; פאַר וועמען שרייבן מיר ?), קומען זיי אָבער בלי ספק פון שטיקערס אייגענעם לעבנס־געפיל, שפּיגלען אָפּ שטיקערס אייגענע איבערלעבונגען און געמיט־צושטאַנד. שטיקער נוצט זייער אָפט דאָס וואָרט שפּין אין זיינע לידער.

ס׳איז — לפי דעתי — אין שטיקערן פאַרגעקומען ווי מ׳רופט עס אין פּרווידיאַנישן לשון אַן אינוועזיע פון ליבשאַפט. זיינע עמאָציעס האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן, פאַרקראָכן אין זיך. דאָס געפינען מיר ביי אַ סך נאָך־מלחמהדיקע שרייבער אין אונדזער ליטעראַטור און אין אַנדערע ליטעראַטורן. די שרייבער פון דער מלחמה־גענעראַציע האָבן געזוכט באַפרייען זיך — יעדער אויף זיין אופן — פון דעם יאוש און שאָק וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די מלחמה־יאָרן דורך מאָלן גרוילן, שוידער, מיאוסקייטן.

שטיקער זוכט צו אַנטרינען צומאָל אין דעם וואויל־באַקאַנטן העל־פּאַנטביין טורעם פון דיכטערישער אויסדערוויילטקייט און פון דעם הויכן טורעם שיסן מיט פיילן פון בטול און עקל און פאַראַכטונג אויף דעם ערב־רב.

„זעט — זאָגט ער אין אַ ליד — דער הימל האָט אויפגעבליט אין מיינע אויגן, אין אייערע פינצטערט דער קויט און דער שטויב פון טרונעס און דער שטויב פון טויט".

אַ סך עכטער, אמתדיקער, פון אייגענע דערפאַרונגען און איבער־לעבונגען אינספּירירטע, זיינען שטיקערס נאַטור־לידער און זיינע פיינע, עכטע נאַטור־אימאַזשן. שטיקער האָט, ווי ס׳רוב גאַליציאַנער דיכטער, טיף איינגעזאַפּט אין זיך די נאַטור־וועלט. זי איז געווען אַן אויסלייז, אַ פאַרגי־טיקונג פאַר אַלע מאוסקייטן און גרוילן פון לעבן. די נאַטור מיט איר כסדר זיך איבערחזרדיקן ציקל פון אונטערגאַנג און נייעם לעבן ווערט ביים דיכטער אַ סימבאָל פון דעם אייביקן, דער געטלעכער מיסטעריע פון דער וועלט.

אויך אין האַרבסט, אין פוילעניש אין דיסענטעגראַציע, געפינט דער דיכטער אַ טרייסט, אַ דערהויבונג, וואָס קומט פון אָנגעמען דאָס שווערע געזעץ פון לעבן, דער גזר פון עקזיסטענץ.

שטיקער דערהויבט זיך אין זיינע טרויעריקע האַרבסט לידער, זיינע סימבאָלישע אָדער סימבאָליסטישע נאַטור־בילדער, אין זיינע נאַטור־אימאַזשן געמישטע מיט דער לעגענדאַרישקייט פון דער פאָלקס מעשה, צו אַ הויכער פּאָעטישער מדרגה:

ניט בלויז איבער מיר ווען דער שטורעם רוישט
ווען די וואָלקנס הענגען שוואַרץ און אָנגעפּוישט
און די פּלאַכטעס מאַך אויף די ביימער קאָרטשעס אין וואַלד
זיינען ווי איבערגעוואַקסענע שוואָמען אין רעגן
און די באַביצע וואָס בלאָנדזשעט אויף די וועגן
אין אַן אויסגעבעטלטער קאָלדרע און אין זעק —

שטיקער האָט ווי זעלטן ווער פון אונדזערע יונגערע דיכטער ראַ־פינירט און געמייסטערט זיין שפּראַך. ער האָט זיין גאַנצן טאַלאַנט, וואָלט איך געזאָגט, אַריינגעלייגט אין לשון. ער האָט ס׳רויע לשון פון גאַליציאַנער ייד געלייטערט, ראַפינירט ביז ער האָט אַרויסבאַקומען אַן איידעלען, מו־זיקאַלישן אינסטרומענט. יעדעס וואָרט האָט ביי אים קלאַנג און פאַרב.

איך קאָן דאָס גאַליציאַנער לשון מיט וועלכן מיין לאַנדסמאַן און חבר שטיקער איז געקומען אין אַמעריקע. איך קום פון אַ דאָרף אַ מייל ווייט פון שטיקערס שטעטל, בויבעריק. און איך קען זיך נישט אָפּוואונדערן פון שטיקערס שפּראַך בריהשאַפט. איך קען לייענען זיינע לידער אַ סך מאָל און תמיד הנאה האָבן צוליב דער מאַגיק פון זיין שפּראַך. יעדעס וואָרט קלינגט ביי אים ווי ניי־געבוירן.

ביי אַ סך גרעסערע דיכטער ווי שטיקער האָט דאָס וואָרט „אַן און פאַר זיך" קיין אייגן לעבן ניט. די ווערטער שטייען אין שורות און פאָלגן געהאָרכזאַם דעם באַפעל פון זייער קאָמאַנדיר דעם דיכטער. דאָס וואָרט אַליין געדענקט זיך ניט, מאַכט ניט קיין רושם. אין שטיקערס לידער פילן מיר אויפן גומען דעם טעם און קלאַנג פון וואָרט.

מען דאַרף דערפאַר שטיקערן לויבן און רימען. מען דאַרף אָבער נאָך די אַלע שבחים אויך זאָגן, אַז מען זעט עד היום ניט קלאָר שטיקערס אייגענעם וועג. אַנדערש גערעדט: די אַלע אויבן אַרויסגעבראַכטע גרויסע פּלוסן פון שטיקערס ליד זיינען ניט בכוח צו פאַרהוילן פון אונדז אַז מיר זעען ניט קלאָר דעם דיכטער אונטער זיין ליד: דער דיכטער מוז תמיד שטיין אונטער זיין ליד. מיר מוזן אים דערפילן, אָנטאַפּן. כדי צו לאָזן אַ דויערנדיקן, טיפן רושם מוז דאָס ליד ברענען מיט פייער פון דיכ־טערס נשמה, זיינע פּיינען, זוכעגישן און ראַנגלעגישן. ס׳קומט אויס ווי שטיקער, אָנשטאָט אויפצוּעפענען זיין האַרץ פאַר אונדז אין זיין ליד, נוצט עס צו פאַרהוילן זיך אין זיינע פילפאַרביקע שלייערן.

# א. טאַבאַטשניק

טאַבאַטשניק איז אַ דיכטער און אַ ליטעראַטור־קריטיקער. איז וועל זיך דאָ דער עיקרשט אָפּשטעלן אויף טאַבאַטשניקן ווי אַ ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָט זיך אין דעם ביי אונדז אַזוי קנאַפּ אַנטוויקלטן ליטעראַרישן געביט געשאַפן אַן אַלגעמיין־אָנערקענטע בכבודיקע פּאָזיציע, דער איינציקער פון יינגערן שרייבערישן דור וואָס האָט זיך אַזוי אַרויסגעהויבן.

פאַר די עטלעכע צענדליק יאָר וואָס איך קען (און בין באַפריינדעט מיט טאַבאַטשניקן) קען איך אים ווי אַ חסיד און ליבהאָבער פון ליטעראַטור, און בפרט פּאָעזיע. פאַר טאַבאַטשניקן, קאָן מען זאָגן בלי גוזמא, איז ליטעראַטור ווי דאָס טעגלעכע ברויט וואָס דערהאַלט ביים לעבן; ס'איז זיין טיפסטער אינטערעס און ליבע. אין זיין ערשט ביכל לידער „דיכטער און דיכטונג" (1949) זיינען אַ סך פון די לידער געשריבן לכבוד זיינע באַליבטע פּאָעטן. איך ווייס ניט וויפיל לידער טאַבאַטשניק האָט שוין אָנגעשריבן צו זיין באַליבן דיכטער מאַני לייב.

אָט איז די צווייטע העלפט פון דעם בעסטן פון זיינע מאַני לייב לידער, דאָס גוט באַקאַנטע ליד וואָס טראָגט דעם נאָמען: מאַני לייב:

און שלאַנק איז ער און פרווילעך ווי אַ פליייט,
און, פינקלט ווי מיט חן גריבעלעך מיט טרויער און מיט פרייד:
— ווײנט מיט יענעמס אומגליק און קלינגט מיט אייגן גליק,
און הויבט די פאָן פון אַרבעט און הייליקט זי אין קריג
און אָט איז ער אַ דאָרן און אָט אַ שטאָלצער לאָרד,
און זע עס איז נאָר שיינקייט אין זאָטל פון זיין וואָרט.

נאָר ווען די נאַכט ווערט לויטער און די לבנה גרויס
פון זיינע מירמלשלעסער גייט מאַני לייב אַרויס;
דער ווינט ווייעט, ווי אין חלום, דינער שאָרט דער בלאַט;
אַנטקעגן דער לבנה — הויך און שלאַנק און מאַט,
מיט שטילע טריט פון וואונדער, מיט זילבער אינעם קול —
שפּינט מאַני לייב אונדז מעשיות ווי בלוי בינטל וואָל.

אַט זיינען אַ פּאָר שורות פון ליד מיטן נאָמען: „צו יוסף ראָלניקן״:

העלער פון די שטערן פלאַקערן קאַמעטן
מיט פייערדיקע עקן — זיי שטורעמען די רוימען;
שטערן לייכטן שטילער, לויבן צו די פּאָעטן
וועמענס לידער גייען אונטער צוימען.
לידער וואָס זיי טראָגן זייער גורל אָפן
גלייך מיט מענטשן איינגעשפּאַנט אין עולן.

ביי אַלע דיכטער געפינען מיר לידער געשריבענע דירעקט אָדער געווידמעטע צו חברים דיכטער (נעמט זיך דאָס דערפון וואָס דיכטער ווי שיינע פרויען באַוואונדערן איינע די אַנדערע?), אָבער טאַבאַטשניקס גרויסע צאָל לידער אינספּירירטע פון זיין ליבשאַפט און פאַרערונג צו דיכטער, זיין פּאָעטישע חסידישקייט און דבקותדיקע פאַרטועניקייט אין ליד — ווי פון אַ מקובל אין די סודות פון קבלה — זיינען אַ סימן מובהק, אַז דער אָנרעג פאַר טאַבאַטשניקס פּאָעטישער אינספּיראַציע זיינען די זוכענישן און גאַרענישן פון זיין אומרואיקן גייסט צו התרוממות. ווי דער חסיד האָט געזוכט און געפונען אין ניגון פון זיין רבין און אין דער גאַנצער חסידישער אַטמאָספער די דערהויבונג און אַרויסהויבונג פון חומר צו אַ ביט דאָאיקער פאַרשטילטקייט אין התרוממות און נשמה עליה — אַזוי זוכט און געפינט טאַבאַטשניק אין ליד און אין מתדבק זיין זיך מיט זיינע באַליבטע רביים־פּאָעטן, די רו און אויסלייזונג פון די ראַנגלענישן פון זיין אומרואיקן גייסט.

טאַבאַטשניקס לידער זיינען אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל אין דער זעלבער צייט. זיי זיינען טיף דורכגעפילטע, אָדער דער אָנרעג פאַר זיי קומט מיינסטנס ניט פון די עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, פון חושימדיקע סענסאַציעס, נאָר פון אינטעלעקטועל־גייסטיקע ראַנגלענישן און פּראָבלעמאַטיק. טאַבאַטשניק — ווי דער רוב דיכטער פון מאָדערנעם דור — זוכט אין די עסטעטישע שיינקייטן פון פאָרעם און פון וואָרט (ער האָט אַ סך לידער צום וואָרט) די טרייסט און אויסלייז פאַר זיין צעריסנקייט און אינערלעכער טראַגישקייט. זיינע לידער האָבן מוזיק, שיינקייט. אָבער פון זיין איינציקן דינטשיקן ביכל לידער און פון ספּאָראַדיש דערשיינענדיקע לידער אין זשורנאַלן איז זיך שווער צו שאַפן אַ קלאָר בילד פון טאַבאַטשניקס דיכטערישן וועג.

די חסידישע זייט פון טאַבאַטשניקס נאַטור וואָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ ליבהאָבער פון פּאָעטן און פּאָעזיע איז אויך געווען די טרייבקראַפט פאַר זיין ליטעראַטור־קריטישער אַרבעט. די ליבשאַפט וואָס מאַכט אים

שרייבן לידער צו זיינע באַליבטע פּאָעטן פּירט אים צו גריבלען זיך אין די טיפענישן פון ליטעראַטור. די מיסטעריע פון ליטעראַרישן שאַפן רייצט זיין שאַרפן גריבלערישן אינטעלעקט. באַנעמען און אַריינדרינגען אין לאַבירינטישע וועגן קינסטלערישער שאַפונג, דאָס נאָכפאָלגן און אומבאַוואוסטזיניק אידענטיפיצירן זיך מיט ליטעראַטור־שאַפער איז אַן אַנדער אופן פון קינסטלערישן אויסלעבן זיך און שעפערישקייט.

טאַבאַטשניקס ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן זיינען ניט קיין טרוקענע, פאָרשערישע שטודיעס. זיי זיינען עסייאיסטישע פּראָזע שאַפונגען, אין וועלכע ער לייגט אַריין אַ סך האַרץ און נשמה. עס איז קאָנטיק אין זיי אַ סך אַרבעט איבער דער פאָרעם, דעם סטיל און דער שפּראַך. מען דער־פילט אין טאַבאַטשניקס וואָזשנערע עסייען דעם אין וואָרט־פאַרליבטן פּאָעט; טאַבאַטשניק לאָזט זיך פירן און אַמאָל פאַרפירן פון זיין ליבשאַפט און פאַרליבטשאַפט אין שרייבער בפרט דיכטער. ער קעמפט ממש פאַר זיינע באַליבטע דיכטער און ער שטעקט אונדז אָן מיט זיין התלהבות און פאַרדבקהטקייט.

ווען איך האָב געזאָגט פאַרפירן האָב איך עס ניט געזאָגט לגנאי. עס טרעפט, אַז אין זיין ענטוזיאַזם און ליבשאַפט זאָל טאַבאַטשניק אי־בערכאַפּן צומאָל די מאָס. אָבער זיין שאַרפער קריטיש־אַנאַליטישער אינ־טעלעקט דערלאָזט ניט ער זאָל צוליב דעם פאַרלירן די קריטישע גלייכ־געוויכט און פאַרפאָרן אין גוזמות און הוריות. ער איז אַ צו גוטער אַנאַ־ליטיקער, ער איז אַפילו — פאַר מיין געשמאַק — שוין אַ צו שאַרפער פאָרמאַליסטישער אַנאַליטיקער מיט דער יידישער נטיה צו פלפול און דרוש און פרושים.

פונקט ווי ליבשאַפט און התלהבות זיינען גוט פאַר קריטיק („קריטיק און ניט נאָר הוילע מבינות, נאָר ליבע צו קונסט” — בעל־מחשבות) אַזוי זיינען סכעמעס, פרושים, פאַרטייטשונגען און אויסטייטשונגען דער סאַמע עצם פון קריטיק. און יעדער קריטיקער מיט עפּעס אייגנס, מיט אייגענע ידעאַנקען, מיט אַן אייגענער השקפה, איז עלול אַריינצוטייטשן אינעם שרייבער עפּעס פון זיך. דער באַרימטער קריטיקער היפּאָליט טען האָט אין זיינע גרויסע סכעמעס זיך ווייניק גערעכנט מיט פאַקטן וואָס זיינען אים געשטאַנען אין וועג, זאָגט איינער פון זיינע ביאָגראַפן. און אונדזער ב. ריווקין זאָל האָבן געענטפערט, אַז מ׳האָט אים פאָרגעוואָרפן, אַז דער שרייבער האָט ניט געזאָגט דאָס וואָס ער, ריווקין, האָט אים אַריינגעלייגט אין מויל אַריין, אַז אַזוי האָט דער שרייבער געוווען געדאַרפט זאָגן. יעדער באַדייטנדער קריטיקער שרייבט ווען זיך שרייבנדיק וועגן אַנדערע. דאָס זיינען זעלבסטפאַרשטענדלעכקייטן. אָבער פאַר אונדזער לייענער, —

מיט וועלכן, ווי ש. ניגער פּלעגט זאָגן, מ׳דאַרף נאָך לערנען דעם א״ב, שאַדט ניט דאָס איבערצוחזרן.

אין טאַבאַטשניקס קריטישע עסייען זעען מיר טאַבאַטשניקן, סיי זיין ליבשאַפט און ענטוזיאַזם פאַר ליטעראַטור און שרייבער, זיין צעהיצטע עלאָקווענטקייט און אייפער און זיין טיפּיטשנע יידישע ליבשאַפט צו צע־גלידערונג, פּלפּול, פאַרטייטשונג און אַריינטייטשונג.

אין טאַבאַטשניקס אַ קריטיק דערפילט מען תיכף דעם אָטעם פון אַ געבוירענעם קריטיקער. ער פאַרמאָגט אויך דעם שריפטשטעלערישן טאַלאַנט אַנצוקליידן זיינע קריטישע שטודיעס אין אַ פיינער, באַטעמטער פאָרעם, אָנגעפּראָפּט מיט גראַטענע דעפיניציעס, ניואַנסירונגען, שאַרפע וואָרט־שפּילן און ליטעראַרישע בקיאות.

טאַבאַטשניק איז אַ בקי אין ליד ווי אַן עילוי אין ש״ס. זיין קרי־טישע געניטשאַפט, ליטעראַרישע ערודיציע אין דעטאַלירטער חוט־השערהדיקער אַנאַליז אימפּאָנירן. און ער איז אַ מאָדערנער קריטיקער. איך מיין דאַמיט צו זאָגן, אַז ער שרייבט ווי אַ מענטש פון אונדזער צייט; שפּראַכלעך און אינטעלעקטועל ווייזט זיין אַרבעט, אַז ער האָט אַריינגע־זאַפּט אין זיך דאָס וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַר אים סיי אין יידיש סיי אין אַנדערע לשונות. ביי קריטיקער איז וויסן אַ גרויסער טייל פון זיין אַרעבטס־געצייג.

ס׳וואָלט געווען אַ טעמע פאַר אַ באַזונדערער אַרבעט צו פּרוּוון אַפילו אויבערפלעכלעך אָנצוּוואַרפן די וועגן און מעטאָדן פון דער נייער אָדער מאָדערנער קריטיק, וואָס פאַרנעמט איצט אַ גרויסן, חשובן פּלאַץ אין דער ענגלישער און אין אַנדערע ליטעראַטורן און וואָס ביי אונדז איז עס כמעט ניט בנמצא אָדער אין די ווינדעלעך, ווי די מאָדערנע פּראָזע בכלל. בדרך כלל קען מען זאָגן, אַז דער בעסערער, מאָדערנע קריטיקער באַמיט זיך צו שאַפן גרעסערע אינטעלעקטועלע קאָנסטרוק־ציעס און פאַרטיפטע אַנאַליזן פון ליטעראַרישע ווערק; וויל אונדז געבן אַ טיפערן אַריינקוק אין גאַנצן פעלד פון ליטעראַטור און פאָלק־שעפעריש־קייט און אָנווייזן די שייכותן צווישן פאַרשיידענע קונסט־עקספּרעסיעס און וועגן פון שעפערישקייט און פאָלקס־כאַראַקטער און פאָלקס־קולטור. טאַבאַטשניק, וואָס האָט אַ סך ליטעראַרישע ערודיציע, גייט אַלץ מער אין די וועגן פון דער מאָדערנער קריטיק פון פאַרטיפטן אַנאַליז און לאַ־באָראַטאָרישע, לומדישע אויספאָרשונגען פון שרייבערישע ווערק; זיין מעטאָד, זיין אַרבעטס־פּלאַן איז: שטודירן, מעסטן און וועגן יעדעס וואָרט, יעדער שורה און צוהערן זיך צו קלאַנג און מוזיק און ריטם, — ווי אַ געלערנטער וואָס פאָרשט, וועגט און מעסט אין זיין לאַבאָראַטאָריע.

א מוסטער פון מאָדערנע קריטישע אַרבעטן וואָס זיינען ביי אונדז אַ גרויסער יקר המציאות זיינען טאַבאַטשניקס צוויי פיינע מאָנאָגראַפּיעס, איינע וועגן זיין באַליבטן און געאַכטן פּאָעט, זישא לאַנדוי: „דער מאָן פון ליד״ (אַרויס אין 1941) און די צווייטע וועגן זיין יוגנט־פריינד, דעם אומ־פאַרגעסלעכן דיכטער, אבא שטאָלצענבערג (אַרויס אין 1952). די צוויי מאָנאָגראַפּיעס זיינען ביי אונדז זעלטענע מוסטערן פון דעם זשאַנער — אַרומנעמנדיקע קריטישע אָפּשאַצונגען געשריבן מיט ליבשאַפט און אייפערדיקייט אין קריטישן „אַקיומען״.

פאַר אַזוינע מאָנאָגראַפיעס דאַרף מען קודם־כל האָבן שרייבערישן טאַלאַנט, קענען אויספּלאַנירן אַ שרייבערישן בנין אַזוי, אַז אַלע דעטאַלן פון דער אַרכיטעקטאָניק זאָלן שאַפן אַ האַרמאָנישע גאַנצקייט. אין דער מאָנאָגראַפיע וועגן לאַנדוין האָט טאַבאַטשניק אייפערדיק געאַרבעט אויפ־צושטעלן אַ מאָנומענט פאַר דורות פאַר זיין באַליבטן דיכטער און ערשטן ליטעראַרישן מורה־דרך. וועגן שטאָלצענבערגן האָט זיך דער מאַטעריאַל ניט געלאָזט אַזוי פּלאַסטיש מאָדולירן ווי די רייצנדיקע געשטאַלט פון זישא לאַנדוי. וועגן זישא לאַנדויס פּאָעטישע דערגרייכונגען קענען זיין חילוקי דעות אָבער עס קען גאָרניט געמאָלט זיין קיין בעסערער שטאָף פאַר אַ ליטעראַרישער ביאָגראַפיע ווי די פּערזאָן און דיכטער זישא לאַנדוי. אַ שאָד וואָס טאַבאַטשניק האָט זיך שטרענג געהאַלטן אין דער ראָלע פון קריטיקער און ניט פון ביאָגראַף פון זישא לאַנדוי, וועמען ער האָט גוט געקענט.

אַז מיר פּרואוון פאַרגלייכן די מאָנאָגראַפיע פון זישא לאַנדוי צו דער מאָנאָגראַפיע פון משה לייב האַלפערן, פון וועלכער צוויי קאַפּיטלעך זיי־נען נאָר דערוויייל דערשינען אין דער „צוקונפט״, זעען מיר דעם וועג וואָס טאַבאַטשניק האָט דורכגעמאַכט אין רייפקייט אין אַנאַליטישער קראַפט און אין פאַרנעם. מיר האָבן דאָ רייפערע קריטישע אַרבעט, אין וועלכער די ליבשאַפט און ענטוזיאַזם שרייען ניט אַרויס. זי איז פאַראַן אָבער ווי ביי אַ רייפן מענטש, פאַרבאַהאַלטן, איינגעהאַלטן, אַריינגעוועבט אין דעם מאַטעריאַל פון דער אַרבעט.

אין דער מאָנאָגראַפּיע וועגן שטאָלצענבערגן, וואו טאַבאַטשניק האָט געשריבן וועגן אַ נאָענטן, טייערן יוגנט־פריינד, מיט וועמען ער האָט דורכגעמאַכט די יוגנטלעכע שטורעם און דראַנג־פּעריאָדע, איז טאַ־באַטשניק געווען פערזענלעך פאַרמישט. ער האָט צו דערציילן אַ סך אינטימע זאַכן וועגן שטאָלצענבערגן און די „יונגע״; ער ווייזט די איינ־פלוסן, וואָס האָבן געגערט שטאָלצענבערגס טאַלאַנט, צעגלידערט זיינע לידער, ברענגט אַרויס ווי זיי זיינען רייף געוואָרן ביז דער טויט האָט אים

אין זיינע בלי־יאָרן פאַרשניטן און ניט דערלאָזט ער זאָל אויסוואַקסן צו זיין פולער הויך. אין דער מאָנאָגראַפיע וועגן שטאָלצענבערגן איז אָבער — לדעתי — ניט אַרויסגעקומען געגוג בולט די אייגנאַרטיקע געשטאַלט שטאָלצענבערג (מיר ווילן דאָ דערמאָנען, אַז וועגן שטאָלצענבערגן, וואָס האָט זיך אַזוי טיף איינגעקריצט אין זכרון פון זיינע חברים, האָט אויך אָנגעשריבן אַ גוטע קריטישע אַרבעט, דער טאַלענטירטער דיכטער און קריטיקער, מענדל בייגרעשל, וואָס איז צום באַדויערן אָנטשוויגן געוואָרן און דרוקט זיך כמעט ניט מער).

טאַבאַטשניקס קריטישע עסייען, געשריבן במשך עטלעכע צענדליק יאָר, געדרוקטע אין אַלערליי זשורנאַלן און אויסגאַבעס זיינען עד היום ניט צונויפגענומען אין אַ בוך און ער קומט אַרויס מיט נייע קריטישע אַרבעטן זייער זעלטן. אַ גרויסער שאָד! מ׳הערט די מיינונג אָפט צווישן שרייבער, אַז ווען טאַבאַטשניק זעצט זיך אַוועק על התורה ועל העבודה וואָלט ער זייער הויך דערגרייכט.

איך האָב איצט נאָך אַמאָל איבערגעלייענט ס׳רוב פון זיינע אין פאַר־שיידענע צייטן און אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס געדרוקטע אַרעבטן, וואָס וואָלטן געשאַפן אַ דיק בוך, איידער איך האָב גענומען שרייבן די דאָזיקע געאיילטע אָפּשאַצונג (טאַבאַטשניק האָט גרעסערע אַרבעטן וועגן לאַמעד שאַפּיראָ, משה נאַדיר, ראַבאָי, אָפּאַטאָשו, מאָריס ראָזענפעלד, יהואש, ב. ריווקין, י. ראָלניק, משה לייב האַלפּערן, ליעסין און אַ סך אַנדערע). אין די אַלע אַרבעטן קומט בולט אָפיר טאַבאַטשניקס איינגע־בוירענער קריטישער טעמפּעראַמענט, זיין אַנאַליטישע אַריינדרינגעוו־דיקייט, זיין צעגלידערונגס־פעאיקייט, זיין פאַרשטענדניש פאַר ליטע־ראַרישער שאַפונג. ער איז אין עצם דער עסטעטישער פאָרמאַליסטישער קריטיקער כאָטש ער ציגט אויך אַרויס זייער אַ סך פאַרשטענדניש פאַר די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון און שטרעמונגען און פאַרשטענדע־ניש און גרויסע ליבשאַפט פאַר ליטעראַטור און שרייבער. ער טראָגט קיינמאָל ניט אַרויס קיין לייכטזיניקע קריטישע אורטיילן. און ער האָט אַ סך מוט אַרויסצוטרעטן אָן מורא קעגן אָנגענומענע סברות, שלאָגן זיך פאַר זיינע איבערצייגונגען. ער האָט אַ היציקן טעמפּעראַמענט אָבער זיין היציקייט אָון שטורמישקייט ווערן בשעת ער זעצט זיך אַוועק שרייבן אָפּגעקילט און געלייטערט פון קריטישן ישוב־הדעת, פון זיין שרייבערי־שער פאַראַנטוואָרטלעכקייט; זיין מעטאָד איז: אָפּגעהיט וועגן און מעסטן און אַנאַליזירן און זיין אָפּגעהיט מיט יעדן וואָרט. איך האָב קיין מאָל אָדער נאָר אין גאָר זעלטענע פאַלן געפונען, אַז איך בין ניט מסכים מיט זיינע אָפּשאַצונגען, כאָטש מיר פערזענלעך זיינען ניט שטאַרק צום האַרצן,

ווי כ׳האָב שוין באַמערקט זיין אָפּט צעצויגענער דרוש און פּלפּול און אויסטייטשונג.

דאָס, קען מען זאָגן, איז אַ פּראָפעסיאָנעלע חולאת וואָס קיין שום מיט־גליד פון דעם קריטיקער צעך קען זיך פון איר ניט אויסהיטן און די סאַמע גרעסטע ווערן באַפאַלן פון דער חולאת אַ סך מער ווי די קלענערע.

דערפאַר דאַרף מען טאַבאַטשניקן געבן אַ פול מעסטל מיט לויב פאַר זיין געוואַגטקייט, פאַר זיין ניט שרעקן זיך אַרויסצוקומען קעגן אָנגענומענע מיינונגען און אָנערקענטע גדולים.

טאַבאַטשניק האָט אין זיינע קריטיקן גערעדט אָפענע דיבורים וועגן אַזוינע באַרימטע שרייבער ווי אָפּאַטאָשו, יהואָש און אַנדערע. אין זיין קריטיק וועגן אָפּאַטאָשון און בפרט וועגן זיין „טאָג אין רעגענסבורג״, וואָס האָט אַרויסגערופן באַגייסטערטע שבחים און וואָס איז ביז היינט אָנגענומען ווי אַ גרויסער אויפטו אַפילו פון קנאַפּע פאַרערער פון אָפּאַטאָשוס אַנדערע ווערק, האָט טאַבאַטשניק שאַרף און קלאָר אויפגעדעקט די פוסטקייט פון דעם גאַנצן ווערק, זיך אָפּגעשטעלט בפרט אויף דער באַנאַלקייט פון אָפּאַטאָשוס אַלע פרויען־קרעאַציעס און דער גאַנצער מעכאַנישער ניט קרעאַטיווער טראַפאַרעטנער אַרבעט אין אַלע אָפּאַטאָשוס שאַפונגען. ס׳איז געווען אַ גרויסע געוואַגטקייט אַזוי שאַרף אַרויסצוקומען קעגן אַזאַ ליטעראַרישן גדול ווי אָפּאַטאָשו איז געווען. אַפילו ש. ניגער האָט ניט געוואַגט אַזוי שאַרף און אָפן אַרויסצוקומען קעגן אַזאַ מאַכט ווי אָפּאַטאָשו און זיך איינגעהאַלטן, ערשט נאָך אָפּאַטאָשוס טויט עס געטאָן. טאַבאַטשניק איז ניט געווען קיין שרעקעוודיקער. ער האָט געזאָגט שאַרף און אָפן וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן. ער האָט אויך גערעדט שאַרפע דיבורים אין זיין קריטישער צעגלידערונג פון יהואשעס ווערק. און כאָטש ראַבאָי איז איינער פון זיינע פאַרערטע שרייבער, פון וועמען ער רעדט מיט ליבשאַפט, צייגט ער קלאָר אָן אויף זיינע דערציילערישע שוואַכקייטן.

טאַבאַטשניק קומט איצט זייער זעלטן אַרויס מיט אַ נייער אַרבעט. ס׳איז אַ גרויסער שאָד!

עפּעס אַ קללה הויערט איבער דעם ייִנגערן דור שרייבער אין אַמעריקע וואָס נעמט אָפּ די כוחות און ווילן צו ווייטערער אַרבעט.

# בעריש ווײַנשטיין

בעריש ווײַנשטיינס ערשט לידער בוך „ברוכוואַרג" איז געווען אַ בפירושער אָנזאָג אַז עמיץ קומט, ווי משה נאַדיר האָט געשריבן. יעדער גוטער לייענער האָט גלייך דערפילט, אַז ס'איז געקומען אַ נייער דיכטער וואָס גייט ניט מיטן אויסגעטראָטענעם וועג פון אַנדערע דיכטער ווי עס טוען אַפילו טאַלאַנטירטע אָנהייבער וואָס האָבן זיך נאָך ניט דערגראָבן צום אייגענעם קוואַל, ביי וועמען די אינספּיראַציע קומט מער פון פּאָעזיע ווי פון לעבן. ווײַנשטיין האָט זיך באַלד אָוועקגעשטעלט זאָגן — וועגן אים קאָן מען ניט זאָגן זינגען — אויף זיין אייגענעם אופן.

„ברוכוואַרג" האָט באַקומען זייער אַ וואַרעמען ברוך־הבא מצד שרייבער, וואָס זיינען בטבע די שאַרפסטע קריטיקער און וואָס זיינען בפרט ביי אונדז קנאַפּע מכניס־אורחים פון ניי־געקומענע. מען האָט ניט געקאָנט זיך מאַכן ניט זעענדיק אַז ס'איז געקומען אַ פּרימיטיוער, קרעפטיקער טאַלאַנט מיט אַ פריש אויג און אייגענע רייד. ער זינדיקט טאַקע קעגן אָנגענומענע פּאָעטישע סטאַנדאַרדן; זיינע האַרטע לאַנגע שורות פאַלן שווער אויף אויערן צוגעוואוינטע צו אַן איידעלער מוזיק, אָבער זייער כוח קאָן מען ניט אָפּלייקענען. (ווײַנשטיינס „ברוכוואַרג" ווערט עד היום פון אַ סך שרייבער באַטראַכט ווי זיין בעסט בוך אַזוי ווי חיים גראַדעס ערשט בוך „יאָ". נעמט זיך דאָס אפשר דערפון וואָס דער ערשטער אַרויסטריט פון אַ נייעם טאַלאַנט לאָזט איבער אַזאַ גרויסן דויערנדיקן רושם?).

נאָך ווײַנשטיינס ערשטן בוך זיינען געקומען אַ סך לידער, פּאָעמעס, און צוויי גרויס־פאַרנעמיקע ביכער: „ריישע" און „אַמעריקע". ווײַנשטיין איז אַ דיכטער מיט אַ סך שעפערישער ענערגיע וואָס דאַרף אַ גרעסערן שטח אויסצופאַרעמען די וועלט אַרום זיך און זיך אַליין אין איר. ער איז גאָר אַנדערש פון די מוזיקאַלישע זינגעוודיקע דיכטער, פון די עסטעטישע וואָרט און גראַם שמידן. ער באַלאַנגט צו דער דיכטער גענעראַציע פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה וואָס איז געקומען מיט פשוטע און ניט געהובלטע רייד, גראָבע רייד, אָנקלאָגן, אַרויסשרייען זייער צער און צאָרן און פּראָטעסט. ער איז אַ גייסטיקער ברודער פון

**דער „כאַליאַסטרע" וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ סך פריש קרעפטיק בלוט אין דער יידישער פּאָעזיע.**

וויינשטיין האָט פון זיין ערשטן טראָט פאַרחידושט מיט דער שאַרפ־קייט פון זיין חוש־הראיה אַזוי ווי זיין אויג וואָלט געווען שאַרפער, געזען מער, אָדער ווי ער וואָלט פון אַלע דעטאַלן וואָס שטעלן זיך אָפּ אויפן אויג־הייטל געוואוסט ווי צו פאַרפעסטיקן אַ באַדייטפול, געליי־טערט בילד־זעאונג. און זיין בילד־זעאונג איז ניט אינטעלעקטועל, נאָר פאַרבלייבט שאַרף־סענזאָריעל, רוי־חושימדיק, גרודיק, ווי די ערד וואָלט נאָך אויף איר געקלעפּט. ס'איז מער ווי די קראַפט פון אויג. מיר באַקומען — וואָלט איך געזאָגט — די פולע רעאַלקייט פון חומר ווי אַ מעטאַפיזישן יש. די אַנטי־אינטעלעקטועלע חושימדיקע זעאונג האָט וויינשטיין בשותפות מיט אַ סך פון דעם נאָך־מלחמהדיקן דור שרייבער, בשותפות מיט זיינע גאַליציאַנער לאַנדסלייט, דעם פרי פאַרשטאָרבענעם קרעפטיקן פּאָעט, אבא שטאָלצענבערג, דעם גרויסאַרטיקן דערציילער א. מ. פוקס און אַ סך אַנדערע יידישע און ניט־יידישע שרייבער וואָס זייער פסיכיק האָט זיך פאַרמירט אין דער לופט פון די בלוטיקע שלאַכט־פעלדער.

אויף וויינשטיינען וואָס איז אויסגעוואקסן אין אַ חסידישער שטוב, אין אַ טיף פאַרוואָרצלטן יידישן דורותדיקן לעבנס־שטייגער, האָט זיין גאַליציאַנער היים אַוועקגעלייגט אַן אומפאַרגעסלעכן חותם. ער האָט אויף אייביק אַריינגענומען אין זיך דעם צער און דערהויבונג פון יידישן לעבן, די שיינקייט אַ מעלאַנכאָלישן אומעט פון דער גאַליציאַנער ערד (שקיעה ליכט מיט דער מיסטישער פאַרשטילטקייט און טרויער איז איינער פון די אָפּטסטע מאָטיוון פון זיין ליד); ער האָט געפילט דעם צער און די שפלות פון שווערן אָרעמאַנסקען לעבן פון ייד און ניט־איד; מיטגעלעבט מיטן לעבן פון די יונגע פון דער „וואָליע"; דורכגעלעבט די גרוילן פון די מלחמה יאָרן וואָס האָבן געבראַכט אַזוי פיל חורבן און פאַרוויסטונג אויף דער וועלט און בפרט אויף דער יידישער וועלט.

ווי גרויס האָט געמוזט זיין זיין צער, אַז דער אַזוי טיף יידישער דיכטער שרייט אויס צו גאָט (דעם יידישן גאָט וואָס האָט געשוועבט איבער די דעכער פון יידישן שטעטל) מיט ייִנגלישן בראַוואַדאָ:

„ווּעסט שטאַרבן גאָט אומעטום און ס'וועט צוזאַמענברעכן די קדושה דיינע, די געוועלטיקונג פון של־יד דיינעם, ווּעסט שטאַרבן גאָט אומעטום, אויף איטלעכן וועג; ווּעסט שטאַרבן גאָט!!".

ווען וויינשטיין איז פאַרוואָרפן געוואָרן אין אַמעריקע האָט געליב־דערט דעם צער פון „פאַרבענקטן גרינעם ייִנגל" (וואָס ער באַשרייבט

אין בוך „אַמעריקע״) דעם קינסטלערס דורשטיק אויג וואָס גאַרט אויפ־נעמען און איינצובייסן דאָס נייע לעבן, אַנצוזעטיקן די חושים אין אייביקן חומר פון לעבן. אויך דאָ אַפּעלירט צו אים קודם־כּל דאָס פּרימיטיווע, רוי־ערדישע. ס׳ציט אים צו די פּישערלייט פון שיפּסעד־בעי ווי ס׳האָט אים געצויגן צו די יונגען פון דער „וואָליע״.

די יונגען פון דער „וואָליע״ האָט ער אַזוי באַזונגען:

„יונגען פון דער וואָליע, די שטאַרקסטע אין שטאָט, פּייערדיקע מיט גרויסע גזשיוועס איבער די אויגן, און מיט געזונטע קצבישע פּנימער, אַקסלען וואָס טראָגן געשאָכטענע קעלבער. פון טרייבן קעלבער האָבן זיי האַרטע הענט, פון שינדן נבלות גלאַנצן די קליידער און שמעקן מיט שעכט־הויז, מיט פרישן בלוט, מיט יאַטקע און רויע פליישן״.

די פישער פון שיפּסעד־בעי מאָלט ער אַזוי:

„די קליידער פון זייערע אַקסלען גלאַנצן אַזוי ווי ביי די יונגען פון דער וואָליע — און די הענט זייערע טרוקענען אויך ווי ביי די יונגען פון דער וואָליע — און די פינגער פראָסטיקן אויף שוּוער פון שליאַם און געשוואָלן ווי פיש וואָס שטייען אָפּ אין קעלט״.

אין גאַליצישן דאָרף האָט ער געזען: „שיקסעס אויף די פעלדער שטיין געבויגן אין דער זון — מיט ברוינע בריסט און גראָבע לייווענ־טענע העמדער. קאָסעס שלאָגן מיט היץ אויף באָרוועסע פיס; אויף די שאַרפן בלאָנקעט די זון אַ געשפּאָלטענע... די ערד איז בראַנדיק פון צופיל זון״...

אין שיפּסעד־בעי דערציילט ער: „אין די פּנימער פון פישערקעס היצט בלוט און פלאַמט אויף אין פראָסט פון צעיאָזשעטע פייער טעפּ. סקריפּן געקאָוועטע פורן — אאַז״וו.

וויינשטיין איז אַ פּאָעט מיט אַ גרויסן קינסטלערישן אימפּעט. ס׳איז פאַר אים ניט גענוג די סטאַטישע דעסקריפּטיווע פּאָעמע (וואָס שטייט אַזוי נאָענט צו פּראָזע) וואָס אין איר פאַרפיקסירט ער זיינע חושימדיקע איבערלעבונגען, זיין אַריינלעבן זיך אין דעם אָבסערווירטן ערדיש־פּרימיטיוון לעבן אַרום אים. ער האָט אויך געזען דאָס גאַנצע טראַגי־קאָמיש בילד פון דעם אימיגראַנטישן יידישן דור אין דער נייער, משונה־פרעמדער וועלט; געזען און געפילט זיין פאַרלוירענקייט, באַדנ־לאָזיקייט, זיין יסורימדיק איינבערעכן זיך און אומוואַנדלונג אין דעם גוואַלדיק שווערן פּראָצעס פון איינתּושבן זיך, פון צופּאַסן זיך צו אַ נייעם לעבנס־שטייגער.

ס׳איז אַ ריזיקער פאַרמעסט פאַר אַ שרייבער דאָס קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן. אפשר איז עס נאָך צו פרי צו קאָנען עס טאָן. אַלע

אונדזערע שרייבער האָבן איבער דער טעמע געאַרבעט, איינער מיט מער, אַן אַנדערער מיט ווייניקער דערפֿאָלג. דער קינסטלער, דאַכט זיך, שטייט נאָך אַליין צו נאָענט צום פּראָצעס, ער זאָל אים קאָנען אויסמאָלן פֿון דער נייטיקער דיסטאַנץ, מיט דער געהעריקער קינסטלערישער אָביעקטיוויטעט. די גרויסע טעמע וואַרט נאָך אויף איר באַלזאַק אָדער דאַנטע.

ווײַנשטיין, אויסגעוואָרצלט פֿון דער היימישער ערד, פֿון זײַן יידישער היים, האָט אַרומגעשפּאַנט אַ סך יאָרן איבער דער נײַער ערד מיט אומזיכערע טריט. פֿאַר אַ טיף־פֿילנדיקן דיכטער איז דאָס נאָך מער ווי פֿאַרן פּשוטן מענטש פֿאַרבונדן מיט שווערע טראַגישע איבערלעבונגען.

ווײַנשטיין האָט דעם יסורימפֿולן וועג פֿון אימיגראַנטישן דור — און זיך אַליין בתוכם — אונדז געגעבן אין זײַן לעצט בוך „אַמעריקע". די נעמען פֿון די קאַפּיטלען אין בוך דערציילן די געשיכטע. „דאָס גרינע יינגל", „רידזש און פּיט", „פֿאַרלוירענע שבטים", „ביטערע קרייטעכער", „יענע טעג", „אַ שנירל ליכט"; זיי זײַנען די „מייל־שטיינער" פֿון דעם שרייבערס וועג אין אַמעריקע, וואָס אויף אים פֿירט ער אונדז פֿאַרבײַ.

ווײַנשטיין טוט נאָך עפּעס וואָס אונדזערע שרייבער פֿאַר אים האָבן זעלטן ווען געטאָן. ער זוכט אַ וועג צו אַמעריקע. ער וויל ניט פֿאַרבלײַבן דער פֿרעמדער, דער אייביקער על נהרות קלאָגער. ער וויל געפֿינען פֿעסטע ערד אונטער זײַנע פֿיס אין דער נײַער היים. ער וויל ווערן אַן אייגענער דאָ, דערפֿילן די ערד דאָ, איר געשיכטע, אירע מענטשן. ער איז ניט געבליבן (און וויל ניט בלײַבן) רק אין „פּיט און רידזש" און ניט „דאָרטן" אָדער אין „יענע טעג". ער וויל ניט זײַן קיין פֿרעמדער. אַמעריקע איז זײַן לאַנד. וואָס פֿאַר אַ יידישער פּאָעט (אָדער פּראָזאַאיקער) האָט באַזונגען לינקאָלן אָדער געטיסבורג ווי עס טוט ווײַנשטיין!

און ווײַנשטיין איז ניט פֿון די שרייבער מיט וואַנדערבלוט אין די אָדערן, וואָס ס'איז זיי לייכט אַריבערצוטראָגן די טשעמאָדאַנעס פֿון איין פּלאַץ אין אַנדערן. ער איז צו טיף יידיש און צו עמאָציאָנעל דערפֿאַר. אין בוך „ריישע" האָט ער זיך געזעגנט מיט זײַן יוגנטלעכער וועלט, וואָס נאָך איר האָט ער געבענקט און וועט אייביק בענקען; „גאָט, פֿאַרוואָס לאָזטו דאָס יינגל בענקען, פֿאַרנאַכט, פֿאַרוואָס לאָזטו אים זײַן אַזוי טרויעריק פֿאַרנאַכט? פֿרעגט ער.

ער האָט זיך געזעגנט מיט זײַן יידישער היים — ריישע — „שטאָט פֿון גרויסע ראַביאַישע הייף, פֿון חסידישן אַטלאָס, פֿון ברייטן זייד, פֿון באָבעס אין הויבן און שטערנטיכער, מאַמעס אין שייטלען, אין לאַנגע קליידער, יידן דאָרפֿישע, יידן שטאָטישע, יידן אַטלאָסענע".

ווי טיף איז וויינשטיינס געפיל צו זיין יידישער היים!

„ביסט פאַרהייליקט, ריישע, מיט אונדזערע זיידעס;
אויף דיין ערד בליען מצבות פון יידישע דורות;
אין אַלע דיינע שבת פענצטער ברענען ליכט
פון אונדזערע באָבעס ציטריק געצונדן".

אין זיין בוך „ריישע" מאָלט וויינשטיין אויס אויף אַ ברייטן לייוונט אַ יידישע שטאָט מיט אַ פאַרוואָרצלט יידיש לעבן וואָס האָט געפורעמט און געשטאַלטיקט דורות יידן, געפורעמט זייער דרויסנדיקן אויסזען און זייער אינעווייניקסטן מהות. ער מאָלט „אַ שטאָט מיט יידן" — די וואַרעמע יידישע היים, דעם יידישן מסחר, די יידישע גייסטיקייט; פשוטע יידן און אַטלאַסענע יידן און הייליגע געשטאַלטן אין וועמען עס לעבט דער נצח ישראל. די ריישער אין וואָכעדיקן מסחר פאַרטוענע יידן וואַקסן ביי אים אויס צו מיסטעריעזע חומש יידן — וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט דער תורה איבער דער וועלט.

„פון שקיעה ווערט דאָס פעלד געל ווי מדבר. גיט אים דעם שטעקן, דעם שטיין פון אַמאָל ר׳זאָל ווי משה רבנו קאָנען וואַסער שלאָגן. ר׳איז דער ייד פון שטענדיקער סכנות נפשות. ווייט און לבנהדיק ציט איבער אים דער הימל".

אין זיין בוך „אַמעריקע" ציט דער שטאַרק עמאָציאָנעלער דיכטער וויטער די אויטאָביאָגראַפיע פון ריישער יינגל:

ווי די צוויי שטילע הענט פון דער מאַמען
פון אירע בענטש־ליכט איבער די פלאַמען,
האָט דאָס יינגל געלאָזט זיך איבער ווייטע ימען.

און ער ענדיקט:

ס׳האַרץ בענקט נאָך אַלץ.

דאָס איז דער רעפרעין וואָס חזרט זיך אַ סך מאָל איבער אָן אַרויס־געזאָגטער אָדער ניט...

„פאַרוואָס זאָל דאָס יינגל ניט טרויריק זיין אין ריווינגטאָן סטריט? צוליב וואָס נאַריש יינגל האָסטו די היים, די משפחות, די חברים פאַר־לאָזט"? פרעגט ער. ווערט אים לייכטער ווען ער באַגעגנט אַ מענטשן פון דער היים, אַ מענטשן פון דער ווייטער היימישער שטאָט. ער זוכט:

„אַ געזיכט וואָס דערמאָנט אין זיידענס באָרד אין אַ פאַרבאַכט פון צעהיצטע יידן אין אַ ראָד". וויינשטיין וויקלט פאַר אונדז אויף אין „אַמע־ריקע" די פיינפולע מגולה פון זיינע גרינע יאָרן וואָס איז עלול אין אונדז אַלע געוועזענע „גרינע יינגלעך" אַרויסצורופן דערמאָנונגען אין

פארגעסענע איבערלעבונגען און אין די עמאָציאָנעלערע פון אונדז אַרויס־רייסן אַ טרער, אַ טרויעריקן שמייכל. ווײַנשטיין איז אַליין אַזוי איבער־וועלטיקט געוואָרן פון דער שפע זכרונות, אַז אַנשטאָט אויספורעמען פון זיי געקליבענע אימאַגיניטיוו איבערגעשאַפענע בילדער־פּאָעמעס, איז ער אַריינגעפאַלן אין דעטאַלירטן לעבנס־געטרייען נאַראַטיוו. די שורה איז דאָ ניט די לאַנגע, שווער אַנגעלאָדענע, זי איז, אַן איילִיקע, אַ לייכטע, אַ זינגעוודיקע. איז דאָס געשען אונטער דער ווירקונג פון דעם האַסטיקערן אַמעריקאַנער לעבנס־טעמפּאָ? אָדער האָט זיך דעם פּאָעטס געמיט אויפגעהייטערט? ניין, ס׳איז אַ טרויעריק בוך פון אַן עלעגישן מקונן פון אַ „פאַרבענקט ייִנגל״ ווייט פון דער היים. גאָר עפּעס אַנדערש איז די סיבה פון דעם נייעם ריטם און נוסח. ס׳איז ליטעראַ־רישער אַטאַוויזם, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן. עס האָט זיך ווי אַן ענטפער אויף דער פרעמדקייט און דער בענקשאַפט וואָס ס׳„ייִנגל״ האָט געפילט ביי ווײַנשטיינען אָפּגערופן דער אַלטער טייטש־חומש נוסח און ריטם. לייענענדיק קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל די טרויעריקע מגילת אַמעריקע האָב איך דערהערט דעם אָפּקלאַנג פון טייטש־חומש מעלאָדיע. אונ־טערבאַוואוסטזיניק האָט זיך דער דיכטער אָפּגעקערט פון דער פרעמד־קייט פון אַמעריקע צום טייטש־חומש, ווי אַנצואוואַרעמען זיך. פרויד־יאַניש וואָלט מען עס געקענט אָנרופן רעטראָגרעסיע צו דער וואַרעמער באַשיצטער ייִנגל־צייט. דער פּאָעט האָט זיך דערמיט קיין טובה ניט געטאָן. אַנשטאָט באַוואוסטזיניק, מיושבדיק צו זוכן די פּאַסיקע פּאָעטישע פאָרעם פאַר די איבערלעבונגען פון „גרינעם ייִנגל״ דאָ, פאַרפּיעשטשעט ער אים, לאָזט אים אויסגיסן זיך ס׳האַרץ פאַר אונדז.

ווײַנשטיין האָט אין זיינע צוויי אויטאָביאָגראַפישע ביכער: „ריישע״ און „אַמעריקע״ געמאָלן זיך אין דער געשטאַלט פון „קינסטלער ווי אַ יונגלינג״, אָבער אַנשטאָט צו שטיין פון דער ווייטנס האָט זיך דער קינסטלער צופיל אידענטיפיצירט (בפרט אין אַמעריקע) מיטן „ייִנגל״ — ביז צו סענטימענטאַלער קרעכצעריי און אַ סך ריידעריי.

ווײַנשטיין איז שוין לאַנג אַוועק פון זיין ייִנגלישער פעריאָדע און דאָרט וואו ער באַווייזט זיך פאַר אונדז אין דער געשטאַלט פון אַ דער־וואַקסענעם מאַן און אַ באַוואוסטזיניקן קינסטלער קריגן מיר טיף־דורכגעפילטע, פּאָעטיש־אַנגעגליטע, ניט־סענטימענטאַלע „ייִנגל״־שורות. ווען ער לאָזט איבער אין בוך „אַמעריקע״ ס׳„ייִנגל״ און שרייבט וועגן נעגערס, אָדער די טרעמפּס פון דער באַוערי, אָדער דער אַמעריקאַנער פּרעירי, ווערט זיין שורה וואָגיקער, אָנגעלאָדענער. דער קינסטלער נעמט איבער די לייצעס. זיין יידיש געפיל פאַר יושר מאַכט אים טיף פילן מענטש־

לעכע געפאַלנקייט און די דאַליע פון גערודפטן און אונטערדריקטן. זיינע לידער וועגן נעגערס זיינען צווישן זיינע שטאַרקסטע —

און שורות נעגערס
און שורות באַוול
און שורות הענט
און שורות פיס
און שורות געזאַנג
און שורות געוויין
און רוקן זיך שוואַרץ אין מידן בראַנד אַריין.
אַראָפּ צום מערבדיקן פלאַם גייען זיי
מיט דורכזיכטיק אויפגעהויבענע הענט,
און זייערע פערלמוטערנע אויגן צוויי
האָט אייב אַליין זיך געזען אין זיי.

היוצא לנו מדברינו:

וויינשטיין האָט אַן איינגעבוירענעם טאַלאַנט, דיכטעריש געמיט און אַ סך שעפערישן דראַנג — אָבער דער דיכטער מוז אין טעגלעכער מי מיט שווערע האַרעוואַניע זיפן, לייטערן און אויסשמעלצן זיין מאַטעריאַל, כדי אַרויסצוקריגן ס׳ריינע אַרץ. וויינשטיינען איז ניט באַשערט אַ לייכטער וועג. ס׳איז זיין גורל צו גיין איבער אַ שווערן גרודיקן וועג און זיך אָנשטויסן אויף אַ סך מכשולים און פאַלן אין אַ סך פאַסטקעס.

# ש. איזבאַן

ווען איך האָב געלייענט איזבאַנס ארץ ישראלדיקע דערציילונגען אין זיין בוך „הונדערט טויערן" און אין זיין פריערדיק בוך „רושטע־וואַניעס" האָב איך געטראַכט וועגן דעם מיסטעריעזן עפּעס, וואָס מיר רופן טאַלאַנט. ווי קומט עס אַז אַ פּוילישער ייד, אויסגעוואקסן אין דער פּויליש־יידישער סביבה, זאָל אַזוי גוט קענען מאָלן די אָריענטאַלישע סביבה מיט אירע אייגנאַרטיקע מענטשן, פאַרבן, ריחות, קולות; קאָנען אַזוי עכט און קינסטלעריש געשטאַלטיקן אַ פרעמדן לעבנס שטייגער, אַן אַנדער אופן פילן און טראַכטן און ריידן און ס'זאָל ניט אַרויסקומען אַן אויפגעבלאָזטע אימפּרעסיע פון אַ רייזנדיקן אָבסערוואַטאָר מיט אַן אויג פאַר עקזאָטיק (ווי עס זיינען ס'רוב שאַפונגען פון שרייבער וואָס שרייבן וועגן פרעמדע לענדער) נאָר אַ קינסטלעריש בילד?

איך ווייס ניט ווי לאַנג איזבאַן האָט געלעבט אין ארץ ישראל, אָבער ס'איז איינער פון די אַלגעמיין אָנגענומענע כללים פון ליטע־ראַרישער קונסט אַז כדי אַ שרייבער זאָל קאָנען אויסמאָלן עכט און קינסטלעריש זיינע „העלדן" און זייער סביבה מוזן זיינע וואָרצלען שטעקן טיף אין דער ערד, אין דעם לעבן וואָס ער מאָלט.

איך האָב געקומען טראַכטן: אין דעם פּוילישן ייד, איזבאַן, האָט זיך נאָך צוויי טויזנט יאָר אויפגעוועקט אַ פונק פון דעם מזרח מענטש, דער אָריענטאַל, וואָס איז דורך בלוט און גייסטיקער ירושה פאַרבליבן אין דער יידישער נשמה. ס'איז פאַר מיר באמת געווען אַ וואונדער, ווייל דער עצם פון איזבאַנס „פונק", דאָס עכטסטע און אמתדיקסטע און אָריגינעלסטע אין אים איז — ווי זאָל איך עס דעפינירן? — דאָס געפיל פאַר עקזאָטיק, פאַר פאַנטאַסטיק. ווען איזבאַן וויל זיך האַלטן ביים רעאַליזם וואָס איז היינט די אַלגעמיין אָנגענומענע בעלעטריסטישע אויסדרוק־פאָרעם, איז ער בלאַס, האָט ווייניק אייגנס צו זאָגן, ווערט צומאָל פלאַך, באַנאַל, אָדער פאַלט אַריין אין וואולגאַריזמען אָדער סענ־סאַציאָנאַליזם (די געפאַרן פון רעאַליזם); דערצו איז ער אַ זשורנאַליסט און זשורנאַליזם איז ניט די בעסטע לופט פאַרן קינסטלער צו אָטעמען פאַר אַ לאַנגער צייט.

דערפאַר אָבער אַז איזבאַן קומט מאָלן אַן עקזאָטישע סביבה, אַ לעבנס־שטייגער וואָס זיין כאַראַקטער איז פשוט אויף דער אויבערפלאַך, וואו ס'איז ניט נייטיק זיך צו פאַרטיפן אין דעם אינדיווידועלן, אין גייסטיקע אָדער פסיכאָלאָגישע פּראָצעסן פון באַזונדערע טיפּן אָדער כאַראַקטערן, וואו די קונסט (אָדער קונץ) איז צו מאָלן מיט געדיכטע פאַרבן דאָס אייגנאַרטיקע אויגן־פאַרכאַפּנדיקע בילד, איבערגעבן דעם אַראָמאַט פון אַן אַנדער וועלט, מאַכן אונדז זען דעם טשיקאַוון אונדז פרעמדן מענטשן אין זיין גאַנצער עקזאָטישער פרעמדקייט און הערן זיינע אָריענ־טאַלישע, ווי אַן אָנגעשוואָלענער טייך, פליסנדיק רייד, — איז איזבאַן אַ גוואַלדיקער מאדים. די באַריידעוודיקייט, פאַרביקייט, פאַנטאַסטישקייט פון אָריענט רעגן אָן זיין פאַנטאַזיע און געבן זיין פעדער אימפעט און קראַפט.

דער כוח איזבאַנס צו מאָלן דעם פאַרביקן שפּיל פון עקזאָטישן לעבן און דעם טומל און קאָך פון לעבעדיקן לעבן בכלל האָט צוגעטראָגן די בעסטע זייטלעך אין זיין ראָמאַן „די פאַמיליע קאַרפּ" וואו ער מאָלט באריכות דעם פּראָצעס פון איינבירגערן זיך אין ארץ ישראל פון אַ נייער פאַמיליע עולים.

אויך אין זיינע היסטאָרישע דערציילונגען פון יידישן עבר וואו עס קאָן זיך אויסשפּילן זיין ליבשאַפט צום וויטן פאַרביקן, פאַנטאַסטישן, עקזאָטישן, געלינגט איזבאַנען צו שאַפן די אילוזיע פון אמת דורך אַ צוגעפּאַסטן אַרכאַאישן לשון, דורך אָנהויפן אַ סך דעטאַלן, טאָקע פון ביכער אַרויסגענומענע, אָבער צוליב זיין געפיל פאַר פאַרביק, רוישיק, פּרימיטיוו לעבן נעמען זיי אָטעמען מיט אמתן לעבן. מען דאַרף אָבער זאָגן אַז איזבאַנען געלינגט תמיד בעסער אַרויסצוברענגען פשוטע מגושמדיקע מענטשן, איבערגעבן פּרימיטיווע געפילן, אינסטינקט מענטשן, ווי מענטשן מיט ראַפינירטע פאַרטיפטע גייסטיקע איבערלעבונגען און געפילן, אין טערמינען פון פּסיכאָ־אַנאַליטיק, וואָס איז היינט אַזוי אין דער מאָדע, וואָלט איך געזאָגט אַז ער איז אַן עקסטראַווערט ניט אינטראַ־ווערט. ער קוקט ניט אַריין אין דער טיף, אין דעם „אין־זיך", ער איז אַ שילדערער פון דעם דרויסנדיקן, פון גשמיותדיקן. זיין וועג איז דער אימפּרעסיאָניסטישער רעאַליזם מיט אַ געמיש פון נאַטוראַליזם.

ער איז ניט קיין פוילער. געפינט ער אַפּריער אויס אַן אַ שיעור דעטאַלן וועגן זאַכן וואָס ער דערציילט. אַז ער דערציילט וועגן אַ דאָקטאָר רעדט ער ווי ער וואָלט געלערנט מעדיצין און רעדט ער וועגן סוחרים ווייסט ער אַלץ וועגן מסחר. ער גייט דאָ אין וועג פון די נאַטור־ראַליסטן וואָס האָבן געהאַלטן פון דאָקומענטאַציע, ד. ה. פון געניען

דעטאַלירטן ממש וויסנשאַפטלעכן איבערגעבן אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער סביבה און אַלע טעטיקייטן פון זייערע „העלדן". דאָס איז געווען דער מעטאָד פון אַזעלכע גרויסע שרייבער ווי באַלזאַק און זאָלאַ. באַלזאַק האָט אויך צענדליקער זייטן דערציילט וועגן באַנק געשעפטן און געלט עסקים און זאָלאַ האָט בדעה געהאַט צו מאַכן פון ראָמאַן אַן עקזאַקטע וויסנשאַפטלעכע, סאָציאַל־ביאָלאָגישע פאָרשונגס־אַרבעטן וועגן פאַמיליעס און דורות.

ווייניק היינטיקע רעאַליסטן, סיי ביי אונדז סיי אין דער וועלט ליטעראַטור גייען אין דעם וועג. ס'פאָדערט זיך אַ גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע קראַפט, גרויס וויזיע וואָס זאָל פאַרשמעלצן אַ גרויסע מאַסע דעטאַלן אין אַן אָרגאַנישער גאַנצקייט, זיי זאָלן ניט בלייבן נוצלאָזער באַלאַסט, מער אַן עדות פון דעם שרייבערס התמדה אָדער לומדות ווי פון זיינע קרעאַטיווע כוחות.

דאָס לעצטע בוך דערציילונגען איזבאַנס „אַ שטאָט פון צאָרן" ווי ער רופט ניו יאָרק, האָט פאַר מיר באַשטעטיקט אַלץ וואָס כ'האָב פריער געטראַכט וועגן שרייבער. ער איז דער איינציקער יידישער שרייבער — ווי ווייט איך ווייס — וואָס האָט ניט גענומען קוקן אויף ניו יאָרק ווי אַ המשך פון יעהופעץ. איזבאַן איז געווען דערשטוינט און געפּלעפט פון דעם מאָדערנעם קאָלאָס ניו יאָרק, אַ סימבאָל פון אַ גאָר אַנדער וועלט — אין יעדן זין — ווי ס'איז געווען דאָס היימישע שטעטל. זיין חוש פאַר עקזאָטיק, פאַר פאַנטאַסטיק האָט געפונען דאָ אַ רייכן באָדן. ער האָט דערזען דעם נייעם בבל, די ערבוביה פון פעלקער און לשונות. איזבאַן דערציילט אין דעם בוך ניו יאָרקער דערציילונגען פון דער עקזאָטיק פון ניו יאָרק, פון דעם „באַגדאַד ביים האָדסאָן".

ווי א. העברי, אַ שרייבער פאַר וועמען ניו יאָרק איז אויך געווען אַ וואונדערלעכע מאַגישע שטאָט וואו אַלץ קאָן געשען, אַ שטאָט וואָס מ'קאָן וועגן איר שפינען שטוינענדיקע מעשיות ווי פון טויזנט און איין נאַכט. דערציילט אונדז איזבאַן שטוינענדיקע וואונדער געשיכטעס וועגן ניו יאָרק, וועגן דייטשן, איטאַליענער, שוואַרצע און וועגן משונהדיקע פּאַסירונגען. ער דערציילט געשיכטעס וועגן באַגעגענישן פון אַ מיליאָנער מיט אַן אָרעמער פאַרקויפערין פון אַ פינף און צען סענט געשעפט, פון גענגסטערס און זייערע מיידלעך און אַ שטוינענדיקע געשיכטע פון אַ פאַרזוך אַרויסצוגנבענען לינקאָלנס ביינער.

איזבאַנס ליבע צו עקזאָטיק האָט זיך צעשפּילט אַזוי, אַז ער האָט פאַרגעסן אין די שטריק וואָס מוזן תמיד דעם שרייבער בינדן צום נאָפּל פון דערווירקלעכקייט, צום אַזוי גערופענעם רעאַלן לעבן. הערט זיך

צו צו די נעמען פון עטלעכע פון די דערציילונגען און איר וועט זען ווי די וואונדער־שטאָט ניו יאָרק האָט באַרוישט די פאַנטאַזיע פון שרייבער: אַ „וואונדער־פאַל", „דער טעפּיך פון מזלות", „זעכצן יורשים" — אַ געשיכטע פון כינעזער אין כינעזישן קוואַרטאַל.

די דערציילונגען וואו איזבאַן האַלט זיך ביי די פאַלעס פון דערווירקלעכקייט, וואו ער איז אַ רעאַליסט, ניט קיין שפּינער פון אויס־געטראַכטע געשיכטעס, ווי „דער דאָקטאָר וויליאַמסבורג" און „די שטאָט פון צאָרן" זיינען קינסטלעריש די געלונגענסטע.

אין ראָמאַן „די שפּעטע יורשים", אַ ראָמאַן פון דער יידישער ניו־יאָרק, האָט שוין דער שרייבער אויסגעטשוכעט זיך אַביסל פון זיין פאַר־גאַפטקייט און דערשטוינטקייט איבער דער נסימדיקייט פון דעם מאָ־דערנעם בבל, דעם שמעלץ־טאָפּ פון פעלקער און לשונות און גענומען זיך צוקוקן צו דער יידישער ניו־יאָרק, דער גרעסטער יידישער שטאָט אין דער וועלט.

אין דעם ראָמאַן לויפן פאַרביי אין אַ קאַלעידאָסקאָפּישן געלאַף יידישע טיפּן פון יעדן מין, טשיקאַווע געשעענישן, אינטערעסאַנטע סצענקעס, גיך, גיך, לויזלעך פאַרקניפּט. כאָטש דער שרייבער מאָלט אַלץ קלאָר, רעאַליסטיש, שאַפט זיך פון דעם געלאַף און צוזאַמענשטויס און פּלאָנטער פון די פאַרשיידענע סאָרטן מענטשן און צונויפמיש פון אַלערליי לאָקאַלן און סביבות פון דער ריזיקער גרויס־שטאָט אַ פאַרביק גראָטעסקער געמעל. ס'איז ניט קיין פאָרטרעט אָדער שטודיע פון צוזאַמענשפּיל פון אַ צאָל כאַראַקטערן, אָדער אַן אָפּגעשלאָסענעם קאָלעקטיוו אין וועלכן דער שרייבער האָט זיך אַריינגעלעבט, אים איבערגעשאַפן אין געמיט, פאַרהויכט מיט דער מוזיק פון זיין אינערלעכער וועלט. ניין, ס'איז ניט אַן אינטימער פאָרטרעט אָדער שטודיע וואָס באַמיט זיך אַרויס־צוברענגען דעם אינדיוויד, מיט זיינע נשמה געראַנגלען — מיט זיך, מיט דער סביבה, פאַרהילט מיט עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקייט וואָס וויקלט אַרום די מענטשן, די אַקציע. ניין, דער סאָרט ראָמאַן איז דער פּראָדוקט פון געמיטלעכן לעבן פון דער צייט ערב די וועלט־מלחמות. דאָס לעבן איז געוואָרן אַנדערש. דער אינדיווידועל גייט אונטער אין די רוישיקע כוואַליעס פון דער מאָדערנער גרויס־שטאָט. דער מענטש ווערט געטריבן און געשטופּט און געוואָרפן ווי אַ שפּענדיל פון לעבן וואָס קאָכט אַרום אים.

איזבאַנס ראָמאַן האָט מיך מיט דעם פילם־אַרטיקן געלאַף פון סצע־נעס, בילדער, מענטשן געשעענישן דערמאָנט אין דעם ראָמאַן וועגן ניו יאָרק פון דעם באַרימטן אַמעריקאַנער שרייבער דאָס־פּאַסאָס, „פּאַרטי־

סעקאָנד סטריט —פּאַראַלעל״, וואָס האָט געפּרואווט איבערגעבן ס׳ניו־יאָרקער לעבן דורך אַ גרויסער מאַסע פון קאַלעידאָסקאָפּיש זיך שנעל באַוועגנדיקע סצענקעס און בילדלעך.

אָבער ביי דאָס־פּאַסאָסן איז דאָס געווען אַ באַוואוסטזיניקער, אויס־געדעכנטער ליטעראַרישער מעטאָד. איזבאַנס ראָמאַן איז געשריבן מיטן געוויינטלעכן רעאַליסטישן דערציילמעטאָד. אָבער אַפּנים ס׳ניו יאָרקער לעבן האָט אויף אים ווי אַרויפגעוואָרפן דעם קאַלעידאָסקאָפּישן צוגאַנג, דעם כסדרדיקן געלאַף פון איין סצענע צו דער אַנדערער, דעם געלאַף צו אַלערליי טשיקאַווע ווינקעלעך, גראָטעסקע מענטשן, טשיקאַווע פּלאַנ־טערס.

און אַפילו אין ניו יאָרק קאָן זיך דער „אָריענטאַל״ אין איזבאַנען ניט באַפרייען פון לאָזן זיינע מענטשן שיטן מיט קלוגע עפּיגראַמען, ווערטלעך, חכמות, וואָס איז גאָרניט אין כאַראַקטער פון די מענטשן. דאָס מאַכט דאָס גאַנצע נאָך גראָטעסקער.

איזבאַן איז פון דעם נייעם שבט שרייבער וואָס איז אויפגעקומען ביי אונדז ווען דאָס יידישע וואַנדער־לעבן האָט באַשאַנקען מיט קאָס־מאָפּאָליטישער פּסיכיק, שרייבער וואָס זיינען ניט שטאַרק צוגעבונדן צו דער ערד פון וועלכן זיי שטאַמען. ביי די דאָזיקע שרייבער איז דער מאָטאָר וואָס באַוועגט זייערע שאַפונגס־כוחות, די פאַנטאַזיע. זיי ווערן גיך פאַרכאַפּט פון דעם נייעם, פרעמדן, טשיקאַוון. זיי באַמייסטערן גיך פרעמדע סביבות. דער יידישער בעלעטריסטיק וואָס איר טעמאַטיק האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגעשפּאַרט אין יידישן שטעטל און אין זיין לעבנס שטייגער וועט צוקומען געזונט פון דער נייער טעמאַטיק. זי וועט באַ־רייכערט ווערן פון נייע לאַנדשאַפטן, פאַרשיידנאַרטיקע סביבות און נייעם טיפּאַזש. אונדזער אויסגעצערטע פּראָזע ליטעראַטור נויטיקט זיך ווי ס׳לעבן אין פרישע זאַפטן.

# ח. אײַלטי

אײַלטיס ערשטלינג־ראָמאַן „טאַטע און זון״ (אַרויס אין 1943), וואָס האָט דעם יונגן שרײַבערס נאָמען באַקאַנט געמאַכט אין ייִדיש־לאַנד, שילדערט פּאַריז ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און בשעת דער היטלער־אָקופּאַציע. דער שרײַבער, וואָס איז — ווי איך שטויס זיך אָן, — אַליין געווען אַן עד־ראיה פֿון יענע שטורעמדיק־טראַגישע טעג, לאָזט זיך פֿון זיי ניט אַרײַנשלעפּן אין היסטעריקע אָדער מעלאָדראַמע. ער דערציילט געלאַסן, מיט ישוב הדעת, ווי די גורלדיקע געשעענישן פֿורעמען זיך, וואַקסן, אומפֿאַרמײַדלעך, בהדרגהדיק, ביז צום טראַגישן פֿינאַל. מיר קריגן אַ לעבנס־בילד געמאָלט מיט אַ סך קרעאַטיווער פֿאַנטאַזיע.

ס׳איז אָנגענומען צו זאָגן, אַז דער ראָמאַניסט מאָלט ס׳לעבן אָדער שפּיגלט אָפּ ס׳לעבן. דאָס איז ניט מער ווי אַ פּאָעטישער מעטאַפֿאָר. כ׳האָב ערגעץ געלייענט, אַז דער ענגלישער פּאָעט און קריטיקער, מעטיו אַרנאָלד, האָט פֿון התפּעלות נאָכן איבערלייענען טאָלסטאָיס „אַנאַ קאַרענינאַ״ אויסגעשריגן:

— דאָס איז ניט קיין ליטעראַריש ווערק... דאָס איז ס׳לעבן אַליין...

ס׳רעדט זיך אַזוי ס׳לעבן אַליין! ווען מ׳קוועטשט אים אַ ביסל צו וואָלט מעטיו אַרנאָלד אַוודאי צוגעגעבן: ס׳לעבן אַליין געזען דורך די אויגן פֿון אַזאַ גרויסן שרײַבער ווי טאָלסטאָי...

ווען ס׳לעבן אַליין באַווײַזט דורך עפּעס אַ קונציקער מאַשין זיך אָפּצומאָלן אָדער אָפּצושפּיגלען וואָלטן מיר באַקומען אַ משונהדיק־כאַאָטיש זינלאָזע פֿאַנטאַסמאַגאָריע. דער ראָמאַניסט בויט אַ בנין ווי אַן אַרכיטעקט. די מאַטעריאַלן נעמט ער טאַקע פֿון לעבן אָבער וואָס מער „אויסגעטראַכט״ און ווײניקער „פֿון לעבן גענומען״ אַלץ בעסער.

אײַלטי האָט דעם פּאַרנעם און די געניטקייט אויסצופּלאַנירן און אויפֿצובויען אַ גרעסערן נאָוועליסטישן בנין. איך וואָלט אַפֿילו געזאָגט, אַז זײַן טאַלאַנט קומט בולטער אַפֿיר אין זײַנע ראָמאַנען ווי אין זײַנע קורצע דערציילונגען. זײַנע דערציילונגען פֿאַרפֿלאַכט ער אָפּטמאָל מיט זשורנאַליסטישע אײַנפֿאַלן, מיט איבערפֿלעכלעכן הומאָר, מיט סאַטירע וואָס דערקײַקלט זיך ביז צו בורלעסק, ווי אין זײַן דערציילונג „מעמאַ־

ראַנדום פון ל״ו". ער דערציילט דאָרט ווי די ל״ו צדיקים גייען מיט אַ מעמאָראַנדום צום רבונו של עולם פאַרוואָס ער האָט געלאָזט אויסמאָרדן זעקס מיליאָן יידן, אָבער זיי טרעפן ניט דעם כביכול אין דער היים און מען הייסט זיי וואַרטן אַ רגע. ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ רגע איז דאָרט אויבן ווי טויזנט יאָר...

אויך די אַנדערע דערציילונגען פון איאַלטיס בוך „דער טשעק אין דער אייביקייט" ליידן פון זשורנאַליסטישן צוגאַנג, פון כאַפּעדיקייט, פון לייכטן גליטשן זיך איבער דער טעמע.

מ'פילט אַ פאַרדרוס אויפן שרייבער וואָס האָט ניט פאַרטיפט טייערן דערציילערישן מאַטעריאַל, ניט דורכגעזיפּט, איבערגעקאָכט דעם רויען שטאָף וואָס זיין שאַרף אָבסערווירנדיק אויג און פלינקע אינטעליגענץ האָבן אים צוגעטראָגן. עס לייענט זיך געשמאַק אָבער ס'איז צו לייכט אין וואָג.

„דער שטאָף געווינט ערשט זיין ווערט דורך קינסטלערישער געשטאַלטונג", זאָגט ערגיץ היינע.

מערקווירדיק — דווקא אין ראָמאַן, וואָס פאָדערט פון שרייבער אַ סך מער אַרבעט, מער מיושבדיקייט, גרעסערן פאַרנעם און אויסדויער, געלינגט דעם קוועקזילבערדיקן קאָכיקן איאַלטין איינצוזאַמען זיין צעיאָגטע דערציילערישע מוזע און ווערן אַן אויסגערעכנטער, קלוגער בוימייסטער, וואָס מוז האַלטן דעם פּלאַן פון זיין בנין כסדר פאַר די אויגן.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען איך רעד פון בוי־אַרבעט, אויסגעפּלאַנירטקייט, מיין איך ניט אויסגערעכנטע, באַוואוסטזיניקע מוח־אַרבעט. אין קינסטלערישער שאַפונג איז דער פונדאַמענט פון גאַנצן בנין די אינספּיראַציע (אַ ניט פּאָפּולער וואָרט היינט־צו־טאָג), שעפערישע אינטואיציע. אַ גרעסערע אָדער קלענערע מאָס באַוואוסטזיניקע מוח־אַרבעט (אין ראָמאַן גאָר אַ גרויסע), איז טאַקע אומפאַרמיידלעך אַפילו זייער נויטיק אָבער צופיל מלאכה, צו פיל שוויס לאָזט זיך פילן.

איך האָב געזאָגט, אַז איאַלטיס טאַלאַנט קומט בולטער אַפיר אין זיינע ראָמאַנען ווי אין זיינע דערציילונגען. דאָס איז אַ זעלטנקייט. אַ גרויסע זעלטנקייט. ס'רוב געשעט פונקט פאַרקערט: גוטע, פּרעכטיקע דערציילער ווערן צרהדיקע ראָמאַניסטן. דאָס געשעט אין אַלע ליטעראַטורן (מאָפּאַסאַן איז אַ גוטער ביישפּיל), אָבער אין אונדזער ליטעראַטור איז דאָס בפרט בולט.

דאָס איז אַן אינטערעסאַנטער ענין פאַר אַ גרויסער שטודיע. היפּאָליט טען האָט געוויזן ווי דער כאַראַקטער פון פאָלק און אַפילו די לאַנדשאַפט, דער קלימאַט און באָדן אויף וועלכן אַ פאָלק לעבט, האָבן אַ ווירַ־

קונג אויף דעם סאָרט ליטעראַטור וואָס אַ פאָלק שאַפט. אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס האָט זיך במשך אַזאַ קורצער צייט אַזוי שטאַרק צעבליט פאַרנעמט דער ראָמאַן די שוואַכסטע פּאָזיציע. פּאָעזיע פאַרנעמט דעם ערשטן פּלאַץ, דערנאָך קומט די דערציילונג, דער ראָמאַן צולעצט. אונדזערע בעסטע פּראָזאַאיקער, שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, י. י. זינגער, זיינען פריער פאַר אַלץ דערציילער אין זייערע ראָמאַנען. מען קען זיך משער זיין וואָס פאַר אַ פּנים עס וואָלט געהאַט אַ ראָמאַן געשריבן פון אונדזער גרויסן דיכטער־דערציילער אברהם רייזען. אונדזער ראַפּיניר־טער קינסטלערישער דערציילער ל. שאַפּיראָ האָט זיך שוועד געמאַטערט איבער אַ יידישער „מאַדאַם באָווארי", אָבער ס'איז נאָר אַרויסגעקומען אַ ניט געענדיקטער פראַגמענט: „סוזי".

דאָס איז ניט קיין צופאַל. עס זיינען מסתמא דאָ אַ סך סיבות פאַר דער הינטערשטעליקייט פון יידישן ראָמאַן. אָבער די פּרימערע סיבה דאַרף מען זוכן, לדעתי, אין דעם יידישן כאַראַקטער; זיין היציקייט, זיין עמאָציאָנעלקייט, זיין שטענדיק הויכער טעמפּעראַטור, דעם נביאיש־משיחישן פלאַקער פון דער יידישער נשמה.

אָפּאַטאָשו באַמערקט אין זיין עסיי „מיין וועג", אַז ס'איז אַ חידוש וואָס דאָס היסטאָרישע יידישע פאָלק האָט פּראָדוצירט אַזוי ווייניק היס־טאָרישע ראָמאַנען. אָפּאַטאָשו פאַרדינט בלי ספק אונדזער דאַנק פאַר זיין אַנגעשטרענגטן גרויסן פאַרמעסט עפּעס אויפצוטאָן אין דעם געביט. אָבער אָפּאַטאָשוס ראָמאַנען, סיי די היסטאָרישע סיי די ניט־היסטאָרישע, האָבן דעם בלויז ניט פאַרפולט. זיי האָבן נאָר באַוויזן, אַז דער שרייבער קען נאָר פלעגן, שלייפן, אויסאיידלען און דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה דעם ניצוץ, דעם טאַלאַנט וואָס ער האָט באַקומען פון אוצר הנשמות, ווען ער איז אַראָפּ אויף דער ערד. אָפּאַטאָשו האָט געהאַט אַ גרויס־שרייבע־רישן פאַרנעם, אָבער די נאַטור פון זיין טאַלאַנט — קרעפטיקער שילדע־רער פון פּרימיטיוון אינסטינקט לעבן — איז ניט געווען דער פּאַסיקער אינסטרומענט פאַרן ראָמאַן, היסטאָרישן אָדער ניט־היסטאָרישן.

איך בין פאַרפאַרן אין אַ זייט. איך אייל זיך צוריקצוקערן צו אַיאַלטין, דעם מוזיניק פון אונדזער נאָוועליסטישער משפחה, וואָס אויב זי האָט ניט קיין גרויסע ערשטראַנגיקע ראָמאַניסטן פאַרמאָגט זי אָבער אַ גרויסע צאָל פּראָזאַאיקער־דערציילער פון דער סאַמע העכסטער מדרגה.

אַיאַלטי, דער יינגסטער פון דער גרויסער בכבודיקער משפחה, איז אויסגעוואַקסן אין אַ צייט ווען די יידישע ערד האָט זיך אָנגעפאַנגען צו טרייסלען אונטער די פיס, ווען דער יידישער דורותדיקער סדר־העולם האָט זיך גענומען שאָקלען און ברעקלען. אַיאַלטי האָט יונגערהייט פאַר־

לאָזן די פּוילישע ערד — אַוועק זוכן אַ מקום מקלט אין פּאַריז (בימי היטלער), אין אַרגענטינע, אין ישראל און אין אַמעריקע. ער האָט, בלי ספק, געניט „שטאָף״ פאַר אַ סך ראָמאַנען.

אַזאַ „הייסער שטאָף״ לאָזט זיך — כידוע — זייער שווער קינסטלעריש קנעטן. דער ראָמאַניסט וואַרט, געוויינטלעך, ביז זיין מאַטעריאַל וועט זיך אָפּקילן, ביז די ערשט־פאַרגעקומענע געשעענישן וועלן זיך אַביסל אָפּרוקן פון אים ער זאָל קענען צו זיי צוגיין מיט ישוב הדעת, באַטראַכטן זיי פון אַ גרעסערער דיסטאַנץ; קענען זיי באַנעמען מיט קאָפּ, פאַרשטיין זייער שורש און גאַנג. ערשט נאָך דעם ווי דער מאַטעריאַל האָט זיך געהאַט צייט אויסצושטיין און איבערקאָכן און אַריינגעזאַפּט ווערן אין זיינע בלוטן קען זיך דער נאָוועליסט נעמען צו דער אַרבעט.

איאַלטי, ווי דער רוב שרייבער פון דער היינטיקער גורלדיק־טראַגישער עפּאָכע, אַרבעט ניט לויט דעם אַלטן אויסגעפּרובירטן רעצעפּט. די היינטיקע צייט דערלויבט ניט די רו און מיושבדיקייט, וואָס עס האָט געהאַט דער אַמאָליקער שרייבער. דער הייסער שטאָף ברענט זיינע פינגער און ער מוז אים אויסלאָדן אויף דער הייסער מינוט.

איאַלטי לאָדט ניט איבער זיין באַשרייבונג מיט אַ סך דעטאַלן. ער גיט זיך וויניקער אָפּ מיט דרויסנדיקן פּרצוף אָדער לבוש פון מענטשן און זאַכן. ער איז מער דערציילער, נאַראַטאָר, ווי שילדערער. זיין נאַראַטיוו פליסט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. ער מאָלט מענטשן און פּאַסירונגען מיט שפּאָרזאַמע שטריכן, מאָלט האַסטיק מיט לייכטע וואַסער קאָליר־פאַרבן, וואָלט איך געזאָגט.

דערציילנדיק פון הרת־העולמדיקע געשעענישן פאַלט ער ניט אַריין אין אַ קולות וברקים טאָן, דערלאַנגט ניט קיין „שטאַרקע״ גרויעלדיקע סצענעס. פאַרקערט, אָנשטאָט זיך אָפּצושטעלן אויף „מאַסן־סצענעס״, סאָציאַלע קאָנפליקטן און קאַמפן — ווי ס'איז געניטגט צו טאָן דער היינטיקער ראָמאַניסט — פאַרנעמט זיך איאַלטי מיט דערציילן וועגן לעבן פון יחיד, וועגן ליבע, וועגן אַנדערע עלעמענטאַרע טאָג־טעגלעכע איבערלעבענישן פונעם געוויינטלעכן מענטש.

די פרעמדע סביבה, וואָס איז — כידוע — אַ מכשול פאַרן דערציילער, שפּרינגט איאַלטי לייכט אַריבער מיט זיין לייכטן אוממיטלבאַרן צוגאַנג און ער פירט אונדז אָן שום שוועריקייטן אַריין אין דעם סאַמע געדיכטן, וויזט אונדז דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטשן פון פאַרשיידענע וועלטן און ווי דער צעיאָגטער שטראָם פון שטורעמדיקע געשעענישן כאַפּט זיי אַריין, שטופּט זיי און טראָגט זיי. עס געלינגט אים דאָס צו טאָן ווייל ער גריבלט זיך ניט אין פּסיכאָלאָגיע, נאָר כאַפּט אויף דאָס אַלגעמיינ־

מענטשלעכע. ער פאַרטראַכט ניט קיין דראַמאַטישע סיטואַציעס, זוכט ניט קיין קאָמפּליצירטע אָדער משונהדיקע כאַראַקטערן. ער מאָלט פּשוטע מענטשן, נאַטירלעכע עמאָציעס. די צייט וואָס ער מאָלט איז פול איבערן ווערך מיט „שטאַרקע" דראַמאַטישע סיטואַציעס.

די סצענע אין זיין ראָמאַן „טאַטע און זון", ווען די צוויי יונגע געליבטע אַנטלויפן פון פּאַריז פון די נאַציס און באַהאַלטן זיך אין סטויג היי אין פעלד, פאַרקריצט זיך אין זכרון מיט איר קראַפט. אָדער ווען ער מאָלט אין זיין ראָמאַן פון שפּאַנישן בירגער־קריג „דער האָטעל וואָס עקזיסטירט ניט" — ווי פאַרשיידענע מינים יידישע פּליטים וואָס וואוינען אין די ענגע חדרימלעך פון די פּאַריזער אָרעמע האָטעלעכלעך גייען זיך שלאָגן פאַר שפּאַניעס פרייהייט — וואָס פאַר אַ לעבעדיק בילד ער מאָלט אויס!

און האָט ער דאָס צו פאַרדאַנקען דער אַזוי־שטאַרק באַזונגענער מאַגיק פון פּאַריז, וואָס דער פּוילישער ייד וואָס איז ערשט געקומען פון דעם קליינעם פּוילישן שטעטל, שרייבט אַזוי פריי און נאַטירלעך וועגן ליבע? איינע פון די סיבות וואָס דער ראָמאַן האָט זיך דעם יידישן שרייבער ווייניקער איינגעגעבן ווי די אַנדערע ליטעראַרישע זשאַנערס וואָס ער האָט איבערגענומען פון די אומות העולם איז וואָס דער יידישער ראָמאַניסט איז צוליב היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע טעמים געווען ווייניקער מסוגל צו שרייבן וועגן ליבע ווי די גוישע ראָמאַניסטן. און ליבע איז דאָך דער סאַמע עיקר פון ראָמאַן. דער ראָמאַן האַלט זיך דאָך אויף ליבע. ליבע און ראָמאַן זיינען דאָך געוואָרן סינאָנימען.

דער יידישער שרייבער איז ניט געווען אין „זיין עלעמענט" ווען עס איז געקומען צו שרייבן וועגן ליבע. פאַרן יידישן טראַדיציאָנעלן קוק אויף ליבע איז סימבאָליש דאָס טייטשן פון שיר־השירים ווי די ליבע פון דער שכינה צו דער כנסת ישראל.

ווען ס'איז געבוירן געוואָרן די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יידישער געניוס קען זיך בעסער אַריינגיסן אין ליד, אין דער דערציילונג ווי אין ראָמאַן. ווען ס'איז געקומען צו מאָלן ליבע איז דער יידישער שרייבער אָדער געוואָרן ליריש־סענטימענטאַל מיט אַ מאַמע־קאָמפּלעקס (שלום אַש איז דער קלאַסישער מוסטער דערפאַר), אָדער ער האָט געמאָלן ליבע אויף דעם סאַמע פּרימיטיווסטן אופן ווי דעם ריין־אַנימאַלישן סעקס־דראַנג. אַפּאַטאַשו האָט זיך אין דעם אויסגעצייכנט, קאָברין, זלמן שניאור און אַ סך אַנדערע. אַ פּרווידיאַניש באַווירקטער ליטעראַטור־קריטיקער וואָלט דאָס אַוודאי געטייטשט ווי אַ רעאַקציע קעגן דעם אַמאָליקן יידישן פּוריטאַניזם, קעגן דעם אַמאָליקן

אופן פון שילדערן ליבע — ווי ב. ריווקין שרייבט אין זיין פּרעכטיקן עסיי וועגן קאָברינען, — „סענטימענטאַל צניעותדיק מיט כשרן בוימל באַשפּרענקלט, אָדער אידעאַליזירט־פּאַרפיומירט מיט שמעקעדיקע הדס־געווירצן".

אַיאַלטי האָט תיכף אויסגענומען ביים יידישן לייענער און קריטיקער און באַקומען אַ נאָמען ווי אַ גוטער ראָמאַניסט, ווייל ער שרייבט וועגן עראָטיק אָן שום אינהיביציעס, וואָס מאַכן אַ שרייבער צו נעמען אַ צו שטאַרקן אָדער אַ צו בלאַסן אָדער אַ צניעותדיקן טאָן. אַיאַלטי שרייבט וועגן דעם אַלעמען וואָס איז פאַרבונדן מיט עראָטיק און ליבע אויפן פּשוטסטן און נאַטירלעכסטן אופן. ניט ער שטאַמלט אַ שעמעוודיקער, ניט ער דערלאַנגט שיר־השירימדיקן בוימל, ניט ער איז גראָב־וואולגאַר. ער מאָלט דעם גאַנג פון געזונטער עראָטיק, ווי אַ נאַטירלעכע זאַך און זי פאַרנעמט ביי אים אַ זייער גרויסן — אפשר דעם גרעסטן — טייל פון זיינע שילדערונגען. און ס'קומט אויס נאַטירלעך אַז ביי זיינע יונגע „העלדן" זאָלן זייערע ליבע־איבערלעבונגען, סיי פיזישע סיי גייסטיקע, אויספולן אַ גרויסן — אויב ניט דעם גרעסטן — טייל פון זייערע לעבנס. מיר פילן לייענענדיק, אַז דער שרייבער האָט איבערגעגעבן פּונקט דאָס וואָס זיינע „העלדן" האָבן איבערגעלעבט אָדער — זאָלן מיר זאָגן — וואָס עס גע־לינגט אים צו מאַכן אונדז גלויבן, אַז זיי האָבן איבערגעלעבט, וואָס ער גיט אונדז איבער קינסטלעריש־אָביעקטיוו, אָן ו'עזערוואַציעס, אָן התנצלותן. ביי אונדז איז דאָס געווען עפּעס נייעס.

ש. ניגער, שרייבנדיק וועגן אַיאַלטיס ראָמאַן „טאַטע און זון", זוכט צו פאַרענטפערן די שפע פון די עראָטישע שילדערונגען, וואָס געפינען זיך דאָרט:

„די אידייע פון בוך — זאָגט ער — באַרעכטיקט דעם רעאַליזם פון די סעקסועלע מאָמענטן וואָס טרעפן זיך אַזוי אָפט אין ראָמאַן"...

אונדזער גרויסער קריטיקער איז געווען אַ ליטווישער ראַציאָנאַליסט און בעל־מוסר און תמיד געזוכט אַ מאָראַלישע באַרעכטיקונג פאַר אַ קינסטלעריש ווערק, געבענטשט נאָך דער אידייע, דער פילאָזאָפיע.

— ס'איז אַ ראָמאַן זאָגט ער ווייטער אין זיין קריטיק אויף אַיאַלטיס ראָמאַן „טאַטע און זון" — וואָס האָט אַ ברייטן, אוניווערזאַלן, היסטאָריש־פילאָזאָפישן לייט־מאָטיוו...

באַטראַכטנדיק און אַריינטראַכטנדיק זיך אין אַיאַלטיס שרייבערישן דערגרייך (ביז איצט), ווען מען פּרואווט זיך שאַפן אַ קלאָרע עוואַלואַציע פון שרייבער, זיין סטאַטור, זיין שרייבערישן מהות, דער מדרגה פון זיין טאַלאַנט (וואָס איז די אויפגאַבע פון קריטיקער), מוז מען קומען צום אויס־

פיר, אַז ס׳איז שווער צו געפינען אַ בולטן לייט־מאָטיוו, אַ פילאָזאָפישן אָדער קינסטלערישן, וואָס פאַרקניפּט די צוויי ראָמאַנען און דאָס בוך דער־ציילונגען, וואָס דער שרייבער האָט אונדז ביז איצט געגעבן. אַיאַלטי איז, בלי ספק, אַ געבוירענער ראָמאַניסט. פון ערשטן בלעטל געלינגט אים צו פאַראינטערעסירן דעם לייענער, אַריינציען אים אין לויף פון די גע־שעענישן וואָס ער וויקלט אויף און פאַרקניפּט און לאָזט לויפן — און זיי לויפן ווי פון זיך אַליין, מ׳פילט ניט ווי עמעץ זאָל שטיין הינטער די קוליסן און ציען די שטריקלעך, ווי עס טרעפט ניט זעלטן ביי די סאַמע בעסטע שרייבער. אַיאַלטי דערציילט געשמאַק, לעבעדיק. ער האָט הנאה פון דערציילן און דערפאַר האָט דער לייענער הנאה פון לייענען; ער האָט אַ געפיל פאַר דראַמע, פאַר הומאָר און נאָך און נאָך — אָבער מ׳זעט ניט דעם בולטן, אומפאַרענדערלעכן חותם פון שרייבער. ווייל אַיאַלטי האָט אונדז גענומען מיט שטורעם מיט זיין ערשטן בוך און ווייל ער האָט אַזוינע בולטע שרייבערישע קוואַליפיקאַציעס איז דאָס אונדז ניט גענוג. ער האָט אונדז געגעבן אַ רעכט צו פרעגן אויף מער. ער האָט פאַרשאַרפט אונדזער אַפּעטיט. ווען מיר נעמען זוכן ביי אים דאָס סאַמע עיקר־דיקע, מיט וואָס אַ נייער טאַלאַנט קומט; אַ נייעם וועג, אַן אייגענעם אופן פון זען און באַנעמען, אַן אייגענע שפּראַך און סטיל — מוזן מיר זאָגן, אַז דאָס זעען מיר ניט. דערווייל ניט. אַיאַלטיס טעמעס זיינען צופעליקע, אויפ־געכאַפּטע פון די אַלע לענדער פון יידישן גלות, וואו דער יידישער גורל האָט דעם שרייבער פאַרטראָגן. ער האָט מיט זיינע שאַרפע חושים און שאַרפער אינטעליגענץ אַלץ גלייך דערזען, דערשנאַפּט, דערפילט, איבער־געלעבט און דורך אים האָבן מיר עס דערפילט און איבערגעלעבט. אָבער, אַז מיר זוכן דעם חותם פון שרייבערס פערזענלעכקייט, וואָס דריקט זיך אויס אין פאַרטיפונג און דערהויבונג פון זיינע טעמעס, דורכזאַפּן זיי מיט זיין בלוט און גייסט, זעען מיר דאָס ניט ביי אַיאַלטין. און זינט זיין ערשטן בוך זעען מיר ניט קיין שריט ווייטער. און ווייל דער שרייבער איז רייך באַשאָנקן געוואָרן פון דער נאַטור, ווייל זיין ערשטער אַרויספאַר איז געווען אַזאַ צוזאָגנדיקער, אַפילו איבערראַשנדיקער, מעגן מיר צו אים קומען מיט טענות און פאָדערונגען און מאָנען אַ סך מער.

# נ. סיגאַלאָווסקי

סיגאַלאָווסקי איז איינער פון אונדזערע געציילטע דערציילערס וואָס מאָלן פאַר אונדז ס׳דאָרף און דעם דאָרפישן לעבנס־שטייגער. כמעט אַלע אונדזערע דערציילערס און ראָמאַניסטן האָבן באַשריבן און באַזונגען דעם קליינשטעטלדיקן שטייגער. עס זיינען פאַראַן נאָר עטלעכע, אויף די פינגער פון איין האַנט אויסצורעכענען, וואָס זיינען אויסגעוואָקסן אין דאָרף און ס׳דאָרפישע לעבן האָט פאָרמירט זייערע כאַראַקטערן און באַשטימט זייער שרייבערישן מהות. די דאָזיקע שרייבער וואָס זיינען אויסגעוואָקסן נאָענט צו דער פרימיטיווער נאַטור־וועלט, וואָס זיי איז נאָענט און ליב דער דאָרפסמענטש, ייד און פויער און פעלד און וואַלד און חיה און בוים (סיגאַלאָווסקי האָט עטלעכע דערציילונגען וועגן אַ בוים) ווען זיי זיינען אויסגעוואָקסן, פאַרלאָזן זייערע דאָרפישע היימען, אַוועק אין דער גרויסער וועלט, געלעבט אין גרויסע שטעט, איז דאָס דאָרף געבליבן אין זייערע בלוטן, אָפּגעשטעמפּלט זייער לעבנס־באַנעם, פאַרבליבן זייער ערשטע ליבע. שרייבנדיק וועגן דאָרף ברענגען זיי אַרויס דאָס טיפסטע און אייגנאַרטיקסטע וואָס זיי פאַרמאָגן.

סיגאַלאָווסקי און מעצקער צווישן ייִנגערן דור דערציילערס אין אַמעריקע זיינען טיפּישע רעפּרעזענטאַנטן פון דעם מין שרייבער. מעצקער איז אַ ליריקער וואָס באַהויכט מיט פּאָעטישער וואַרעמקייט ס׳דאָרפישע לעבן. סיגאַלאָווסקי איז אַן עפּיקער — רעאַליסט וואָס שטייט מן הצד, מער אָפּגעווייטערט, ניט פּערזענלעך באַטייליקט ווי דער ליריקער. סיגאַלאָווסקי איז ממש אַ יחיד במינו ביי אונדז מיט זיין סאָלידן אָביעקטיוו־נאַטוראַליסטישן געמעל וואָס ער האָט אונדז געגעבן פון דאָרף, פונעם גויישן דאָרף, ניט פון די עטלעכע יידישע הויז־געזינטן וואָס האָבן געוואוינט צווישן דער פויערישער גראָמאַדע.

אין דער יידישער ליטעראַטור האָט מען דעם דאָרפישן פויער און דעם דאָרפישן יידישן ישובניק באַהאַנדלט מיט ביטול; מ׳האָט פון זיי געמאַכט נידעריקע רויע ברואים און די אַזוי־גערופענע נאַטור האָבן אונדזערע שרייבער אָדער פאַריידישט, אָדער פאַרסענטימענטאַליזירט, פאַרראָמאַנטיזירט, פאַרשיר־השירימט. צווישן עלטערן דור פראָזאַאי־

קער וואָס האָבן געהאַט אַן אינטימע באַקאַנטשאַפט מיטן דאָרף זיינען די וויכטיקסטע ראַבאַי און א. מ. פוקס. ראַבאַי איז געווען פון דער נאַטור אַ פּאַטריאַכאַלישער אידיליקער און אין דאָרפישן לעבן געזען רק די פּאָעטישע זייט, אַן עלעגיש־שלוהדיק לעבן, נאָענט צו דער ערד און פערד און קו און אַלע גאָטס באַשעפענישן.

א. מ. פוקס, אַ דערציילער וואָס פאַרמאָגט אַ סך גבורהשאַפט, וועמעס דאָרפישע געמעלן זיינען פון טיף־קינסטלערישן ווערט, האָט פון דאָרפישן מענטש געמאַכט אַ סימבאָל פון פרימיטיוון אינסטינקט־מענטש. דער גוי איז ביי אים אַ נעאַנדערטאַלער האַלב־מענטשלעכע בריאה, בטבע גענויגט אָפּצוטאָן אַלצדינג שלעכץ, רויבן, מאָרדן, גזלנען — אַ טייל פון דעם אוראַלטן אייביקן שלעכץ פון דער וועלט. דער ייד איז אויך אַ פרימיטיווער מגושמדיקער בעל גוף אָבער פאָרט אַ יידישער גזלן, זיינע אינסטינקטן אויסגעאיידלט פון זיין יידישקייט.

אונדזערע דערציילער זיינען ס׳רוב ליריקער, אימפּרעסיאָניסטן און פסיכאָלאָגישע גריבלער אָדער אָפּשפּעטער, סאַטיריקער — פאַרשייטענע פאָרמען פון סוביעקטיוויזם. עפּישקייט, דערציילערישע אָפּגעווייטערטקייט זיינען פרעמד דעם יידישן טעמפּעראַמענט מיט זיין צעהיצטקייט און זיין נטיה צו פאַרפליען אין ניט רעאַלע עולמות. סיגאַלאָוסקיס עפּישקייט — כאָטש ניט אויסגעהאַלטן, ניט אויסגערייפט צו באַוואוסטזיניקן קינסטלערישן דרך, אויסגעמישט מיט אַ סך זכרונותדיקייט און ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, איז דערפאַר אויפפאַלנדיק און פאַרדינט באַגריסט צו ווערן.

זיין ערשטער אַרויסטריט האָט שוין אָנגעזאָגט אַז עס קומט אַ שרייבער מיט עפּעס אייגנס. ער האָט דעביוטירט מיט אַ צוויי־בענדיקן ראָמאַן „אין קריג״, וואָס איז אויסגעלאַנירט געוואָרן צו זיין אַ גרעסער ווערק, אַן עפּאָפּייע פון אוקראַאינישן דאָרף בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז אַ ראָמאַן מיט אַן עפּישן אָטעם; אַ ברייט געמאָלענע קאַנווע געזען ניט פון יידישן קוקווינקל. איך זאָג עס ניט, חלילה, לגנאי. עס נעמט זיך ניט דערפון וואָס דער שרייבער האָט ניט קיין וואַרעמע סענטימענטן פאַר זיין אייגענער יידישער וועלט, נאָר וואָס זיין אויג נעמט אַריין די גאַנצע אַרומיקע וועלט. ער האָט אויך געזען ווי ס׳לעבט די גויישע וועלט; ער האָט געלעבט מיט איר און זי אַריינגענומען אין זיך. און ווען ער שרייבט וועגן דער גויישער וועלט איז ניטאָ ביי אים די וואַנט פון פרעמדקייט, פון שנאה, פון שרעק, אָדער סופּעריאָריטעט־געפיל, אָדער פאָראורטייל וואָס דערלאָזט ניט צו זען ס׳לעבן „ווי ס׳איז״.

סיגאַלאָווסקי שרייבט וועגן לעבן פון דאָרף ווי אַן אייגענער, וואָס

איז פאַרוואָרצלט און אַריינגעוואָקסן אין דאָרף (ער דערמאָנט מיט זיין אויסזען אַ דאָרפישן עקאָנאָם). ווען ער שרייבט וועגן דער גוישער וועלט קען זיין אָביעקטיווע עפּישקייט זיך אויסשפּילן פולער, ניט גע־שטערט פון נאָסטאַלגישע זכרונות און סענטימענטן. ווען ער דערציילט וועגן יידן, זיין משפחה און נאָענטע, וועגן זיינע קינדער־יאָרן, טרעפט אָפט, אַז אַנשטאָט קרעאַטיווער איבערשאַפונג דערציילט ער אונדז — ווי עס טוט אַ סך אַנדערע — דאָס פאַרגעדענקטע, דאָס פערזענלעכע און עס ווערט פאַרזיסט פון בענקשאַפט. מיר קריגן ניט קיין קרעאַטיוון רעאַליזם, נייערט פאָטאָגראַפישן רעאַליזם, ס׳לעבן־קאָפּירנדיקע אימיטאַציע.

דאָס, קען מען זאָגן, איז ביי אַ סך שרייבער די ערשטע רויע סטאַ־דיע פון רעאַליזם, די יוגנט־סטאַדיע, פון וועלכער דער רייף־געוואָרע־נער דערציילער־רעאַליסט וואַקסט אויס ווען זיין רעאַליזם ווערט פאַר־טיפטער, ברייטער, אַרומנעמנדיקער. ביי אונדז זיינען זייער אַ סך רויע טאַלאַנטן ניט אויסגעוואָקסן פון דער ערשטער סטאַדיע פון רעאַליזם.

איך האָב געזאָגט, אַז סיגאַלאָווסקי באַשרייבט ס׳לעבן „ווי ס׳איז״. דער סאָרט רעאַליזם, דאַרף מען באַטאָנען, קריגט נאָר דעמאָלט אַ קינסט־לערישן תוך, ווען ער איז ניט צו שטאַרק לעבנס־געטריי, ווען ער איז ניט פאַרוואַסערט מיט אַ גרויסער מאָסע אומנויטיקע דעטאַלן (באַשריי־בערישער ווילד געוויקס פון רעאַליזם, ווי עמעצער האָט עס אָנגערופן), ווען דער מאַטעריאַל פון לעבן ווערט געפורעמט אָדער איבערגעשאַפן פון דעם ציל־באַוואוסטן שעפערישן שרייבער.

סיגאַלאָווסקי האָט פאַר זיין ערשטן ראָמאַן „אין קריג״ געהאַט אַ ריזיקן מאַטעריאַל פון מלחמה־איבערלעבונגען און דערפאַרונגען און געהאַט דעם אָטעם פאַר ברייט עפּישער מאָלעריי. ס׳איז אָבער אַן ערשט־לינג ווערק. דעם שרייבערס מכשירים זיינען נאָך ניט געווען אויסגע־פרואווטע און פאַרטיקע. ער האָט נאָך ניט געהאַט די פעסטע האַנט. ער נעמט זייער אָפט דעם לייכטן וועג פון דערציילן וואָס ער האָט געזען און געהערט, געבן אַלץ וואָס ס׳איז געשען. דאָס איז ניט דער וועג פון גוטן קינסטלער־דערציילער, וואָס סעלעקטירט דאָס עיקרדיקע און באַטייט־פולע. סיגאַלאָווסקי איז אַזוי להוט אויסצולאָדן אַלץ אַז ער וויל אַפילו די אוקראַאינישע שפּראַך פון די פויערים אַריינגעמען אין אַ יידיש בוך. און נאָך אַ זאַך: אַ היינטיקער דערציילער אין ניו־יאָרק מוז אַנדערש אָרגאַניזירן זיין דערציילונג ווי עס האָט געטאָן אַ מעשה־דערציילער אין אוקראַאינע. דער טעמפּאָ פון אוקראַאינישן דאָרף איז צו לאַנגזאַם פאַר ניו־יאָרק. דער דערציילער קען אונדז לאָזן דערפילן אויף אַן אַנדער אופן דעם טעמפּאָ פון אוקראַאינער דאָרפס־לעבן ווי דורך נודנער צע־

צויגנקייט. אָבער ניט געקוקט אויף דעם חסרון, וואָס מען דאַרף מוחל זיין אַן אַנהויבער, וואָס קומט אָנגעלאָדן מיט רוי־שטאָף, האָט זיך געפילט אין דעם ראָמאַן „אין קריג" עפּישער אָטעם, אַ שאַרף אָבסערווירנדיק אויג און אַ צוזאָג, אַז ווען דעם שרייבער'ס טאַלאַנט וועט אויסרייפן, וועלן מיר פון זיין פּען קריגן רייפע, עפּישע שאַפונגען.

(כ'וויל דאָ איבעררייסן מיט אַ באַמערקונג, אַז ביי דער אָפּשאַצונג און עוואַלואַציע פון אַ יידישן שרייבער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע, טאָר מען ניט פאַרגעסן די אַבנאָרמאַלע באַדינגונגען וואָס האָמעווען און פאַרצאַמען זיין אַנטוויקלונג אויפן אַמעריקאַנער באָדן. אפילו דער הויך־טאַלענטירטער שרייבער איז דאָ ניט געוואַקסן אָדער ניט אויסגעוואַקסן ווי ער וואָלט געקענט אויסוואַקסן. ער האָט ניט געפונען די בויטיקע סביבה, די נויטיקע וואַרעמקייט, די מעגלעכקייט צו דרוקן זיך און אַרויסצוגעבן ביכער. ניט יעדער שרייבער האָט געהאַט אונטערנעמערישן און סוחרישן פאַרנעם; עלענבויגנס צו ווערן אַ פאַרלעגער פאַר זיך, אַרויסצוגעבן און פאַרקויפן ביכער א. אַז. וו.).

נאָך דעם ערשטלינג „אין קריג" זיינען אַוועק אַ סך יאָרן ביז סיגאַלאָווסקי האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן, אין 1949, אַ בוך דערציילונגען „דער אוצר". פון דעם בוך און פון דעם וואָס מיר געדענקען פון די דערציילונגען, אָפּגעדרוקטע אין זשורנאַלן, מוזן מיר זיך נעמען משפטן ווי וויית סיגאַלאָווסקי האָט אַוועקגעשפרייזט, ווי הויך ער איז אויסגעוואַקסן. ווי קען מען משפטן דעם שרייבערס אויפטו פון דעם וואָס ער האָט אין שופלאָד ? !

סיגאַלאָווסקי האָט צווישן די 19 דערציילונגען, אין בוך „דער אוצר", אויך עטלעכע דערציילונגען אויף אַמעריקאַנישע טעמעס. אויף זיי איז זיך ניט נויטיק אָפּצושטעלן, ווייל אונדזער אַזוי־שטאַרק אין אוקראַאינישן דאָרף פאַרוואָרצלטער שרייבער דערציילט אונדז אין זיי קיין שום נייעס וועגן אַמעריקע. אין די עטלעכע קליינע אַמעריקאַנער סקיצן, וואָס זיינען אויף אַ פאַרשטעלטן אָדער ניט־פאַרשטעלטן אופן אויטאָביאָגראַפיש אַנטדעקט ער פאַר אונדז ניט אַמעריקע. די איינציקע אַמעריקאַנער דערציילונג וואָס איז ווערטפול און דירעקט אויטאָביאָגראַפיש איז די דערציילונג וואָס הייסט „זון מייגער". ער דערציילט דאָרט ווי זיין זון וואָס איז בשלום צוריקגעקומען פון דער מלחמה קעגן היטלערן, רעדט אים איין, דעם געוועזענעם צאַרישן קאַוואַלעריסט, ער זאָל מיט אים גיין אויף יאַגד אויף הירשן און ווי ער טוט עס נאָר צוליב זיין זון. ער נעמט מיט אַ ביקס אָבער ער שיסט ניט, ווייל הרגענען איז קעגן זיין מענטשלעכן אָדער יידיש געפיל...

עס זיינען פאַראַן אַ סך דינע גוט געצייכנטע באַשרייבונגען אין דער דערציילונג. עס איז דעם שרייבער געלונגען צו מאַכן אונדז דערפילן די איידעלע, טאַקטפולע, ליבענדע באַציאונג צווישן טאַטע און זיין זון און דער יידישן קוק אויף יאַגד און בלוט פאַרגיסן. ס׳איז איידעלע אויטאָ־ביאָגראַפישע צייכענונג.

דער חשובסטער און וואָגיקסטער טייל פון בוך זיינען די דאָרפישע, עפישע דערציילונגען. און צום בולטסטן קומט דער עפיקער רעאַליסט סיגאַלאָווסקי אַפילו אין צוויי קליינע דערציילונגען: „שטרוי" און „די בעטלערין". קורצע סקיצן, וואָס זייערע „העלדיכעס" זיינען אַלטע גויות און די גאַנצע אַקציע איז געבויט אויף אַ קליינער פּאַסירונג. „שטרוי" איז די געשיכטע פון אַן אַלטער אָרעמער פויערטע וואָס איר גאַנץ לעבן איז אַוועק אין שווערער נויט און קאַמף צו דערהאַלטן ס׳חיות. און אָט קומט דער טאָג ווען די פויערים לאָזן זיך אַוועק רויבן דעם פריץ, ווען די רעוואָלוציע האָט מבשר געווען די באַפרייאונג פון דער וועלט. די פויערטע וואָס פרירט אין איר אָרעמער אומבאַהייצטער כאַטקע דערהערנדיק די גוטע בשורה, לאָזט זיך אַרויס נעמען פאַר זיך ניט קיין שום טייערע מעבל פון פריצישן הויף, נאָר אַביסל שטרוי צו באַהייצן ס׳שטיבל, כדי אָנצו־וואַרעמען די אַלטע ביינער. אַמאָל האָט זי באַקומען קלעפּ פאַר גנבענען שטרוי ביים פריץ, איצט, מעג מען. די פויערטע לעגט איצט אויף אירע פּלייצעס אַזאַ גרויסן פּאַק שטרוי, אַז זי קען זיך קוים דערשלעפּן צו איר שטיבל. אפשר חלום איך, האָט זי געטראַכט דעם גאַנצן וועג.

די קורצע סקיצע פון עטלעכע זייטלעך איז אַ רעאַליסטישע פּערל.

אין דער צווייטער קורצער סקיצע זעען מיר ווי צו אַן אַלטער בעט־לערקע וואָס וואוינט אין אַ „זעמליאַנקע" זוכט זיך צוצושאַרן אַן אַלטער בעטלער כדי צו געפינען אַ וואַרעם ווינקל, אָבער די אַלטע בעטלערקע וויל חתונה האָבן — אַניט פאַרטרייבט זי אים... און דער פּאָפּ וויל דריי רובל זיי חתונה צו מאַכן...

דער אומברחמנותדיקער רעאַליזם פון די צוויי קרעפטיק געמאָלענע בילדלעך אין וועלכע ס׳איז קאָנצענטרירט ווי אין אַ פאַרגרעסערונג־שפּיגל דער שוידערלעכער מצב פון דער דאָרפישער אָרעמשאַפט איז געמאָלן מיט דעם רעאַליזם פון אַ גאָיאַ. און זיי זיינען ניט אויף קיין יידישע טעמעס. ס׳איז מערקווירדיק, גיט מען אַ טראַכט, נעמט זיך דאָס דערפון וואָס דאָרט וואו דער עפּיקער־רעאַליסט איז געשטאַנען אָפּגעוויטערט, ניט פאַרצוקערט און איבערגעלאָדן דעם סוזשעט מיט אַ סך דעטאַלן ווי ער טוט עס אין זיינע האַלב אָדער אינגאַנצן אויטאָביאָגראַפישע דערציילונגען, דערגרייכט ער מער קינסטלערישע שלימות? ס׳איז באמת מערקווירדיק!

אין דער סקיצע „מרים״, וואו די צענטראַלע פיגור איז אַ יידיש ווייבל וואָס פּאָרט איינקויפן אין מאַרק אין שטעטל אַריין אויף אַ גוייִשער פור, דערגרייכט דער שרייבער ניט די קינסטלערישע שלימות. דער טשוואָק פון דער מעשה איז די שרעק פון יידישן ווייבל פאַרן פויער דעם בעל־עגלה. ס׳איז גאַנץ פיין געמאָלן, אָבער ס׳איז ניט מער ווי אַ סקיצע פון לעבן. די טעמע איז ניט אַרויסגעהויבן געוואָרן צו אַ סימבאָל, ניט אַרויסגע־הויבן געוואָרן פון דעם טעמאַטישן סוזשעט דורך פּסיכאָלאָגישער פאַר־טיפונג אָדער קרעפטיקן אויפשפּיל פון עראָטיק צו אַ וואָגיקער, באַטייט־פולער דערציילונג.

ס׳רוב אַנדערע דערציילונגען אין דעם בוך „דער אוצר״, זיינען פון דאָרפישן לעבן פון דער צייט פונעם מחברס קינדער־יאָרן. מיר זעען זיין סביבה אין וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן, די גרויסע אָרעמקייט אין וועלכער ער האָט זיך געכאָוועט. מיר קריגן קלאָרע לעבעדיקע בילדער פון דאָרפישע יידן, פון מחברס משפּחה, פון זיינע לערער, זיינע גוייִשע חברים, זיין ליבשאַפט צו פערד און צום קעלביל (דאָס באַרימטע קעלביל!); אויך זיינע שעמעוודיקע, צניעותדיקע ערשטע ליבעס.

ס׳איז דאָ עכטקייט, וואַרעמקייט, בילדלעכקייט אין די אַלע דערציי־לונגען אין דעם אָטעם פון רעאַליסטישן דערציילער. די שפּראַך איז שוין אויסגערייניקט פון לאָקאַליזמען און פרעמדע ווילדע קרייטעכער. סיגאַלאָווסקי האָט איינגעצוימט זיין פריערדיקע באַרעדעוודיקייט, ער האָט זיך אויסגעלערנט צמצום, צילבאַוואוסטזיניקייט. עס פילט זיך אין די דערציילונגען מער קינסטלעריש־באַוואוסטזיניקע קראַפט, אויסגע־רייפטע כוחות. מען דאַרף אָבער אויך באַטאָנען, אַז דער זכרונות־מאָטיוו פרעדאָמינירט, איז דער אָנרעג פאַר דעם שרייבערס אינספּיראַציע און פירט זיין פען און פאַנטאַזיע.

נו, אַוודאי קען מען אָנשרייבן גרויסע ווערק גייענדיק אויף דעם וועג. טאָלסטאָיס „קינדער יאָרן״ ווערן פאַרגליכן מיט האָמערן. און אַ סך דערציילערס ביי אונדז האָבן געשאַפן זייערע בעסטע ווערק אין דעם זשאַנער. איך גלויב אָבער, אַז סיגאַלאָווסקיס כוח ליגט גראָד אין עפּיש־רעאַליסטישער אָפּגעווייטערטקייט, און אין זיינע פּערזענלעכע מעמואַ־ריסטישע דערציילונגען איז ער עלול צומאָל אַריינצופאַלן אין סענטימענ־טאַלקייט, אין באַסטאַלגישן סוביעקטיוויזם.

כדי צו קענען איבערשאַפן סוביעקטיוון אויטאָביאָגראַפישן מאַטער־יאַל אין אַ באַטייטפול קינסטלעריש ווערק, דאַרף מען האָבן פּסיכאָלאָגיש־אַנאַליטישע ראַפינירטקייט, אינטראָספּעקטיווע שאַרפקייט און טאַלאַנט פאַר מאָלן אַטמאָספערע. ניט אין דעם ליגט סיגאַלאָווסקיס כוח. אמת,

זיין גרויסע ליבשאַפט צו זיין דאַרף און צו זיינע יוגנט־זכרונות אינספּי־רירן אים אָפט צו אַ סך פיינע איידעלע, דיגע שילדערונגען און זיינע האַלב־ביאָגראַפישע דערציילונגען ווי, למשל, אין דער דערציילונג „דער אוצר", וואָס איז איינע פון זיינע בעסטע אויטאָביאָגראַפישע דערציילונ־גען, געמאָלן מיט אַ סך וואַרעמקייט און באַטראַכטקייט.

אָבער איך חזר איבער: כ'גלויב אַז סיגאַלאָווסקיס טאַלאַנט קומט אַרויס צום שטאַרקסטן ווען ער איז דער עפּישער רעאַליסט, ווען ער מאָלט פּשוטע האַרעפּאַשנע דאָרפס־מענטשן, ייד און גוי; ווען ער מאָלט ס'לעבן „ווי ס'איז", אָדער ווי ער זעט עס און וויל גאָרניט אַרויסברענגען אָדער אַריינטייטשן אָדער אויסחקרנען.

אין די דערציילונגען וואו סיגאַלאָווסקי וויל באַוואוסטזיניק אַרויס־ברענגען אַז דער ייד שטייט העכער פון גוי, אַז דער ייד איז איידעלער, בעסער — איז ער צום שוואַכסטן.

אין איין דערציילונג זיינער (וואָס כ'האָב געלייענט אין אַ זשורנאַל) גייט ער אַזוי ווייט, אַז ער זאָגט עס אונדז בפירוש, טייטלט מיטן פינגער דערויף. דער דערציילער איז ניט קיין פּרעדיקער אָדער בעל־מוסר. ער דאַרף דערציילן און מאָלן לעבעדיקע מענטשן און ניט וועלן אונדז אין עפּעס איבערצייגן אָדער עפּעס אַרויסברענגען.

רעסומירנדיק: פון דעם ביסל וואָס סיגאַלאָווסקי האָט ביז איצט אונדז געגעבן (אָדער וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן) זעען מיר, אַז סיגאַלאָווסקיס כוח ליגט ניט אין אַטמאָספער מאָלעריי וואָס איז דער הויכפּונקט פון לירישן געמעל, ניט אין פּסיכאָלאָגישן פּאַרטיפטן אַנאַליז, ניט אַפילו אין כאַראַקטער־שאַפונג. זיין כוח ליגט אין עפּישער ברייט־אַרומנעמענדיקער, רעאַליסטישער שילדערונג. סיגאַלאָווסקי דאַרף זיך באַפרייען פון זיינע יינגלישע התפעלותן, ליבשאַפטן און פּאַרליבשאַפטן און זיך קאָנצענ־טרירן אויף ברייטערע עפּישע שילדערונגען.

מיט דעם וואָס סיגאַלאָווסקי האָט אונדז שוין ביז איצט געגעבן, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ווי איינער פון די טאַלאַנטירסטע און וואַ־גיקסטע דערציילער פון דעם ייִנגערן דור.

# צוויי ראָמאַניסטן

באַמערקונג: וועגן די צוויי אָנגעזעענע דערציילער י. מעצקער און ב. דעמבליץ, וועמעס לעצטע ראָמאַנען איך רייד דאָ אַרום, האָב איך, צום באַדויערן, ניט באַוויזן אָנצושרייבן באַזונדערע אויספירלעכע אָפּשאַצונגען.

דער ראָמאַניסט — איז אָנגענומען צו זאָגן — שפּיגלט אָפּ ס׳לעבן, מאָלט ס׳לעבן, קען גוט ס׳לעבן און דאָס גלייכן. כדי צו זיין מסוגל צו שרייבן פון לעבן מוז דער בעלעטריסט שטיין מיט ביידע פיס אין לעבן. דער דיכטער קען לעבן אין אַ „העלפנביין־טורעם״ (דער היינטצייטיקער דיכטער לייקנט עס אָפּ) אָבער דער פּראָזאאיקער מוז זיין פאַרוואָקסן אין לעבן, זיין בלוט און פלייש פון לעבעדיקן לעבן אַרום אים.

נאָר פון אַ טיף פאַרוואָרצלטן אייגנאַרטיקן פאָלקס־לעבן קען אַרויסוואַקסן דער שרייבער וואָס איז ווי באַשאַפן עכט און געטריי עס אויסצומאָלן. ס׳קומט פשוט אויס ווי דאָס לעבן פון אַ פאָלק, ווען עס דערגרייכט אַ בלי־פּעריאָד געבערט עס דעם סופר, גיט אים די נייטיקע מכשירים און באַפעלט אים:

פאַרשרייב!

ווען ס׳יידישע לעבן פון די מזרח־אייראָפּעאישע ישובים האָט באַקומען זיין אייגן פּנים, ווען ס׳איז אויסגעוואַקסן אַן אייגנאַרטיקער לעבנסשטייגער און קולטור און אַן אייגענער לשון זיינען אָפּירגעקומען גרויסע שעפערישע פערזענלעכקייטן, בויער פון דער יידישער ליטעראַטור, און אויסגעקריצט אין „וואָרט, וואָס איז דויערנדיקער ווי שטיין״ די פיזישע און גייסטיקע פיזנאָנמיע פון יידישן מענטש און יידישן כלל.

אין דעם נייעם יידישן ישוב, אַמעריקע, איז די יידישע ליטעראַטור געוועזן אַן איבערגעפלאַנצטער בוים. די אַמעריקאַנער ערד האָט קיין יידישע שרייבער ניט אַרויסגעגעבן. די אָנגעשוואָלענע אימיגראַנטישע שטראָמען, וואָס האָבן במשך צענדליקער יאָרן געפליצט צו די אַמעריקאַנער ברעגן, האָבן פאַרטראָגן אַהער אַ סך שרייבער, שוין באַרימט געוואָרענע און ווייניקער באַרימטע; אַזוינע וואָס האָבן שוין געשטעלט די ערשטע טריט און אַזוינע וואָס האָבן זיך נאָך ניט אויסגעפּיקט.

דער איבערפלאַנצונגס־פּראָצעס אין דער פרעמדער ערד איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך פּיינלעכער. ס׳איבערוואָרפן אַ בריק איבערן אַט־לאַנטיק (ווי פּסח מאַרקוס האָט אַ נאָמען געגעבן זיין בוך דערציילונגען; „אויף פרעמדער ערד״ איז אויך אַ נאָמען פון אַ בוך דערציילונגען) איז אַ טראַגישע מגילה פון יסורים, פּיינפולע פרעמדקייט, בענקשאַפט, נשמה־צעריסנקייט. מוראַדיק שווער איז געווען דער איבערגאַנג פון פּרימיטיוו־אידילישן שטעטל, דער וואַרעמער יידישער נעסט, פאַרוועבט אין רעלי־גיעזער טראַדיציע, אין חסידישער מיסטיק, אין „נאָך העכער״ זוכענישן, פון נאָענטקייט צו ערד און גאָט, — צום רויש פון מאַשינען (אויך אַ נאָמען פון אַ בוך דערציילונגען), געבראַזג פון הויכבאַן און אונטערערדישער באַן, דעם געפילדער פון צעהוזשעטן „קעסל־גרוב״ (דער נאָמען פון דוד איגנאַטאָווס באַקאַנטן ראָמאַן). די ראָמאַנטיש־אידילישע קליינשטעטל־ליטעראַטור האָט געמוזט פאַרוואַנדלען זיך, אָדער לכל הפּחות זוכן אַ וועג ווי צו ווערן אַן אורבאַניסטישע ליטעראַטור פון אַ מאַטעריאַליסטישער אינדוסטריעלער ציוויליזאַציע. שרייבער האָבן געדאַרפט פאַרגעסן אין דעם געזאַנג פון סאָלאָוועי און דעם בית־מדרש־ניגון און איבערגעבן די קאַקאָפאָנישע מוזיק פון ניו יאָרק.

איך האָב שוין דערמאָנט עטלעכע שרייבער, אין וועמעס ראָמאַנען און דערציילונגען ס׳שפּיגלט זיך אָפּ די טראַגישע איבערגאַנגס־צייט. מיט פּרימיטיווער קראַפט האָט דעם יידנס פרעמדקייט און פאַרלוירנקייט אין דעם נייעם לאַנד פאַר אונדז אויסגעמאָלן ראַבאָי אין זיין באַרימטן ווערק „קומט אַ ייד קיין אַמעריקע״. אין דער קאָמי־טראַגישער פיגור פון מאַנעס האָט ראַבאָי געשאַפן אַן אומפאַרגעסלעך געשטאַלט, אַ פּערזאָניפיקאַציע פון פרעמדקייט פון יידישן אימיגראַנט. די קינסטלערישע קראַפט, מיט וועלכער ס׳איז ראַבאָין געלונגען אַריינצוהויכן לעבן אין דעם ראָמאַן, וואָס איז אפשר די בעסטע שאַפונג זיינע, נעמט זיך מן הסתם פון דער שאַרפקייט פון שריי־בערס איבערלעבונג און דערפאַרונג. מאַנעס איז אויך דער שרייבער אַליין.

ראַבאָי איז אַנטלאָפן פון ניו יאָרק אָנוואַרעמען זיך אין דער נאָענט־קייט פון דער ערד, פון די פערד, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט, צום יידישן פאַרמער אין דער וועסט. י. י. שוואַרץ איז אַוועק אין קענטאָקי (איך נעם זיך די פּריווילעגיע אַריינצונעמען אַ דיכטער צווישן פּראָזאַאי־קער; ווי אַן עפּיקער איז שוואַרץ אַ נאָענטער קרוב פון פּראָזאַאיקער). אַנדערע שרייבער זיינען אַוועק זוכן המשך פון זייער יידישער וועלט אין דער יידישער מלוכה, דעם שאָפּ, אין די געדיכטע יידישע קוואַרטאַלן פון דער איסט־סייד און בראָנזוויל, צום חסידישן שטיבל וואָס האָט זיך פאַר־וואַלגערט אין אַ חרובן טענעמענט פון דער איסט־סייד; צו דער יידישער

אַרבעטער־גאַס וואָס האָט געפלאַקערט מיט אידעאישע קאַמפן (דעם דורות־דיקן יידישן חלום אויפצובויען אַ בעסערע וועלט). אָבער דער שרייבער קען ניט ציען קיין יניקה פון „סלאַמינג״־עקספעדיציעס. ער קערט זיך צוריק מיט פרייד צו דער אַמאָליקער היים וואָס די ווייטקייט און בענק־שאַפט האָט אויסגעפוצט אין שעמערירנדיק־גאָלדיקע קאָלירן. שרייבנדיק וועגן דער אַלטער היים קריגט ער פליגלען.

די ראָמאַנען און דערציילונגען וואָס אונדזערע פּראָזע־שרייבער שרייבן דאָ וועגן זייער אַלטער היים זיינען אַ סך טיפער, קרעפטיקער און אמתדיקער ווי זייערע אַמעריקאַנער ווערק. אָפּאַטאָשוס „טענצערין״ און „היברו״ קענען זיך ניט פאַרגלייכן מיט זיינע „פּוילישע וועלדער״ און שלום אַשס „אָנקעל מאָזעס״ און „איסט־סייד״ קומען ניט צו אַזוינע גרויס־אַרטיקע ווערק ווי דער „תהילים־ייד״ און „דריי שטעט״. י. י. זינגער שרייבט דאָ זיין מייסטערווערק „אין טאַטנס שטוב״. זלמן שניאור שרייבט דאָ זיינע פּראַכטיקע שקלאָווער עפּאָפּייען. דאָס זעלבע חזרט זיך איבער ביי אַלע שרייבער.

דער יינגערער דור שרייבער, וואָס איז דאָ אויסגעוואַקסן, געלעבט מיטן אַמעריקאַנישן לעבן, געאַרעבט אין שאַפּ, האָט זיך אַ סך מאָל פּאַר־מאָסטן איינצונעמען אַמעריקע, באַפרייען זיך פון שטעטל־טעמאַטיק, אָבער דאָס איז ניט לייכט אָנגעקומען. מ׳האָט געדאַרפט געפינען דעם צוגאַנג, די שפּראַך; אַריינפילן זיך אין קאָנען אַרויסברענגען די ביזע אַטמאָספער, דעם בייט אין דער פּסיכיק פון מענטש וואָס קומט מיטן נייעם סאָרט לעבן. ס׳איז געווען אַ שווערע אַרבעט און ניט יעדער שרייבער האָט גע־האָט די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס פאַר אַזאַ אַרבעט אַפילו ווען ער האָט געהאַט דעם גוטן ווילן.

אַ גרויסער מכשול איז געווען די שפּראַך. אַז מ׳שרייבט פון שטעטל פעלן ניט קיין ווערטער. פאַרקערט, ס׳נעמט פלייצן מיט שפּראַך אַז מ׳דאַרף זי האַמעווען, אָבער אַז מ׳נעמט זיך צו אַמעריקע פעלט לשון. גלאַזמאַן דערציילט אַז ווען ער האָט גענומען שרייבן זיין ראָמאַן וועגן פישער־לעבן (נאָך 3 חדשים אַרבעט ווי אַ „פּעינטער״ אין סטעטען־איילענד!) האָבן אים אויסגעפעלט אָן אַ שיעור ווערטער. ס׳איז ניט נאָר אַ פראַגע פון ווערטער, ווערטער קאָן מען געפינען אָדער שאַפן נייע. ס׳איז אַ פראַגע פון אַריבערפירן און איינבירגערן די שטעטל־שפּראַך אין אַמעריקע. מ׳קאָן דאָך דעם יידן פון פּיט סטריט ניט לאָזן ריידן ווי די יידן אין יעהופּעץ. ס׳ניט געגנוג צו בייטן דעם נאָמען פון יאַנקל אויף דזשייק אָדער פון שמואל אויף סעם, וואָס אַנדערע שרייבער זיינען דער־מיט אָפּגעקומען. אָפּאַטאָשו האָט זיך עקשנותדיק געהאַלטן ביי זיין מלאַ־

ווער יידיש, אָדער, בעסער געזאָגט, אַפּאַטאָשוס יידיש (די יידן פון בר־ככבאס ציַיטן ריידן ביי אים אויך אַ פּוילישן יידיש). אַנדערע שרייבער האָבן געפילט אַז מ׳דאַרף איבערשאַפן ס׳יידישע לשון עס זאָל ווערן אַ מיטל צו שאַפן די אילוזיע פון דער אַמעריקאַנער סביבה, סוגעסטירן זי, העלפן זי וויזואַליזירן.

* * *

צו די עטלעכע על רגל־אחתדיקע באַמערקונגען און רעפלעקסיעס האָבן מיך אָנגערעגט צוויי ראָמאַנען וואָס כ׳האָב ערשט אין דער לעצטער צייט איבערעגליינט — דאָס בעסטע וואָס איז אַריינגעקומען אין אונדזער פאַראָרעמטן ליטעראַרישן שייער. די צוויי ראָמאַנען זיינען: מעצקערס „דעם זיידנס פעלדער״ און ב. דעמבלינס „ערב נאַכט״.

די צוויי ראָמאַניסטן געהערן צום יינגערן דור שרייבער וואָס איז אויסגעוואַקסן און באַקומען זייער שרייבעריש פּנים אין אַמעריקע, וואו זיי זיינען געקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי זיינען מיינע „צייט־גענאָסן״ און חברים. צו זייערע בייעסטע ביכער, די פּירות פון זייער שרייבערישער אויסגעריייפטקייט, נעם איך זיך ניט ווי אַ פרעמדער, נאָר מיטן אינטימען אינטערעס מיט וועלכן מען באַגעגענט נאָענטע מענטשן. איך וויל דאָ ניט שרייבן קיין רעצענזיעס אָדער בפּרטיותדיקע אָפּשאַצונגען פון די צוויי ראָמאַנען. איך וויל דאָ נאָר איבערגעבן די ערשטע אימפּרעסיעס; דערציילן וועגן כאַראַקטער פון די צוויי ראָמאַנען און וועגן דער דערגרייכונג און דעם שרייבערישן גאַנג פון די צוויי שרייבער.

די שרייבער דעמבלין און מעצקער זיינען פּונקט דער היפּוך פון די קאָסמאָפּאָליטישע שרייבער, וואָס קענען זיך גיך איינתושבן אין אַלע יידישע תפוצות. דעמבלין און מעצקער זיינען שרייבער וואָס זייערע וואָרצלען שטעקן טיף אין דער ערד פון וועלכער זיי קומען; דעמבלין אין פּוילישן שטעטל, מעצקער אין גאַליציישן דאָרף. מעצקער קען באמת אין ליטעראַרישע לערן־ביכער דינען ווי אַ מוסטער פון אַ מאָנאָליטישן שרייבער, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן, אַ שרייבער וואָס איז ווי צונויפגעוואַקסן מיט זיין דאָרף; דאָס דאָרף אין זיין בלוט, אין דעם מאַרך פון זיינע ביינער, אין זיין נשמה. כאָטש ער איז אַוועק פון דאָרף אַ יונגער בחור און געוווען אין אַנדערע לענדער און לעבט שוין אין אַמעריקע עט־לעכע צענדליק יאָר — לעבט ער נאָך אַלץ מיט זיין דאָרף. לייענענדיק זיין לעצטן ראָמאַן „דעם זיידנס פעלדער״ האָט מיך די פּשטות, די ער־לעכע געטריישאַפט צו יעדער קלייניקייט, וועלכע זיין זכרון, אָדער, בעסער געזאָגט, זיין נשמה האָט אויפגעכאַפּט ווי אַ טייערן אוצר, דער־

מאָנט אין דעם דיכטער יוסף ראָלניק. זיי זיינען פון דעם זעלבן ליים גע־קנאָטן כאָטש זיי זיינען אַזוי אַנדערש אין זייערע כאַראַקטערן און אויך אין זייערע שרייבערישע זשאַנערס. זייער פּסיכיק, כ׳מיין זייער שרייבע־רישע פּסיכיק, וואָס איר קען־צייכן איז גרויסע פּשטות, איז די זעלבע. די פּשטות פון מעצקערס פּראָזע־שילדערונגען פון דאָרף האָבן מיך דער־מאָנט אין ראָלניקס לידער פון דאָרפישן לעבן, פון מיל. איך האָב אַמאָל געשריבן אַז ראָלניק האָט אַריבערגעפירט איבערן אַטלאַנטיק זיין מיל; מעצקער האָט עס געטאָן מיט זיין דאָרף.

מעצקער האָט אין זיין ערשטן בוך דערציילונגען „ערד און זון" גע־מאָלן ס׳דאָרף און ער טוט עס איצט אין זיין ראָמאַן. ער האָט ניט קיין אַנדער טעמע. אין זיינע דערציילונגען איז געווען מער קינסטלערי־שער פּוץ, ווי פון אַ שיינעם יונגן בחור וואָס וויל געפעלן (און האָט מיט וואָס צו געפעלן); אין דעם ראָמאַן, געשריבן אין די רייפע יאָרן, איז דאָ מער פּשטות, מיושבדיקע קלאָרקייט. מעצקער זוכט ניט צו פאַרפּוצן, פאַרשענערן אויף אַ האָר. ער גיט איבער אַלץ אַזוי ווי ער וואָלט געפירט דעם פּנקס פון זיין דאָרף, פאַרשריבן אַלץ וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען טאָג נאָך טאָג, אָן שום דראַמאַטישקייט, אָבער מיט אַ סך לירישקייט און איינגעליבטקייט אין די מענטשן און זייערע דאָרפישע פּירעכצן און טועכצן. ס׳איז זיין משפּחה, זיינע דאָרפס־יידן פון וועלכע ער דערציילט. ער דערציילט אַלץ רואיק, געלאַסן, מאָנאָטאָן, ניט געאיילט. שרייבער, וואָס שרייבן וועגן פּרימיטיוון לעבן, פון פאַרגרעבטע דאָרפס־לייט, בעלי־גופס, האָבן ליב צו מאָלן „שטאַרקע" סצענעס, אויסברוכן פון דער „יוכע", פון כוח הדם, ווי, למשל, א.מ. פוקס, וואָס שרייבט אָפט וועגן די זעלבע מענטשן. מעצקער טוט עס קיין מאָל ניט. אַלץ גייט ביי אים איידל, יידישלעך. מ׳קריגט דעם איינדרוק ווי מעצקער וואָלט זיך געצאַמט, אין זינען געהאַט אַז ביי יידן פירט זיך אַנדערש: אַז מען שרייבט וועגן יידן, אַז מען דערציילט וועגן טייערע, ליבע יידן, יידן וואָס זיינען שוין ניטאָ, וואָס זיינען אַזוי מערדעריש אַרויסגעריסן געוואָרן, דאַרף מען שרייבן מיט ליבשאַפט, אַרויסברענגען דאָס שיינע, ריינע. מעצקער טוט עס ניט באַוואוסטזיניק. ער איז פון דער נאַטור אַ ליריקער און איבער זיין וועלט ליגט אַ לירישער שלייער.

אַזוי ווי מעצקער האָט אויסגעטראָגן עטלעכע צענדליק יאָר זיין גאַליציאַניש דאָרף, אַזוי האָט עס דעמבלין געטאָן מיט זיין פּויליש שטעטל. זיין ראָמאַן „ערב נאַכט" איז די העכסטע דערגרייכונג פון דעם שרייבער דעמבלין. די גאַנצע וואַרעמקייט פון פּוילישן ייד האָט ער אריינ־געטאָן אין דעם ביאָגראַפישן ראָמאַן אין וועלכן ער לעבט אויף זיין יוגנט

און דאָס לעבן פון זיין שטעטל. ער האָט מן הסתם גענומען אַ סך פון זיינע „העלדן" פון זיין משפחה און פון די שטעטלדיקע מענטשן וואָס ער האָט געקאָנט. ס'איז — פּאַכמעניש געשאַצט — אַ גוט שטיקל אַר־בעט, הגם פון אַלטן שניט. ס'איז דער טיפּישסטער „רעגיאָנאַלער" ראָמאַן מיט אַ סך לאָקאַלן קאָליר, וואָס לאָזט זיך גלייך דערקענען פון מענטשן פון דעם זעלבן רעגיאָן און איז עלול ביי זיי אַרויסצורופן אַ וואַרעמקייט אין האַרצן און טרערן אין די אויגן. איך וויל נאָר אָנווייזן דעם כאַראַקטער פון ראָמאַן, די ליטעראַרישע שול צו וועלכער דעמבלין געהערט. ס'איז פאָטאָגראַפישער רעאַליזם, וואָס איז געווען זייער פאַרשפּרייט אין דער יידישער פּראָזע, וואָס האָט געהאַלטן פאַר זיין עובדה צו מאָלן דאָס שטעטלדיקע לעבן מיט אַלע פּיטשעווקעס, „פונקט ווי ס'איז געווען".

דעמבלין שטעלט דאָס שטעטל און די מענטשן אַוועק לעבעדיק פאַר די אויגן. ער מאָלט אויס מיט אַלע דעטאַלן אַ יידישע שטוב מיט דעם איינגעפונדעווען יידישן שטייגער און פירעכצן. ער באַווייזט מייס־טערשאַפט אין אַרויסקריגן יידישן אַטמאָספער. ס'שמעקט מיט יידישקייט. דער הולך, די רייד, דאָס לשון — אַלץ איז וואונדערלעך געטריי איבער־געגעבן. עס מוז אַרויסרופן ביים לייענער — בפרט ביי דעם ניט סאָפיס־טיקירטן לייענער — דערמאָנונגען פון זיין אייגן שטעטל, בענקשאַפט און צער נאָך דער היים וואָס איז אַוועק מיט פייער און רויך.

מען קען אָבער פרעגן: לשם מה? מה כמשמע לן?

אפשר טאָר מען היינט דאָס ניט פרעגן ווען אַ שרייבער שטעלט אַ מצבה זיין חרובער היים. אָבער דער קריטישער אינטעלעקט, וואָס זיצט ווי אַ שופט און לאָזט זיך ניט לייכט פאַרפירן פון עמאָציע, פרעגט פראַגעס. אפשר וועט אונדז דעמבלין די שאלות פאַרענטפערן ווען ער וועט אַנטוויקלען כאַראַקטערן אין די וויטערדיקע טיילן פון ראָמאַן און דעמאָלט וועלן מיר זען, אַז ניט גלאַט אויסמאָלן אַ שטעטל (וואָס מ'האָט שוין אַזויפיל מאָל געטאָן) איז געווען זיין כוונה... איך האָף אַז ער וועט עס טאָן.

לאָמיר נאָך צוגעבן, אַז זיין נאַטוראַליסטיש־פאָטאָגראַפישער מעטאָד האָט אַ סך געוואונען זינט ער האָט געשריבן דעם ראָמאַן „וועסט־סייד". אין דעם, זיין בעסטן בוך, איז אים זיינע טיפע פאַרוואָרצלטקייט אין זיין אַמאָליקער היים, זיין טיפע יידישע פאַרוואָרצלטקייט בייגעשטאַנען — אַזוי ווי ביי דעם רוב יידישע שרייבער אין אַמעריקע, וואָס אַז זיי רירן זיך צו צו דער היימישער ערד, ווערן זייערע כוחות פאַרמערט און זיי גיבן אַרויס דאָס בעסטע וואָס זיי האָבן אין זיך.

# נח גאָלדבערג

אַז אַ שרייבער פון קורצע דערציילונגען נעמט זיך שרייבן אַ ראָמאַן — למה הדבר דומה; ס'איז געגליכן צו אַ מענטש וואָס איז כל ימיו אַרומגעפאָרן אין אַ קליין שיפל ניט ווייט פון די ברעגעס און מיטאַמאָל האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן אויף אַ ווייטער נסיעה איבערן צעכוואַליעטן אויפגעשטורעמטן ים...

איך זאָג דאָס קעגן דעם דערציילער נח גאָלדבערג. נח גאָלדבערג האָט געשריבן (און שרייבט) קליינע סקיצן און קורצע דערציילונגען. דער סיפור המעשה איז דאָרט ניט וויכטיק, דער עיקרשט איז די דע־טאַלירטע סביבה מאָלעריי. נח גאָלדבערג — ווי אַ סך אַנדערע שרייבער — איז געגאַנגען אין חדר צו אברהם רייזענען, דעם גרויסן מייסטער, וואָס האָט אויסגעמייסטערוועט קורצע דערציילונגען פון קלייניקייטן, ברעקלעך און פיצלעך פון לעבן. רייזענס תלמידים, אָדער נאָכגייערס (איך מיין עס ניט אין ענגן זינען פון וואָרט) זיינען, ווי ס'טרעפט זייער אָפט, אַוועק אַ סך ווייטער פון זייער רבין אין אויסמאָלן קליינינקע ברעקלעך און שטיקלעך פון לעבן. זיי האָבן אָבער פאַרגעסן, אַז ביי רייזענען זיינען די קלייניקייטן געווען קליינע שפּיגעלעך וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט אַ גרויסע וועלט, ביי זיי די נאָכגייערס זיינען די קליי־ניקייטן ניט מער, ווי קלייניקייטן.

אין נח גאָלדבערגס קורצע דערציילונגען — דאַרף מען זאָגן — איז פאַראַן אַ סך דערציילערישע עכטקייט און שילדערונג־קראַפט און אַ שטאַרקע פּילעווודיקייט פאַרן פיזישן, מגושמדיקן, ערדישן. ער האָט זיך ניט פאַרמויערט אין די בלאָטיקע, פאַרעפּושטע געסלעך פון קליינעם שטעטל. ער איז אַוועק פון שטעטל צו די פעלדער און פויערישע כאַטעס און דעם אַלעמען וואָס לעבט און וואַקסט און האָט אַן אָנשפּאַר אין דער ערד...

איך ווייס ווייניק וועגן נח גאָלדבערגס לעבן. אפשר איז זיין פאָטער געווען אַ דאָרפס־ייד, אָדער געהאַט צו טאָן מיט וואַלד, אָדער זיין פרנסה האָט אים געבראַכט אין מגע ומשא מיט דאָרף און פויערים און פעלד און דאָרפישן לעבן.

נח גאָלדבערגן איז נאָענט דאָס לעבן פון דער ערד (ער זעט אַליין אויס ווי אַ דאָרפישער מענטש); זיינע נאַטור בילדער און שילדערונגען האָבן אין זיך עכטקייט און אמתדיקייט. זיינס אַ דערציילונג וועגן אַ בוהאַי אין „המשך" איז געווען אַ קינסטלעריש געמאָלן דאָרפיש בילד. ש. ניגער, געדענק איך, האָט עס געלויבט פאַר פאַרמאָגן אַ סך לעבן. ס'איז דאָרט בולט אַרויסגעקומען גאָלדבערגס ליבשאַפט צו סטיכיע, צום פּרימיטיוון, די נטיה צו באַזינגען דאָס רוי־חושימדיקע, איראַציאָ־נעלע, וואָס ס'רוב שרייבער וואָס זיינען אויפגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — יידישע און ניט־יידישע — האָבן מיט זיך געבראַכט.

נח גאָלדבערגן, האָב איך אָבער געפילט, פעלט פאַרנעם. ער גיט נאָר פּיצלעך און ברעקלעך...

ערשט ווען איך האָב איבערגעלייענט זיין ראָמאַן „אַ ליכט גייט אויף", האָב איך באַקומען מער דרך ארץ פאַרן שרייבער. ער האָט מיך פשוט איבעראַשט. איך האָב געזען, אַז ער איז ניט שטיין געבליבן, אַז ער האָט אַ סך געטראַכט וועגן זיין ווייטערן שרייבערישן וועג, גע־טראַכט ברייטער זיך צו פאַרנעמען, געטראַכט מכוח וואַרפן זיך אויף אַמעריקאַנער טעמאַטיק — און זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ ראָמאַן פון יידיש־אַמעריקאַנשן לעבן.

שרייבן אַ ראָמאַן — אַן ערשטלינג איז אַן אונטערנעמונג צו וועל־כער מ'דאַרף זיך גוט אונטערגאַרטלען. איידער מען זעצט זיך שרייבן מוז מען שוין האָבן אָפּגעטאָן זייער אַ סך מוח־אַרבעט. אומקערנדיק זיך צו מיין ערשטן פאַרגלייך — ס'איז אַ געפערלעכער ים־רייזע, צו וועלכער מען מוז זיך פאַרזאָרגן מיט כלערליי נויטווענדיקע זאַכן, גרויסע און קליינע, וואָס פון יעדער פון זיי הענגט פשוט אָפּ ס'לעבן. און נאָכדעם ווי מ'האָט שוין אַלץ גוט פאַרטראַכט קומט ערשט די שווערע קאַטאָרזשנע אַרבעט; די מלאכה פון שרייבן און מעקן, מעקן און שרייבן און איבערשרייבן און איבערשרייבן און נאָכאַמאָל איבערשרייבן. האַקן שטיינער איז שוין אַ לייכטערע מלאכה (איבערשרייבן צען און מער מאָל איז ניט קיין זעלטנקייט ביי בעלעטריסטן).

גאָלדבערגן האָט זיך דער ערשטער ראָמאַן „אַ ליכט גייט אויף" זייער איינגעגעבן. און ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ שווערע טעמע, אַ טעמע וואָס איז פאַרבונדן מיט אַן אידייע וואו אַ שרייבער קאָן לייכט גע־שטרויכלט ווערן מיט טענדענציעזקייט; אָנשטאָט שילדערן לעבעדיקע מענטשן און לעבעדיקע סביבה, פאַרפלאָנטערן זיך אין אידייאישע דיס־קוסיעס און רייד (ווי עס געשעט, למשל, אין איגנאַטאָווס ראָמאַנען).

נח גאָלדבערגן איז געלונגען צו נעמען די אויסגעדראָשענע „צוריק

צו נאַטור״־טעמע און זי אויסשליירן פאַר אונדזער היינטיקן געשמאַק, אַזוי, אַז ס׳איז אַרויסגעקומען אַ פּאָעטיש פריש בוך, וואָס לייענט זיך מיט פאַרגעניגן און ציט אונדז אַריין ממש פון קאַפּיטל צו קאַפּיטל. די האַמסונישע „ברכה פון דער ערד״ שיטה, דאָס ראָמאַנטישע לויב־געזאַנג צום פּשוטן, ערדישן מגושמדיקן לעבן, אַן אויסוואוקס פון איירא־פּעאישן ראָמאַנטיזם פון סוף ניינצנטן יאָר־הונדערט, וואָס האָט זיך דערנאָך אַזוי גוט אַריינגעפּאַסט, אפשר געלייגט דעם יסוד פאַר דער „ראַסע און בלוט״ טעאָריע פון פאַשיזם (וואָס דער אַלטער קנוט האַמסון האָט דערויף געגעבן זיין ברכה), האָט אויך אין דער יידישער ליטעראַטור געפונען אירע פאַרטייטשערס און חסידים. ביי אונדז אין אַמעריקע האָט זיך ראַבאַי, דער תמימותדיקער בעסאַראַבער דאָרפס־ייִד אַ גרויסן שם געמאַכט מיט באַזינגען די אַמעריקאַנער פרעירי און די שיינקייט פון פערד און די שטילע, תמימותדיקע, פּשוטע מענטשן. די מאָדערנע קריטיק רופט עס: „עסקייפּיזם״.

די טעמע פון וועלן באַפרייען זיך פון „סוועט־שאָפּ״ און דעם „קאָכקעסל״ ניו יאָרק האָבן אַ סך אַמעריקאַנער יידישע שרייבער געניצט. באַוואוסטזיניק צי ניט האָט נח גאָלדבערג געפילט, אַז זיין טעמע איז אַזוי צו זאָגן אַ היסטאָרישע פון דער ניט אַזוי ווייטער פאַרגאַנגענהייט, דער צייט פון „סוועט שאָפּ״ און „האָום־סטעד״, ווען יידישע אַרבעטער האָבן געחלומט און אַ סך מאָל באַוויזן אַרויסרייסן זיך פון שאָפּ און ווערן פאַרמערס. אפשר האָט ער געפילט, אַז ווען ער וואָלט געשריבן אַ געשיכטע פון אונדזער צייט, וואָלט ער געדאַרפט גריבלען זיך אין פּסיכאָלאָגיע פון אינדיווידועלע מענטשן און כאַראַקטער געשטאַלטונג. און ניט אין דעם ליגט דער כוח. זיין כוח ליגט אין ליריש־פּאָעטישער מאָלעריי.

ער וואַרפט אַן אין ראָמאַן מיט פּאָעטישער פרישקייט בילד נאָך בילד פון דער פון מענטשן ניט־באַוואוינטער ווילדעניש אין מאָנטאַנאַ, וואו זיין העלד קומט זיך באַזעצן און מיר זעען זי, מיר לעבן מיט איר און אויב מיר זיינען ניט קיין שטאָט־ליבהאָבער און אויב ס׳ליגט אין אונדז ערגעץ פאַרבאָרגן אַ בענקשאַפט צו דער פרימיטיווקייט און נאַטירלעכקייט פון דאָרפישן לעבן, לעבט ער זי אויף. דער שרייבער האָט אין דער טעמע געפונען אַ מעגלעכקייט צו דערציילן פון זיין ליבשאַפט צום לעבן פון דער ערד, אין דער אינטימער נאָענטקייט פון חיה, בוים, עלעמענט... דאָס איז פאַר אים ניט געווען גלאַט אַ טעמע (און דאָס איז די גאַנצע טעמע פון בוך: אַ ניו יאָרקער שאָפּ אַרבעטער קריגט פון דער רעגירונג אַ „האָום־סטעד״ אין מאָנטאַנאַ

און האָקט זיך דאָרט אויס פון דער ווילדעניש אַ פֿאָרם און ברענגט אַהין אַריבער זיין ווייב און קינדער), נאָר אַ געלעגנהייט אויסצולאָדן זיין אייגענע איבערלעבונג. ער קאָן דאָס דאָרפֿישע לעבן אַוודאי פון זיין אַלטער היים, און ער האָט עס נאָר איבערגעטראָגן אין דער ווייטער מאָנטאַנאַ. ער האָט נאָר באַדאַרפֿט צוגעבן אַ ביסל לאָקאַלן קאָלאָריט.
די אינעוווייניקסטע ליבשאַפֿט האָט ער געשעפּט פון אייגענעם האַרץ.

נח גאָלדבערג האָט באַוויזן ספּראַווען זיך מיט דער וויכטיקסטער אויפֿגאַבע פון אַ דערציילער: איבערצייגן אונדז, מאַכן זיין געשיכטע רעאַל, אַריינבלאָזן אין איר לעבן. מיר זעען און גלויבן אין דעם וואָס ער דערציילט. דאָס בילד האָט פֿאַר אונדזווירקלעכקייט. מיר ווערן אַריינגעצויגן אין דעם גורל פון די „העלדן" און מיר ווילן וויסן וואָס מיט זיי וועט ווייטער געשען. מיר פילן, אַז מיר זיינען טאַקע דאָרטן מיט דעם נייעם פֿאַרמער וואָס פֿאָרט אויפֿבויען אַ פֿאָרם אין דער מאָנ־טאַנער ווילדעניש און מוז פירן אַ כסדרדיקע מלחמה מיט דעם שווערן קלימאַט, שלעכטע מענטשן, אַלערליי געפֿאַרן, כדי צו קריגן אַ שטיקל ברויט צום עסן — פֿאַר זיך און זיין ווייב און קינדער. עס איז אים געלונגען אַריינאָטעמען ניי לעבן אין אַן אַלטער טעמע, אַ טעמע וואָס וועקט אין אונדז היינט אַ סקעפּטיציזם. דער גלויבן אין פּרימיטיוון מענטש און גוטסקייט פון „נאַטור", איז ביי אונדז היינט, נאָך צוויי וועלט־מלחמות און דעם אויסמאָרדן פון 6 מיליאָן יידן זייער אָפּגע־שוואַכט. איך האָב פּשוט געציטערט לייענענדיק דעם בוך, דער שרייבער זאָל ניט געשטרויכלט ווערן... אָבער ער איז בשלום איבערגעקומען אַלע שטרויכלונגען.

דער שרייבער האָט סובלימירט זיין אייגענע בענקשאַפֿט צו דער ערד פון וועלכער ער איז אַרויסגעריסן געוואָרן אין אַ קינסטלערישער שאַפֿונג. ס'איז ניט וויכטיק, צי אַ פֿאַכמאַן וואָלט אפשר געכאַפּט, אַז ניט אין אַלע דעטאַלן איז דער שרייבער געטריי דעם אמת פון זיין טעמע. דאָס בוך איז דאָך ניט אַ וויסנשאַפֿטלעכע שטודיע, נאָר אַ קינסטלעריש בילד און דער קינסטלערישער אמת איז דאָרט פֿאַראַן...

דאָס אַלץ איז גערעדט וועגן בוך אַלס גאַנצן, דעם אַלגעמיינעם רושם פון „אָטעם פון לעבן", וואָס איז דאָ אין בוך. פון דעם שטאַנדפּונקט איז עס אַ געלונגען בוך, אַ פֿריש בוך. מ'פֿילט די ערד און דעם מענטשנס קאַמף מיט איר...

נאָכן אָפּזאָגן די אַלע שבחים איז די פליכט פון אַ קריטיקער אויך אָנצואווייזן אויף די חסרונות. די אַלע גוטע מעלות זיינען, וואָס איך האָב אויסגערעכנט — נאַטור־ליבשאַפֿט, פּאָעטישקייט, ליבשאַפֿט צום

פרימיטיוון פשוטן מענטש, די אַלע קוואַליטעטן האָבן זיך ביים שרייבער ניט צוזאַמענגעגאָסן אין אַ קלאָרן כאַראַקטעריסטישן מזג. די אַלע איינגנשאַפטן און נייגונגען און שטאַנדפּונקטן קלויצן זיך נאָך, זיינען נאָך אין אַ פּליסיקן צושטאַנד... אַז מ׳וויל קאָן מען זוכן און געפינען איינפלוסן און צוגאַנגען פון אַנדערע שרייבער.

גאָלדבערגס הויפּט חסרון איז, וואָס ער קאָן ניט שאַפן קיין מענטשן. ער שאַפט עפּעס אַ פּרימיטיווע האַלב־מענטשלעכע געשטאַלט. פּרימיטיווע פּשוטע מענטשן קאָנען אויך זיין פולע מענטשלעכע געשטאַלטן, אָבער גאָלדבערגס פּשוטע מענטשן זיינען שאָטנס פון מענטשן. און זייער גוטסקייט איז ניט קיין גאָלדבערגשע. זי שטאַמט פון דער באַרימטער „גוטסקייט צו מענטשן״, וואָס ער און חיים פּעט און אַנדערע האָבן אָנגענומען פון זייער רבין, אברהם רייזען... ב. ג. האָט עס אָנגענומען ווי זיין אני מאמין, אָבער ס׳זיינען דאָ סימנים, וואָס ווייזן, אַז ער גלויבט אַליין אין דעם ניט צו שטאַרק... ווען ער וויל אונדז ווייזן מענטשן־ליבע דורך דעם אַלטן נעגער טאָם און ווי זיין יידישער באַלעבאָס באַהאַנדלט אים, כאַפּט ער שוין איבער די מאָס, און ס׳ווערט שוין לאַקרעצדיק. ווען ער מאָלט צום סוף ווי דער נעגער טאָם שטאַרבט און דער ייד טוט אים זיין רעכט לויט אַלע יידישע דינים און מנהגים און זאָגט נאָך אים אַפילו קדיש ביים קבר, ווערט עס סענטימענטאַל.

ביי גאָלדבערגן זעט מען, ווי ביים רוב פון אונדזערע דערציילער, אומבאַהאָלפנקייט ווען ס׳קומט צו מאָלן כאַראַקטערן. כאַראַקטער־מאָלעריי איז אַ העכערע אַנטוויקלונג־סטאַדיע פון דער דערציילערישער קונסט. אונדזער דערציילער שטייט נאָך זייער נאָענט צו דער פאָלקס־דערציילונג, וואו מענטשן זיינען געגאָסן פון איין שטיק, אָדער גוט, אָדער שלעכט, אָדער מען זעט זיי ווי דורך אַ שלייער פון דעם וואָס דער שרייבער דער־ציילט וועגן זיי. די קינסטלערישע דערציילונג אינדיווידואַליזירט, מאַכט בולט מענטשלעכע כאַראַקטערן, גריבלט זיך אין מענטשלעכע פאַרפּלאָנ־טערטקייטן. דער מאָדערנער דערציילער דעקט אויף די ווידערשפּרוכן, קאָמפּליצירטקייטן פון דער מענטשלעכער נאַטור. פּרימיטיווע „פּשוטע״ מענטשן זיינען ניט אַזוי פּשוט; זיי האָבן זייערע קאָמפּליצירטקייטן און פאַרדרייטקייטן. דער „גוטער״ מענטש האָט אַמאָל מער שלעכטס אין זיך ווי דער „רשע״...

רייזען, דער קינסטלער, האָט עס געוואוסט אויב אַפילו רייזען, דער מענטש, האָט דערפון ניט געוואָלט וויסן, אָדער געמאַכט זיך ניט וויסנדיק...

קנוט האַמסונס פּרימיטיווע ערדישע העלדן פון זיינע לעצטע ראָמאַנען זיינען זייער קאָמפּליצירטע נאַטורן און דער אַמאָליקער ראָ־

מאַנטיקער האַמסון שעפּט גרויס נחת פון ווייזן אונדז זייערע פּאַר־דרייטקייטן און פאַלשקייטן, פון אויפדעקן זייער ליגנערישן אָנשטעל פון פשטות און נאַאיווקייט.

דער קינסטלערישע אינסטינקט טוט אָפּט אָפּ צו להכעיס דעם מוח און דער האַנט פון שעפער. ער באַשטייט אויף זיינס. ער ווייסט בעסער...

איך זאָג דאָס אַלץ ניט נאָר בנוגע גאָלדבערגן, נאָר קעגן אַלע שרייבער ביי וועמען עס קומט פאָר אַ ויתרוצצו צווישן פאַרשיידענע טיילן פון זייער מענטשלעכן און שרייבערישן איך. דעם שרייבערס ווערק, זייער ווערט און מהות זיינען דער רעזולטאַט פון דעם שרייבערס קאַמפן, פון די מפּלות און זיגן צווישן שרייבערס באַוואוסטזיין, זיין רצון און דעם שרייבערישן שד, ווי שאָפּיראָ האָט עס גערופן.

דער שרייבער און זיין ווערק ווערן פאַרמירט פון אַלערליי איינ־פלוסן, לעבנס־דערפאַרונגען, איינגעבוירענע נטיות און לסוף פון דעם „סופער־עגא", ווי פרויד רופט עס, דער וואָס פירט אָן, אָדער וויל אָנפירן מיט דער גאַנצער קאַפּעליע.

ביי נח גאָלדבערגן האָב איך געזען סימנים, אַז דער שרייבער קעמפט מיט אָנגענומענע מאַניערן און פאָרמולעס. כדי צו גיין וויטער מוז ער זיך באַפרייען פון זיינע פאַלשע פאָרמולעס און פאָלגן זיין טאַלאַנט. דעמאָלט וועט ער וואַקסן. איך זע אין זיינע לעצטע דערציילונגען, אַז ער גייט אין דעם וועג.

ער האָט אויפגעהערט גיין מיט אַן ענגער סטעזשקעלע און באַטראַכטן אַ ברייטערן שליאַך. ער פאַרנעמט זיך אויף ברייטערע טעמעס, קוקט זיך צו מער און מער צום אַמעריקאַנער יידישן לעבן. ער האָט אָפּגעלאָזן דעם תמימותדיקן יחיד און גיט אונדז דעם מענטש אין דער סאָציאַלער סביבה, אין אַמעריקע. ער גייט אויף דעם ריכטיקן וועג.

# יאָסל קאָהן

דער שטרענגער געלערנטער קריטיקער וואָס זעצט זיך אַוועק אָפּ־האַלטן אַ משפּט איבערן שרייבער וואָלט — בין איך זיך משער — פון יאָסל קאָהנס לידער נישט איינמאָל אַרויס פון די כּלים און דערלאַנגט דעם דיכטער אַ פּאָרציע מוסר וועגן פּאָעטישע דינים, מנהגים און פּירעכצן; געטייטלט מיט די פינגער אין אים און אים אָנגעוויזן ווי שטאַרק ער זינ־דיקט קעגן אַלערליי דינים פון ליד. איך בין יאָסל קאָהנען אַלץ מוחל צוליב דער עכטקייט און נישט געקינצלטקייט פון זיינע לידער־רייד. זיינע לידער, האָב איך באַקומען דעם איינדרוק (און דאָס איז נאָך אַלץ דער בעסטער מעטאָד צו מעסטן כאָטש געלערנטע קריטיקער קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף דעם אימפּרעסיאָניסטישן מעטאָד), זיינען פון אַ פּאָעט אין וועמען דער פּאָעטישער פייער (זאָל זיין נאָר אַ פונק) טליעט מבטן ומלדה; ביי וועמען דאָס ליד קוועלט אַרויס פון געמיט, ביי וועמען ס'ליד איז נישט קיין קונסט־שפּילעכל וואָס מען האָט זיך אויסגעלערנט אויסמייסטרעווען.

אין יאָסל קאָהנס לידער האָב איך געפילט אַז עפּעס „רופט" אים, אַז עפּעס טוט אים שטאַרק וויי, אַז עפּעס בריט און צופּט און ברענט אים. אַז ס'טוט ווי שרייט מען. שרייט יאָסל קאָהן.

יאָסל קאָהן באַלאַנגט צו דעם מין פּאָעטן וואָס זיינען קלאָגער, מרה־שחורהניקעס, וויינער. זיי קלאָגן כּסדר. ממש ווי דער בעל־קוהלת ווערן זיי נישט מיד צו וויינען און קלאָגן אויף דעם גורל פון מענטש אויף דער ערד. יאָסל קאָהן איז אַן ערשט־קלאַסיקער קלאָגער. ס'רוב זיינע לידער זיינען קלאָג־לידער, וויי־לידער, קינות און ביטערע געוויינען. דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיק. דאָס איז אַזוי צו זאָגן זייער פּאָעטישער פּאַספּאָרט. און קעגן דעם קען מען גאָרנישט האָבן. דאָס איז דעם דיכ־טערס געמיט און אויב דער לייענער איז מיט דעם געמיט־צושטאַנד און קוק פון דיכטער נישט צופרידן, קאָן מען צו אים זאָגן: זוך דיר אויס אַ דיכטער וואָס וועט דיר זינגען פריילעכע לידער... אָבער וואָס מען קאָן יאָ זאָגן צו יאָסל קאָהנען איז, אַז ער צאַמט נישט זיינע געפילן, אַז ער ווייסט נישט פון שטילקייט פון צער. דאָס אָפטע און שרייענדיקע

קלאַנגן זיינס וועקט נישט ביים לייענער דאָס געפיל פון טיפער געפילס־וועלט, נאָר פון אַ צעיאַכמערטער ליאַרעמדיקייט. אפשר האָב איך אַ טעות אָבער דער לייענער (און דער קריטיקער) קאָן נישט משפטן די טיפקייט פון דיכטערס איבערלעבונג נאָר לויט דעם קינסטלערישן מלבוש, דעם קינסטלערישן כוח מיט וועלכן דער דיכטער האָט באַוויזן אַרויסצוברענגען, צו באַקליידן דעם רוי־שטאָף פון זיינע איבערלעבונגען. אַז מ׳לייענט זיך אָן מיט יאָסל קאָהנס לידער האָט מען אַ סך מאָל דאָס געפיל, אַז מען האָט זיך אָנגעהערט קרעכצן און געשרייען און יאָמערן און נישט טיף דורכגעוויטיקטע פון שווערן געמיט און צער און טרויער פאַרטראַכטע וויי־לידער.

שטאַמט עס דערפון וואָס י. ק. איז אַ פאָלקס־מענטש און זיין אויס־דרוק איז ספּאָנטאַן און נישט איינגעהאַלטן? אָבער דאָס איז נישט קיין פאַרענטפערונג פאַר דער צעפלאָסענער איכהדיקייט פון זיינע לידער. ס׳איז פאָרט אַ חסרון, אַ קינסטלערישער מינוס. דער קינסטלער וואָס אַרבעט אויף זיך, אויף זיין וואָרט, דערגרייכט די אויסאיידלונג פון זיין וואָרט, דערגרייכט צמצום, דעם כוח פון סוגעסטיע, וואָס איז שטאַרקער ווי דער זאָג אָדער געשריי, אינטענסיווקייט במקום עקסטענסיווקייט...

אַז דאָס איז אַזוי, זעען מיר דערפון וואָס יאָסל קאָהן דער אַזוי שטאַרק איכישער ליריקער, וואָס רעדט כסדר פון זיין צער און וויטאָק, איז אַ סך מאָל עפעקטיווער אין זיינע נישט אינדיווידועלע לידער, אין זיינע אַזוי צו זאָגן ציבור־לידער — ווען ער גייט אַוועק פון זיך און רעדט וועגן כלל. זיין עכטע פאָלקס־נאַטור קומט אַפיר, און ער רעדט ווי אַן עכטער פאָלקס־דיכטער. אַזוי אין דער זייער געראָטענער, מיט אַ סך פשטות קוועלנדיקער לענגערער פאָעמע: „דער מאָרגן איז אייביק״ אין זיין לעצט בוך אונטער דעם נאָמען אַרויס אין 1948, וואָס ווערט אַ מין רעציטאַטיוו, אַן איבערדערציילן, אַ נאָכגיין דער געשיכטע פון פאָלק. דאָס יידישע וואָרט, דאָס פאָלקס־לשון וואָס האָט געמאָזלט און געוואָקסן צוזאַמען מיטן פאָלק און וואָס איז איבערגעגאַנגען די אַלע יסורים פון פאָלק, איז דאָ דעם פאָלקס־מענטש און פאָלקס־דיכטער, יאָסל, בייגעשטאַנען. אַ פאָלקס־געזאַנג, אַ ציבורדיקע קינה איז דאָ אַרויסגעקומען, שטיל, נישט שרייענ־דיק און אין עכטן־יידישן וואָרט באַקליידט. אַזוי זיינען אויך אַרויסגעקומען עפעקטיוו זיינע וואָן־גאָג לידער. דאָרט וואו דער דיכטער זוכט צו גע־פינען אַ קינסטלערישע געשטאַלטונג פאַר זיינע געפילן, געלינגט אים אָפט צו געפינען דאָס פשוטע, אמתע וואָרט, דאָס וואָרט וואָס רעדט שטיל, וואָס לאָזט איבער אַ טיפן אָפּקלאַנג און רעגט דעם לייענערס פאַנטאַזיע, און נישט ווי זיינע לירישע קלאָג־לידער וואָס לאָזן אַ סך מאָל איבער

דעם לייענער קאַלט, ווי זאַכן וואָס ער ווייסט שוין (ווער ווייסט עס נישט, אַז אונדזער ערד איז אַן עמק הבכא?), וואָס דער דיכטער האָט אים נישט געזאָגט אויף אַן אייגענעם אופן, אין אייגנאַרטיקער פאָרעם...

איך קום צו פאָרעם. אין לעצטן סך־הכל איז דאָס ליד פאָרעם, וואָרט, שורה, קלאַנג. דער לייענער ווייסט נישט און איז נישט מחויב צו וויסן גאָרנישט, נאָר וואָס די שורות, די קלאַנגען פון די ווערטער, זייער צוזאַמענשטעל לאָזן ביי אים איבער. דער ליריקער וועמעס שטח איז מיניאַטוריש, וואָס האָט נישט אַזוי פיל פּלאַץ ווי דער פּראָזע־שרייבער, אָדער עפּאָפּייאיקער, מוז עפּעס אויפטאָן מיט יעדן וואָרט זיינעם, אַפילו דאָס ליידיקע אָרט צווישן זיינע שורות מוז עפּעס זאָגן...

יאָסל קאָהנס פאָרעם איז אָרעם. ער איז זאָגעריש, נישט מאָלעריש און נישט מוזיקאַליש. ער האָט נישט ראַפינירט זיין טאַלאַנט. אים פעלט אויך דערפינדערישקייט, איינפאַל, אימאַגינאַציע, עפּעס אַזוינס וואָס אי־בערראַשט און קריצט זיך איין אין זכרון. דער רושם פון זיין ליד איז, דאַרף מען זאָגן, אַ קומולאַטיווער. מען ווערט נישט פאַרכאַפּט פון אַן איינצל ליד. אָבער אַז מען לייענט זיך אין אים אַריין, דערפילט מען דעם פּאָעט, מען גלויבט דער אמתדיקייט פון זיין פּאָעטישער איבערלעבונג.

נאָך אַ גרויסן לזכות דאַרף מען לערנען אויף יאָסל קאָהן, דעם דיכטער, וואָס ער פאַרלאָזט זיך נישט אויף זיין מוזעס וויזיטן, נאָר ער טראַכט, האָט אידייען. אַמאָל האָט מען געהאַלטן, אַז טראַכטן איז אַ חסרון ביי אַ פּאָעט. פּראָבלעמען זיינען סם־המות פאַרן דיכטער וואָס דאַרף זינגען ווי אַ פויגעלע. די „יונגע" האָבן געפּרוווט אויפשטעלן אַ טעאָריע וועגן ליד וואָס האָט קיין אידייע נישט, אָדער מאָראַלישן תוך. די פאַלשע טע־אָריע האָט אָפּט פאַרפירט די „יונגע" פּאָעטן.

יאָסל קאָהן דאַרף מען דורש לזכות זיין וואָס ער טראַכט אין זיין ליד און ראַנגלט זיך מיט פּראָבלעמען. מען האָט אים פאַרגעוואָרפן זיין גאָט־זוכעריי, אָפּגעפרעגט די עכטקייט פון זיין קלאַפּן זיך על־חטא, באשר ער איז נישט קיין אמתער גלויביקער, און זיין גאָט איז נישט קיין אמתער אלקי ישראל. איך האַלט דאָס גראָד פאַר אַ מעלה. דערמיט ווייזט ער זיין אויפריכטיקייט. ווען ער קומט צו אונדז ווי אַ גלויביקער וואָלטן מיר אים ערשט דעמאָלט געדאַרפט חושד זיין. דעם פאַלשן פרומאַק וואָס פּרעפּלט דבקותדיק דאַרף מען חושד זיין ווייל דער היינטיקער מענטש איז נישט קיין גלויביקער (מיט אויסנאַמען), נאָר אַ בלאָנדזשענדיקער, אַ זוכער... ווען יאָסל קאָהן זאָגט:

ניט איינמאָל טראַכט איך צו זיך אַליין,
און איך קען זיך צו דיר נישט דערהויבן
און פאַרשטיין דעם כוח, דורך וועלכן אַ מענטש וויל פאַרגיין
אויפן גליאיקן רוף פון זיין גלויבן
(„ביים אָנהייב פון סוף״)

**מעגן מיר אים גלויבן.**

**דער מאָדערנער מענטש קאָן פילאָזאָפירן וועגן דעם כוח פון גלויבן, אָבער דעם אמתן גלויבן האָט ער נישט...**

**יאָסל קאָהן האָט, ווי יעדער עכטער שאַפער, זיין פּראָבלעם, זיין גורלדיקייט (דאָס איז דער בולטסטער סימן פון עכטקייט), כאָטש דאָס איז ביי אים נישט געגנוג שאַרף אויסקריסטאַליזירט, און מ׳קען ביי אים הערן אָפּקלאַנגען פון אַנדערע דיכטער (אין זיין לעצטן בוך אַ סך ווייני־קער ווי אין די פריערדיקע). אָבער די הויפּט שנור פון זיין אייגענער פּראָבלעמאַטיק איז ביי אים דאָ. וואָס איז זי? — הערט זיך צו:**

עס קעמפט דער מענטש שוין טויזנט יאָר
ווי צו אַנטלויפן פון זיך אַליין.
ס׳איז נאָך אַלץ פאַר אים נישט קלאָר
ווי אַ טאָג גייט אויס אין געוויין.

נישט אין נעכטן — נישט אין מאָרגן,
נישט אין אים איז עס געווענדט,
דאָס וואָס ער האָט זיינע האָפענונגען דערוואָרגן
מיט זיינע אייגענע צאַרנדיקע הענט.

איך פיר מיין טראָט ווייט אַוועק
צו דעם אומבאַוואוסטן מאָרגן,
אַ פאַרפייניקטע האָט זיך מיין שרעק
נעכטן ביי מיין שוועל דערוואָרגן.

און דאָס לעצטע ביסל שפּאָט
איז פון מיר שוין אויסגערונען,
גאָט איז רו, רו איז מיין גאָט,
כ׳האָב מיין גאָט שוין איצט געפונען!

**דער היינטיקער דיכטער** זוכט אַ גלויבן, **וויל גלויבן — וויל געפינען רו ביי גאָט...**

# חיים פּעט

חיים פּעט איז געקומען אין דער ליטעראַטור ווי אַ סך אונדזערע „קינדער־פון־פֿאָלק", שרייבער אָדער „רויע טאַלאַנטן", אַ פּאַרטיקער אָדער אַן „אָפּגעקאָכטער", ווי גלאַטשטיין זאָגט ערגעץ וועגן בימקאָן. אַלע קוואַליטעטן פון זיין טאַלאַנט זיינען שוין געווען בולט אין זיין ערשטן בוך, און אויב מען האָט געקאָנט טראַכטן, אַז די קליינע סקיצעלעך זיינען קינדערשע דריבנע טריט און ער וועט זיך אויסברייטערן, אָננעמען מיט אַ טיפערן אָטעם, איז עס געווען אַ טעות. פּעט פּרואווט נאָך פאַרשמעלערן, אָדער לאָמיר זאָגן מצמצם זיין דעם שטח פון זיין דערציילונג — ביז ער איז דערגאַנגען צו מיניאַטור.

פונוואַנען נעמט זיך דאָס?

פּעט איז אַ געטרייער תלמיד פון אברהם רייזענען. ס'איז נישט אַ ליטעראַרישער איינפלוס, פון וועלכן אַ יונגער שרייבער קאָן זיך נישט באַפרייען; ס'איז קרובהשאַפט, בשמה קרובהשאַפט; ס'איז נוסח פון וועלכן רייזען איז געוואָרן דער קלאַסישער אויסטייטשער. דער בולטסטער סימן פון דעם נוסח איז אַ ליבשאַפט פאַר קליייניקייטן, פאַר די וואָכעדיקע, פּשוטע, טאָג־טעגלעכע פּאַסירונגען. אָבער ווען אין רייזענס קלייניקייטן איז דאָ די פּשטות פון גרויסער קונסט, דערציילט פּעט זיינע קלייניקייטן מיט אַ התפּעלותדיקער נאַאיווקייט, וואָס איז נישט לייכט היינטיקע צייטן אַראָפּצושלינגען. ס'איז קלייניקייט לשם קלייניקייט, ס'איז אַ פאַרשפּילן זיך, אַ פאַרגעסן זיך, אַ פאַרלירן זיך אין קליינעם, אין דריבנעם, אַן „עס־קעיפּיזם", אַן אַנטלויפן. פּעט איז אַ טאַלאַנטירטער שרייבער. אָבער צוליב דעם מעטאָד זיינעם, פון וועלכן ער האָט פּשוט געמאַכט אַ געטשקע (פאַר־קלענערן ביז צו אַ מיניאַטור אַ וועלט וואָס איז אַזוי קאָמפּליצירט), גייט ער אויף אַ וועג וואו ער קאָן זיך נישט אַנטוויקלען. ער מוז זיך איבער־חזרן, איבערקייען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דאָס זעלבע.

איין זאַך ראַטעוועט אים און גיט אים אַן אייגן פּנים: זיין עכטע לירישקייט, זיין טיף געפיל פאַר נאַטור, ליבשאַפט און פּאָעטיש־ליריש מיטלעבן מיט דער וועלט, זיין כוח אַריינצולעבן זיך אין דער וועלט פון

דער נאַטור, דעם לעבן פון חיה, בוים און אַפילו דומם. נישט קיין טיפּיש יידישע קוואַליטעט. ב. ריווקין, וואָס האָט תמיד אָנגעטאַפּט דאָס סאַמע עצמדיקע, האָט אים דערפאַר באַטיטלט: דער יידישער שייגעץ.

פּעט איז אין עצם אַ ליריקער, און זיין דערציילונג קריגט וואָג נישט דורך מענטשן וואָס ער באַלעבט שעפעריש, נאָר דורך די לירישע בילדער, וועלכע ער מאָלט. ער איז נישט קיין אויל־מאָלער. אין זיינע בילדער איז נישטאָ די פאַרשיידנאַרטיקייט און פילפאַרביקייט און שפּיל פון ליכט און שאָטן. פּעט איז אַ פּאַסטעל־מאָלער. ער באַמיט זיך אין די ראַמען פון אַ קליין בילדל, דורך קאָנדענסירטער שטימונגפולקייט אין געדיכטער פינדזיל־אַרבעט צו שאַפן אַ ליריש לעבנס־בילד. מיט געדיכטע פינדזיל־אַרבעט מיין איך קליינע אומציילבאַרע שטריכלעך, דעטאַלן, ווי מען רופט עס. פּעט כאַפּט נישט אויף אַ זאַך פון צענטער אַרויס. ער זעט זי נישט ווי אַ גאַנצקייט. איך האָב איינמאָל, לייענענדיק פּעטס אַ דערציילונג גע־האַט דאָס געפיל, אַז ער שטעפּט צוזאַמען, שטוקעווײַט צוזאַמען, פון קליינע שטיקלעך מאַטעריאַל, אַ ניי גאַרניטורל. און אַ סך מאָל געלינגט אים. עס בלאַנקט ווי ניי. ער באַוויזט עס מיט שפּראַך, וואָס ער וועגט און מעסט און נעמט אויפן גומען אַזוי לאַנג ביז ער געפינט דאָס פּאַסיקסטע וואָרט.

אָבער אין אַ סך דערציילונגען זיינע, נישט געקוקט אויף דער צו־געקליבענער שפּראַך און גוטע דעטאַלן, איז נישט געשאַפן געוואָרן קיין גאַנצע דערציילונג, נאָר אַ סקיצע, אַ בילדל, אַ ברעקל, אַ פאַרב־שפּיץ, אַן אָנוואָרף. פּעט איז פאַרליבט אין זיינע שטעטלשע זכרונות, אין זיינע יוגנטלעכע אימפּרעסיעס. ער האָט אַ סך לעבנס־ענטוזיאַזם. ער נעמט אויף דאָס לעבן מיט פרייד. לאָמיר זאָגן, אַז דאָס איז אַ גרויסע קינסט־לערישע מעלה. אָבער דאָס אַליין שאַפט נאָך נישט קיין קינסטלערישע אַרבעט. דאָס סוביעקטיווע מוז אָביעקטיוויזירט ווערן פון יחידישן באַזיץ פון קינסטלער און איבערגיין אין רשות הרבים. צו דעם פאָדערט זיך אַ קינסטלעריש איבערשאַפן.

פּעט איז נישט קיין כאַראַקטער־מאָלער און נישט קיין פּסיכאָלאָג. די מענטשן זיינען ביי אים פּשוט, פּרימיטיוו, ווייניק דיפערענצירט, זייערע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען — באַגרענעצטע. דערפאַר איז די חשיבות פון זיין דערציילונג נישט אין דעם טיפן אַריינקוק, אָדער נייע באַלייכטונג פון דער מענטשלעכער נשמה, אָדער קאָגנזייטיקער שפּיל פון אינדיווידן אָדער גרופּן. זיין קראַפט איז אין ליריש־עמאָציאָנעלן פאָרטרעט וואָס פּאַסט זיך נאַטירלעך אַריין אין דער לאַנדשאַפט אָדער סביבה וואָס ער מאָלט...

ער איז נישט באַרירט געוואָרן פון דער גרויסער וועלט. ער איז

פאַרמויערט אין זיין שטעטל. ער האָט זיך ממש פאַרפאַנצערט קעגן דער וועלט. אפשר איז אַזאַ פאַרפאַנצערונג אַ נויטווענדיקייט פאַר דעם אויסגעוואָרצלטן יידישן שרייבער. עס איז אַ פאַרטיידיקונג קעגן אונטערגאַנג, דיסאינטעגראַציע. אָבער ווען ביי אַנדערע שרייבער זעט מען דעם געראַנגל, די בלאָנדזשעניש און זוכעניש, לויפט פעט, אַ צו־פרידענער, אַ פריילעכער, צוריק אין זיין קליין שטעטעלע. ס'איז אים דאָרט גוט ווי די וועלט!

ווען פעטן האָט זיך פאַרגלוסט כאַפּן אַ שפּאַציר אין דער היינטיקער צייט און געבן דעם גייסטיקן פּראָצעס פון אַ ניו יאָרקער יידישן מענטשן, וואָס וויל ראַטעווען אַ ברודער פון יענער זייט ים און באַשליסט, ווייל ער האָט נישט קיין געלט, צו מאַכן אַ פייער אין שאַפּ (אין דער דערציילונג „פייער"), — קומט די זאַך אויס פּרימיטיוו, אומגלויבלעך, נישט גענוג מאָטיווירט. מיך אינטערעסירט דאָ נישט צי אַ יידישער שרייבער מעג דערציילן וועגן אַזוינע יידן (דאָס איז אַן ענין פאַר בעל־מוסרניקעס), נאָר דער פאַקט, אַז ווען פעט טרעפט זיך אָן אויף פאַרפלאָנטערטקייטן פון מענטשלעכן כאַראַקטער, איז ער אומבאַהאָלפן.

דערפאַר ראָט איך יעדן איינעם וואָס וויל דערפילן פעטן דעם קינסט־לער צו נעמען זיך קודם־כל צו זיינע חיות, פייגל אוןביימער. ער ווייזט דאָ אַרויס אַ וואונדערלעכן חוש־הראיה פאַר זאַכן וואָס דער פּשוטער בשר־ודם גייט פאַרביי אַ בלינדער מיט אַטראָפירטע חושים. פעט הויכט אַריין אָטעם אין יעדער זאַך. דער לייענער דערפילט די פריַיד פון אַנט־דעקונג, פון דערזען מיט פרישע, נייע אויגן די וועלט.

פעט דער ליריקער וואָס קוקט אויף דער וועלט, מיט פאַרגאַפטע התפעלות, גייט זיך דאָ אַרום, ווי אַ מושל, איבער אַן אייגענעם קיניגרייך... זיין תמימות האָט מיך דערמאָנט אין חיים קרולס נאַאיווער התפעלות און קינדערשער פרייד מיט דער וועלט. אָבער קרולס תמימותדיקער פאַרגאַפּ־טער עקסטאַז איז געווען פיבער־„יופאָריע" פון צאַנקענדיקן לעבן־פלאַם. חיים פעטס פאַרגאַפטקייט און תמימות איז געמיטס־נאַאיוויטעט. דאָס היימישע, פון דער וועלט אָפּגעווייטערטע יידישע שטעטל, האָט אַרויס־געגעבן אַ סך שרייבער מיט אַ נאַאיוו־קליינשטעטלדיקן קוק אויף דער וועלט און מענטש. אָבער די יאָרן פון אויסרייסן אין קאָנטאַקט מיט דער גרויסער וועלט האָבן זייער יוגנטלעכע תמימותדיקייט אויסגעלייטערט און מתקן געווען.

פעט נאָך אַ סך יאָרן אין ניו יאָרק ווי אַ שאַפּ־אַרבעטער האָט אויפ־באַוואָרט אומבאַפלעקט די קליינשטעטלדיקע תמימות און נאַאיוויטעט. דאָס איז דער קען־צייכן פון זיין שרייבערישן מהות.

# לוי גאָלדבערג

לוי גאָלדבערג האָט אַ סך לידער געווידמעט די ל״וואָוואָניקעס. דער שטילער, באַהאַלטענער ל״וואָווניק, וואָס קיינער ווייס ניט וועגן אים, איז לוי גאָלדבערגס אידעאַל. אין כמעט אַלע זיינע לידער באַזינגט ער די פּשוטע, שטילע, עניוותדיקע מענטשן און ער הויבט אַרויס דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די מענטשן, וואָס טראָגן שטיל דעם עול פון לעבן.

ער שרייבט אויך אַ סך לידער וועגן זיך אַליין. ער האָט גרויס אָפּשיי פאַר זיין פּאָעטישער באַרופנקייט. מיט תמימותדיקער באַוואונדערונג און פרומען געמיט דערציילט ער אונדז אָפט אין זיינע לידער וועגן זיין פּאָעטישער אויסדערוויילטקייט, וואָס ברענגט אים טרייסט, וואָס נעמט אים אַוועק פון די שווערקייטן און לאַסטן פון טאָג־טעגלעכן לעבן און דערהויבט אים. ער כאַפּט פּשוט התפעלות פון דעם פּאָעט אין זיך, וואָס קען אין הייליקע מינוטן פון התרוממות, ווען די מוזע פון ליד קומט צו אים, אַזוי דערהויבן ווערן, אַזוי הויך שטייגן. אויב ער פאַרלירט דעמאָלט זיין באַשיידנקייט און עניוות, דאַרף מען אים דאָס מוחל זיין, ווייל ער זינגט דאַמאָלט ניט וועגן דעם ייד פון אַ גאַנץ יאָר, דעם האָרעפּאַשניק, דעם סטאָליער לואי, ווי מ׳רופט אים דאָ, נאָר וועגן דעם דיכטער, לוי גאָלדבערג, וועלכער האָט זוכה געווען נתגלה צו ווערן ווי אַ דיכטער.

לוי גאָלדבערג האַלט מיט עגדאר אלען פּאָע, אַז דאָס עכט־ווערטפול ליד איז דאָס קליינע ליד וואָס איז „בליץ פון דערזעאונג״ (פון זיין ליד: וואָס איז ליד ?), ניט די „פולע מאָס רייד און די לאַנגע פּאָעמעס״.

לוי גאָלדבערג האָט אַ סך לידער צום ליד און וועגן ליד; ער דערציילט מיט יראת הכבוד ווי אַ ליד ווערט געמאַכט. אָט זיינען די נעמען פון אייניקע פון זיינע לידער פון דעם מין (פון בוך „ניגון אין ווינט״, אַרויס אין 1948): „אַ ליד — אַ לאַמעד וואָוו״, „אַ דיכטערס האַרץ״, „ס׳איז נאָר באַשערט״, „רייד וואָרט מייגער״, „מיין וואָרט״, „אַ מעשהלע וועגן אַ פּאָעט״, „דער לידער טרעגער״, „אומקום פון ליד״, און אַנדערע.

לוי גאָלדבערג דער האָרעפּאַשניק וועמענס טעג גייען אַוועק אין שווערער אַרבעט מיט „ברידער פון זיין צעך״, וואָס פרעגט זיך בעת דער אַרבעט: „דיכטער לוי, וואָס טוסטו דאָ ?״ ווערט דער פאַרכישופטער בן

מלך ווען ער ווערט דיכטער, ער ווערט ניט מיד צו לויבן און דאנקן גאט פאר דעם חסד וואס ער האט מיט אים געטאן:

איך שארף דעם הובל
צו שאבן די ברעטער —
פאר טירן און פענצטער
פאר טרעפן צום קלעטער
אויף אנטאן דעם דאך

און ווען פון דעם אויפבוי
דערלעבט ווער די שעה —
און אלע מכשירים
וואס נויטיק איז דא
רוף איך די פשוטע לייט
פאר וועמען ליד איז לעבנס באדייט:
קומט אין מיין ליידיקער דירה
פאר די געראמע חדרים
זיי זיינען געבויט
פאר די וואס זיינען ארעם
און דארפן זונען־שיין
קלייבט זיך אריין!

דאס ליד איז פאר לוי גאלדבערג א גרויסער יום־טוב. ס׳ליד איז „גייסטיקער ברויט פאר מיין הונגער". און ער בעט גאט:

גאט! באזין אויך מיין שכן
ניט שפייז אים מיט מעקענע פראסטע.

דער דיכטער באדויערט דעם מענטש וואס אים איז ניט באשערט צו קענען שרייבן לידער וואס זאלן ליכטיק מאכן זיין לעבן.
אט זאגט ער אין א גאר פייגעם ליד:

„מיך ציט צו דעם פייער ווייל פייער איז שם
מיין ווארט צו באזינגען דעם מענטש אין זיין קלעם

און לוי גאלדבערג קומט אפט פאר א סכסוך צווישן דעם פשוטן מענטש וואס איז א גוטער פאמיליען־מאן, וואס זיין היים און ווייב און

קינדער זיינען אים טייער, וועמענס ליבשאַפט דערוואַרעמען זיין לעבן, און דעם דיכטער, וואָס זיין מוזע צווינגט אויף אים אַרויף התבודדות.

ס׳איז ניט גאָלע יום־טוב און פרייד דעם דיכטערס גורל. ס׳איז שווערע מי און ראַנגלענישן און יסורים. עס גנבענען זיך אַריין ספקות און טרויע־ריקע מחשבות. לוי גאָלדבערג אָטעמט אָפּ פרייער — דוכט זיך אונדז — ווען ער קען איבערלאָזן זיין גריבלען זיך אין זיך אַליין און אין זיין דיכטערישן גורל און זיך אָפּגעבן מיט אַנדערע מענטשן און זייערע טועכצן.

ווי אַלע אין דער אַלטער היים טיף פאַרוואָרצלטע דיכטער איז ער איבערגעפולט מיט זכרונות פון זיינע יוגנטלעכע יאָרן אין דעם היימישן יידישן שטעטל. ער דערציילט אַ סך וועגן דעם לעבן פון זיין משפחה און וועגן אַנדערע שטעטלדיקע יידן און דעם גאַנצן שטייגער לעבן פון יידישן שטעטל. ער דערציילט עס מיט שטילער ליבשאַפט און בענקשאַפט און אַן איינגעהאַלטענעם שטילן טרויער.

זיינע פּראָסטע נאַטור־בילדער וואָס ער מאָלט זיינען ענג צונויפגעפלאָכטן מיט דעם יידישן שטעטל, די מענטשן און זייערע לעבנס און פירעכצן.

אָט איז אַ פיינע שטעטל־פּאָעמע :

אין מזרח זייט, האָט אַ פרילינג זיך געהעלט
און אַ גאָלדן באַגין
אויף פעלדיקן גרין.
אָנגעזאָגט :
עס טאָגט מיט שפע.
אין מאַרק אַ יאַריד־טאָג וועט זיך שטעלן.

ווי אַ ציגיינער־טאַנץ מיט גלעקלעך און פויקן
האָט דער יאַריד געליאַרעמט, געשימערירט
אין ליכט מיט אַלערליי קאָלירן
פון ציץ געוואַנט און זאַקן

פויערים מיט קאָלטענע בערד ווי מאָך
און הענדלער מיט פנימער פאַרשוויצטע
האָבן זיך געאַמפּערט און געדונגען

לוי גאָלדבערג ווערט אין זיינע שטעטל־לידער און פּאָעמעס אַן עפּי־קער. ער דערציילט מיט שטילער נעימותדיקער קלאָרקייט וועגן דעם

שטעטלשן לעבן. דאָ רעדט ער פּשוט, נוצט ניט קיין פּאָעטיש־געהויבענע רייד ווי ער טוט צומאָל אין זיינע „איך, דער דיכטער" לידער.

ער דערציילט מיט פאַרבאַהאַלטענעם טרויער ווי זיין מוטער ראָכע גרייט צו קאָשיקעס מיט אַלערליי געטראַנקען אויף יאַרידים. מסתמא האָט דער קליינער לוי איר געהאָלפן, מסתמא האָט מען אין הויז כסדר גע־רעדט וועגן ירידים וואָס האָבן אַריינגעבראַכט פּרנסה אין שטוב אַריין.

אין לוי גאָלדבערגס דערציילערישע לידער (מען וואָלט זיי אָפּט געקאָנט אויסשטעלן ווי פּראָזע אָן גרויסן שאָדן) פילט מען דעם מאַרק און מען הערט דעם טומל פון יאַריד. לוי האָט מסתמא באַגלייט זיין מוטער אויף יאַרידן און ס'האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין מוח בילדער פון פּויערים, יידישע סוחרים, ציגיינער, פון אַלערליי סחורות און שפּייזן, די קולות און ריחות פון בהמות און פערד.

דאָס געמיט פון יידישן יינגל אין אַ שטוב „געמאָגערט פון נויטן", וואו די מאַמע איז געווען די ברויטגעבעריך, און דער טאַטע דער למדן האָט געשניצט פעדערן צו העלפן טראָגן דעם עול פון פּרנסה, קריגן מיר אין אַ ליד־וויזיע „ווייס". דער דיכטער זעט זיין טויטן טאַטן ווי ער זיצט און שניצט פעדערן אין אַ שטוב וואָס איז ווייס פון גענזענע פעדערן קלאָרע ווי קרייד. זיי פאַלן ווי שנייען און שאָרכן ווי זייד. און דער ווייסער טאַטע —

שווייגט ער און שניצט זיך
אַ פעדער געניט.
פאָרשט אויף זיין נאָגל
דעם שפּיציקן שניט.

אַ ווייסער דער טאַטע
פליקט ער און שניצט
טאַטע , מיין טאַטע
פרעג איך זיך אָן
צי זיין וועט אויף ברויט ?
ענטפערט דער טאַטע:
זיין וועט אויף ברויט
זיין וועט אויף נאַפּט
דערצו איז דאָ פרייד
אין דעם וואָס מען שאַפט.

די פרייד וואָס מען שאַפט — איז שוין דעם דיכטערס פרוש אויף וועלכן זיין טאַטע וואָלט ביטער געשמייכלט.

אין אַזוינע גרויע פאַרבן, מיט שטילע, פשוטע גרויע ווערטער, מאָלט פאַר אונדז דער דיכטער אויס זיין לעבן, אין וועלכן זיין דיכטעריש וואָרט האָט געוואָרצלט. ער איז זיך באַוואוסט פון דער פשטות און תמימות און שטילן טרויער פון זיין ליד און זיין וואָרט.

ער זאָגט:

מיין וואָרט איז שטיל ווי טרויער
מיין פאַרב איז ווייס און שוואַרץ
עס הילכט ניט הויך דער אויער,
נאָר שטיל עס רעדט צום האַרץ.

און מיר מעגן אים גלויבן ווען ער זאָגט אין ליד „וואונדער פון דער אָוונט־שעה":

אַפילו ניט אין פולן ליד איז דאָ אַלצדינק
וואָס כ'האָב פאַרטראַכט אין שטילער שעה צו זאָגן
מיין פשוט וואָרט, וואָס איך געפין אים גרינג
איז אָפט אַ משא ניט אַרויפצוטראָגן.

ער ענדיקט דאָס ליד מיט די שטילע, קלוגע רעזיגנירטע שורות:

וואונדער פון דער אָוונט־שעה — ווען איך זאַמל מיין עשירות
איך צאָל מיט בלוט, נעם אָן מיט ליבשאַפט מיינע סתירות.

פון די סתירות פון דיכטער און מענטש, פון גייסט און גוף, וואָס יעדער דיכטער און אויך אַ פשוטער בשר ודם ליידט פון זיי (אפשר אומבאַוואוסט) געפינט דער דיכטער לוי גאָלדבערג אויסלייז אין דער געשטאַלט פון דעם ל"וואָוווניק. דער פאַרבאָרגענער ל"וואָוווניק וואָס איז נאָענט צו גאָט און וואָס דינט גאָט מיט זיינע פאַרבאָרגענע מעשים שטיל, הכנעהדיק, און דער דיכטער וואָס דינט גאָט מיט זיין ליד, זיינען גייסטיקע ברידער. אין ל"וואָוווניק האָט לוי גאָלדבערג געפונען דעם סימבאָל פון זיין קוק אויף וועלט, לעבן און שאַפן.

דאָס איז לוי גאָלדבערגס דיכטערישער מאמין. דאָס גיט אים גאַנצקייט און זיין אייגנאַרטיק דיכטעריש פנים. מיט דעם וועג גייט ער. דאָס איז ער.

כמעט אין יעדן לוי גאָלדבערגישן ליד קען מען עפּעס געפינען פון דער ראָלניקישער פשטות, פון אָנגעמען רעזיגנירט דעם מענטשלעכן און דיכטערישן גורל.

אין ליד„ ווי אין מעשהלע״ זאָגט ער:

„כ׳טראָג די אָנונג זינט כ׳האָב די ערד באַטראָטן״.

און:

כ׳בין קנעכט און טראָג מיט שטאָלץ מיין עול — די שווערע קייטן.

און ניט נאָר ווי אַ דיכטער טראָגט ער רעזיגנירט דעם עול, נאָר אויך ווי אַ מענטש. אין ליד „ס׳איז מיר באַשערט״ זאָגט ער —

ס׳איז מיר באַשערט צו זיין אין לעבן אַ טאַטע אַ געטרייער
צאָל איך דורך מיינע מידע יאָרן־הויכן לעבנס־שטייער
כ׳שפּרינג דורך קיילעכדיקע וואָכן, ווי אַ הינטל דורך אַ רייף.

גאָט טראָגט אַ גרעסערן עול און שוויגט, איז זיין טרייסט. אָט איז דאָס סאַמע עיקר־דיקסטע, גלויביקסטע ליד פון לוי גאָלדבערג, דער רעזומע פון זיין לעבנס פילאָזאָפיע:

גאָט איז אונדזער הערלעכסטער שוויגער
דער שטילסטער ביי אונדז — למד־וואָוו,
מיט אונדז אין דער מי פון דער אַרבעט
איז ער דאָ אויך אין רו פונעם שלאָף.

ער איז דאָ ביי יעטוועדער שמחה,
און צינדט די געמיטער דאָרט אָן
גאָט — איז דאָ ביי יעדער לוויה,
און שטומט ביז עס לעשט זיך אויס דער קנויט.
דאָן שפּרייזט ער צופוסנס דעם אָרון, —
וואו רו־ערד פאַרזיגלט דעם טויט.

אויך אין דער הייליקער שטילקייט
איז ער דאָ, ווען עס שרייבט דער פּאָעט.

די לעצטע צוויי שורות, אָן וועלכע דאָס ליד וואָלט זיך גאַנץ גוט געקענט באַגיין, זיינען אָבער זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר לוי גאָלדבערג, פאַר זיין תמימותדיקער פּשטות, פאַר דער פּיעטעט, מיט וועלכער ער באַטראַכט זיין עבודה פון לידער שרייבן. דאָס דערקלערט אונדז ווי זיין עניוות און שטאָלץ קענען הויזן צוזאַמען, ווי זיי קאָנען ביידע זיין עכט און ערלעך.

עס זיינען פאַראַן דיכטער וואָס ביי זיי וועגט דער וויאַזוי אַריבער דעם וואָס. כאָטש אין קונסט איז דער וויאַזוי פון צענטראַלער חשיבות איז אָבער אַ ליד, ווי מייסטעריש די פאָרעם זאָל ניט זיין, אָן אַ טיפערן באַטייט אויב עס פליסט ניט אין ליד דאָס בלוט פון דיכטערס האַרץ.

צוריקגערעדט: אַ ליד אין וועלכן מיר הערן דעם דיכטערס עכט קול פאַרלירט אַ סך ווען די פּאָרעם איז ניט אָרגאַניש און קינסטלעריש צו־נויפגעגאָסן מיטן מיין פון ליד. דאָס בעסטע ליד איז דאָס דאָזיקע וואו די צוויי קען מען ניט אָפּטיילן, ווייל זיי זיינען געוואָרן איינס.

לוי גאָלדבערגס דיכטערישע כלים האָבן — מוזן מיר זאָגן — אַ סך פּגי־מות און זיינען אויך צומאָל, וואָס איז נאָך ערגער, גענוצטע, געבאָרגטע. ער נוצט אָפט אָפּגעריבענע, ביכערישע אינטעליגענטישע מליצות אין ליד ווי: רעזוס, פרומסטן פיעטעט, הייליקע שטילקייט, שטילער פאַרכטיקייט, מיט ביינערדיקער האַנט דער טויט איז געקומען, באַזיסן דעם צער פון די יאָרן, ס׳באַוועגט זיך דער ראָד פון זיין לעבן. און נאָך און נאָך.

אָבער לוי גאָלדבערגס ליד האָט אויך אַ סך פיינע, עכטע פּשוט־ערלעכע שורות און אייגענע רייד וואָס קומען פון האַרצן. אַניט וואָלט דאָך זיין ליד אויף אונדז ניט געמאַכט אַזאַ רושם, ווי עס מאַכט, אַפילו ווען מיר זעען אַלע שוואַכקייטן פון זיין פּאָעטישער אַרבעט.

לוי גאָלדבערג ווייסט עס אַליין. ער ווייסט אַז פון פאַרטראַכטן ליד ביז דעם אָנגעשריבענעם איז אַ גרויסער מהלך, אויף וועלכן עס לויערן אַ סך שטרויכלונגען. ער ווייסט אַז עס זיינען „פאַראַנען לידער" (אַ נאָמען פון זיינס אַ ליד) פאַרשיידענע, גוטע און שלעכטע, געראָטענע און ניט־געראָטענע, ניט ווילקיקע און אייביקע; לידער מיט בלוט, ניט „מיט קרייד געשריבענע" און „לידער וואָס גייען אויף אין אונדזער לעבן", וואָס „וואַנדערן פון איין דור צום אַנדערן".

דער דיכטער בעט זיך ביי גאָט —

ליד, היט מיך אויס פון ירידה,
בענטש מיך מיט דער צווייטער מדה.

לוי גאָלדבערג, וועמענס אידעאַל איז דער ל"וואָווניק, זוכט, ווי דער ל"וואָווניק, צו שטייגן כסדר אויף העכערע מדרגות, ווי ער שרייבט אין איינעם פון זיינע לעצטנס־געדרוקטע לידער „מדרגות":

מדרגה ליגט אין הייליקער עבודה
דורך די זיבן הימלען איז דער וויטער וועג.
קוים גרייכסטו איר (?) זיי פאַר גאָט זיך מודה:
דו ביסט ניט ווערט דעם טייערסטן פאַרמעג.

דאַן וועסטו זוכה זיין אָט די מדרגה
טראָגן ווי אַ קרוין אויף דיין געבענטשטן קאָפּ.

# משה דלוזשנאָווסקי

דלוזשנאָווסקי באַלאַנגט צו דער ייִנגסטער גרופּע ייִדישע שרייבער וואָס זייַנען אויפגעקומען אין פּוילן צווישן די צוויי מלחמות. ער האָט פּרי אויסגעוואַנדערט פון פּוילישן שטעטל קיין פראַנקרייַך און ווען היטלערס חילות האָבן פאַרכאַפּט פּאַריז און דערנאָך גאַנץ פראַנקרייַך, האָט ער זיך מיט מזל געראַטעוועט פון די נאַציִשע מחבלים און גע־לעבט אַ צייַט אין די צפון־אַפריקאַנישע לענדער און דערנאָך זיך דער־שלאָגן צו די אַמעריקאַנער ברעגן.

אַ שרייבער וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזאַ וועג און האָט אַן אויג צו זען און די פעאיקייט צו אַבסאָרבירן דאָס געזעענע און פאַרדייַען עס און איבערקאָכן, האָט גענוג מאַטעריאַל צו שעפּן דערפון ס'גאַנצע לעבן.

און דלוזשנאָווסקי איז פּשוט געבענטשט מיט דער באַזונדערער פעאיקייט פון אַרייַנלעבן זיך אין אַ פרעמדער סביבה. ס'איז אַ זעלטענע פעאיקייט ביי שרייבער. שרייבער דאַרפן ווי ס'לעבן פילן די היימישע ערד אונטער די פיס.

אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור איז באַרימט געוואָרן פּיער לאָטי פאַר זיין מייסטערשאַפט אין שילדערן דעם עקזאָטישן אָריענט. אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דלוזשנאָווסקי אונדזער פּיער לאָטי, דער מאָלער פון אָריענט. אים האָט זיך איינגעגעבן דערפילן דעם פּולס, דעם אָטעם, די פאַרב פון דעם אָריענטאַלישן לעבן פון די צפון־אַפרי־קאַנער ייִדן. מען דאַרף פאַרשטיין, אַז מאַראָקאַנער ייִדן זייַנען נישט ווי די פּאַריזער אָדער ניו־יאָרקער ייִדן. מען האָט צו טאָן מיט אַן אַנדער סאָרט מענטשן, אַן אַנדער סאָרט לעבן און קולטור, אַן אַנדער לעבנס שטייגער און לעבנס באַגריפן. מען האָט צו טאָן מיטן מזרח וועגן וועלכן קיפּלינג, דאַכט זיך, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע דער־ציילונגען פון אינדיע, האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ ליד: „דער מזרח און מערב — די צוויי וועלן זיך קיינמאָל נישט באַגעגענען...״

דלוזשנאָווסקי האָט, פאַרברענגענדיק אַ פּאָר יאָר ווי אַ פּליט אין צפון־אַפריקע, אַזוי טיף אַרייַנגעזאַפּט אין זיך דאָס לעבן פון דעם אַזוי

אונדז פרעמדן שבט יידן, אַז זיי זיינען געוואָרן פאַר אים אַן אומדערשעפּלע־כער קוואַל פאַר נאָוועלן, ראָמאַנען, דראַמעס און קירצערע און גרעסערע דערציילונגען. איז שוין נישט קיין וואונדער וואָס ער האָט גיך אויפ־געכאַפּט דאָס לעבן פון פאַריזער און ניו־יאָרקער יידן.

שרייבן קומט דלוזשנאָווסקין אַפּנים אָן לייכט: די אַרבעט ברענט פּשוט אונטער זיינע הענט. ער איז אפשר דער פּרוכטבאַרסטער שרייבער ביי אונדז אין דער צייט ווען אָפּהענדיקייט און יאוש האָבן אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט די שעפערישע כוחות און דווקא ביי אונדזער ייִנגערן דור שרייבער.

דלוזשנאָווסקי האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע דיקע ביכער מיט דערציילונגען און מ׳זעט זיינע דערציילונגען אין זשורנאַלן און צייטונגען פון איבער דער גאַנצער צעשפּרייטער מלכות יידיש. זיין ראָמאַן פון מאַראָקאַנער לעבן, „דעם טעפּערס טעכטער", איז איבערגעזעצט געוואָרן אין העברעאיש. זיין דראַמע „די איינזאַמע שיף" איז געווען אַ גרויסער דערפּאָלג ביי דער „פאָלקסבינע".

דלוזשנאָווסקי האָט דעם זשורנאַליסטס אויג פאַר דעם אינטערעסאַנטן, קאָלירפולן און דראַמאַטישן. ער כאַפּט גיך אויף אַ דערציילערישע סיטו־אַציע. ער האָט געלייענט אַ סך און זיך אויסגעלערנט וואָס אַ יונגער שרייבער דאַרף וויסן איידער ער נעמט זיך צו דער שרייבערישער מלאכה. אַ סך פון אונדזערע טאַלאַנטירטע שרייבער זיינען פאַרהאַמעוועט געוואָרן אין זייער צעוואַקסן זיך, ווייל זיי האָט געפעלט שרייבערישע קולטור. זיי האָבן געמוזט טאַפּן אין דער פינצטער, אַנטדעקן וואָס מען האָט פאַר זיי שוין לאַנג אַנטדעקט. ביי אונדז זיינען פאַראַן אַ גרויסע צאָל שרייבער וואָס זיינען נישט אַוועק אַ סך ווייטער פון זייער ערשטן בוך ווייל זיי זיינען נישט געגאַנגען „אין חדר", ווי ל. שאַפּיראָ דריקט זיך אויס.

איך וויל שטאַרק באַטאָנען די דאָזיקע מעלה דלוזשנאָווסקיס פון האָבן געגאַנגען „אין חדר" און פון ווייטער לערנען. איך מיין עס דאָ נישט נאָר אין ענגען זין פון לערנען די שרייבערישע מלאכה, נאָר אויסברייטערן די האָריזאָנטן, פאַרשטיין, באַנעמען, אַריינזאַפּן אין זיך די קולטור פון דער אַרומיקער וועלט. אַ סך שרייבער אונדזערע, כאָטש זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס קליינע שטעטל יונגערהייט, זיינען באמת קיינמאָל נישט אַרויס פון קליינעם שטעטל. פּרימיטיוויקייט דערלאָזט נישט דער שרייבער זאָל קענען אויסוואַקסן.

דלוזשנאָווסקי איז דער היפּוך פון דעם קליינשטעטלדיקן באַגרע־נעצטן שרייבער. ער איז אַ קאָסמאָפּאָליט, ווי ד״ר מוקדוני האָט זיך

אויסגעדריקט. ער שרייבט מיט דער זעלבער לייכטקייט וועגן דער עקזאָטישער וועלט פון מאַראָקאָ, ווי וועגן פאַריזער לעבן, אָדער די מענטשן וואָס וואוינען אין די ניו־יאָרקער מעבלירטע צימערן. ער שרייבט וועגן די אַלע פאַרשיידענע וועלטעלעך מיט דער זעלבער קלאָרקייט און צמצומדיקער שפּראַך־מאָלעריי, מיט אַן אויג פאַר דעטאַלן, אָבער אָן צופיל רייד, אָן צעפלאָסנקייט אָדער איבערגעלאָדנקייט. ער שרייבט ווי אַ מאָדערנער שרייבער. ווען עס קומט צו עקזאָטיק, טייטלט ער נישט מיטן פינגער: קוקט ווי עקזאָטיש! זיינע עקזאָטישע שילדערונגען זיינען נאַטירלעך און לעבנס געטריי.

ער פאַרמאָגט אַ סך געניטקייט אין אויפבויען אַ דערציילונג. זיין אויג איז כסדר וואַך און גוואַלדיק בייגעריק אויפצוכאַפּן אַלץ. און ווען נישט אַלע זיינע דערציילונגען פון די אַלע פרעמדע מקומות און לעבנסשטייגער האָבן די קינסטלערישע פולקייט און פאַרטיפטקייט, וואָס זיי וואָלטן באַקומען ביי אַ טאַלאַנטפולן שרייבער וואָס איז דאָרט פאַרוואָרצלט, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן אַריינגענומען אין זיך די לופט, די פאַרבן, די ריחות און קלאַנגען פון זיין היים־ערד, פאַרגיטיקט אונדז אָבער דלוזשנאָווסקי מיט דערציילערישער באַהאַוונטקייט, מיט זיין קענען צעוויקלען אַן אינטערעסאַנטן לעבעדיקן נאַראַטיוו.

אין ד'לוזשנאָווסקיס דערציילונג פאַרנעמט דער נאַראַטיוו, די מעשה, זייער אָפט דעם אויבנאָן און לאָזט אונדז נישט זען דעם אייגענעם פּירוש וואָס דער קינסטלער גיט. דערפאַר האָבן דלוזשנאָווסקיס דערציילונגען אַ סך ברייטקייט, פאַרנעם און פאַרביקייט. דלוזשנאָווסקי איז אַ געניטער דערציילער. זיינע דערציילונגען ציען אונדז אַריין, זיי האָבן אַ גוטע קאָנסטרוקציע. זיין שפּראַך איז אַ קלאָרע, זיין יידיש איז אַן אָנגענעם־לייכטער, אָנגעזאַפּט מיט היימישע זאַפטן.

און אַז זיינע פעאיקייטן פון זען און אויפכאַפּן און דערציילן זיינען נישט פון לייכטערן סאָרט, זעען מיר דערפון, וואָס ער איז נישט אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער מאַגיק פון פרעמדע לענדער. ער איז טאַקע פאַרכישופט געוואָרן פון דער פאַרביקער אָריענטאַלישער וועלט, און ער הערט נישט אויף צו דערציילן און מאָלן זי פאַר אונדז, אָבער ער האָט נישט פאַרגעסן אָדער פאַרוואָרפן זיין פוילישע היים. פאַרקערט, ווען ער שרייבט וועגן דעם שטעטלדיקן לעבן פון פוילישע יידן, ווערט זיין דערציילונג פאַרטיפטער. די מענטשן און די לאַנדשאַפט, באַקומען אַ פולער, אַ טיפער לעבן; מיר דערפילן אַז די מענטשן זיינען מער אייגנאַרטיק, מער בולט מער אמתדיק, מער קינסטלעריש פאַרטיפט ווי אין די דערציילונגען פון דער פרעמד. די לופט אַרום זיי ווערט הייסער.

מיר דערזען און דערפילן ס׳לעבן מיט זיינע לעבעדיקע פאַרבן, ריחות און טעם.

אין זיין יעצטן, ערשט דערשינענעם בוך „האַרבסט אין ווייגנאַרטן״, האָט דלוזשנאָווסקי 9 דערציילונגען און 2 דראַמעס.

איבערלייענענדיק די אַלע דערציילונגען פון נייעם בוך, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער שרייבער איז נישט שטיין־געבליבן, אַז ער האָט זיך באַמיט צו פאַרטיפן, צו פאַרפיינערן זיין דערציילונג. דער סיפור־המעשה איז נישט דער עיקר. מ׳זעט אַ סך פיינע דעטאַלן־מאַלעריי אויף שפּראַכלעכע קונסט־אַרבעט, אַ סך מער ווי אין זיינע פריערדיקע ביכער. דאָס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן און ווייזט, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ שרייבער וואָס האַלט אין איין וואַקסן און אַרבעטן איבער זיך.

די ניין דערציילונגען אין דעם נייעם בוך „האַרבסט אין ווייגנאַרטן״ שפּילן זיך אָפּ אין פאַרשיידענע לענדער. איינע איז אַ היסטאָרישע דערציילונג פון פראַנצויזישן מיטלאַלטער, ווען די יידן זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ און געהאַט איבער זיך אַ פויפּסטלעכן צינז־אויפמאָנער. ס׳איז אַ טייל פון אַ לענגערער היסטאָרישער נאָוועלע. כדי צו שרייבן אויף היסטאָרישע טעמעס מוז מען זיין אַ שרייבער מיט אַ קולטור. אַ פרימיטיווער שרייבער איז נישט מסוגל דערצו. איך האָב דערפילט אַ זיכערע האַנט אין דער דערציילונג און בין געוואָרן אַריינגעצויגן דורך דער קינסטלעריש־אמתער אַטמאָספער, (נישט פון ביכער אַרויסגענומענע היסטאָרישע פאַקטן). דאָס איז דער ערשטער באַדינג פון דער היסטאָרישער דערציילונג — געבן אונדז אַ גלויבלעכע, איבערצייגנדיקע שילדערונג פון יענער צייט, וואָס זאָל אויך זיין קינסט־לעריש פאַרטיפט. און אַז ס׳געלינגט נאָך דעם שרייבער צו אינדיווי־דואַליזירן די כאַראַקטערן, נישט צו שאַפן שאַבלאָנען און נישט נאָר געבן אונדז ביכערישע לומדות, נאָר אויך אַרויסווייזן שעפערישע פאַנ־טאַזיע, ווערט עס שוין אַן אַרבעט פון אַ גאָר הויכער מדרגה. געפינען די פאַסיקע שפּראַך פאַר יענער צייט, איז אויך אַ שווערע מלאכה. דלוזשנאָווסקין איז דאָס אין אַ גרויסער מאָס געלונגען.

דער „לאָקאַל״ פון די אַנדערע דערציילונגען איז דאָס פּוילישע שטעטל, פראַנקרייך אונטער די נאַציס און מאַראָקאָ. איך וויל דאָ איבערגעבן בקיצור די אַקציע פון דער גרעסטער דערציילונג אין בוך, וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען פון בוך — צוליב דער נייער טעמע וואָס שפּיגלט אָפּ די געשעענישן אין דער יידישער וועלט פון די טראַגישע היטלערישע יאָרן.

אַ יידישער פּעדלער האָט אויף איינעם פון זיינע געשעפטלעכע באַזוכן אין אַ פאַרם, פאַרפירט אַ ליבע מיט דער איינקויפערין פון זיינע ווייבערישע סחורות. ס׳קומט די מלחמה און די היטלערישע אָקופּאַציע פון פראַנקרייך. דער יידישער, פון פוילן איינגעוואַנדערטער סוחר, פאַלט דער ערשטער קרבן. זיין טאָכטער, וואָס האָט געהערט פון איר פאָטער וועגן דער פריינטשאַפט מיט דער פראַנצויזישער פאַרמערקע, קומט אין דער פאַרם זיך אויסבאַהאַלטן פון די נאַציס. די פראַנצויזישע משפחה נעמט זי פריינטלעך אויף. פאַר דער וועלט לאָזט מען וויסן, אַז זי איז אַ קרובה וואָס העלפט אַרויס אויף דער פאַרם. אין דער שיינער יידישער מיידל פאַרליבט זיך דער פאַרמערקעס יונגער זון, דער זון פון דער פרוי וואָס האָט געפירט אַ ליבע מיט דער מיידלס פאָטער. דער פאַרליבטער יונגער פאַרמער וויל חתונה האָבן מיט דער יידישער מיידל, אָבער זיינע עלטערן שטעלן זיך אַקעגן. אין דער יידישער מיידל פאַרליבט זיך אויך דער פראַנצויזישער מאַרקיז, וואָס האָט אַ „שאַטאָ" דערנעבן. זי ווערט דאָרט אַן אַריינגעייערין און איינמאָל, ביי אַ באַל, דערקענען דייטשע אָפיצערן אַז זי איז אַ יידישע. זי שפּייט אין פּנים דעם דייטשישן אָפיצער וואָס באַליידיקט און פאַטשט זי. דער אַלטער מאַרקיז קומט צו הילף דער יידישער מיידל. דער פראַנצויזישער אַריס־טאָקראַט שיסט מיט זיין יאַגד ביקס אויף די נאַצישע אָפיצערן, און ווערט אַליין דערשאָסן. זיין דינער ציגדט אונטער דעם „שאַטאָ". דאָס יידישע מיידל ווערט געראַטעוועט פון דעם פאַרליבטן יונגען פאַרמער אין אַ ליידיק וויין־פאַס.

אַ שטאַרק דראַמאַטישע סיטואַציע מיט אַ דראַמאַטיש־טראַגישן פינאַל.

מיר איז בעסער געפעלן די דערציילונג פון היימישן שטעטל, וואו דלוזשנאָווסקי שילדערט דעם סאָציאַלן סכסוך צווישן דעם גביר, דעם פאַבריק באַלעבאָס, און זיין אַרבעטער. זי איז אַ סך מער קינסט־לעריש. אי די מענטשן און די אַטמאָספערע אַרום זיי, זיינען עכטער.

ווען ביי דלוזשנאָווסקין וועט זיך איינשטעלן דער יוגנטלעכער אימפּעט און ער וועט נעמען פאַרטיפן זיך, אָפּשטעלן זיך מער אויף כאַראַקטער, אויף דעם אייגענעם פּירוש אויף דעם לעבן וואָס ער שיל־דערט, וועלן זיינע דערציילונגען ווערן שטילער, זיי וועלן פאַרלירן די דראַמאַטישקייט, אָבער זיי וועלן ווערן קינסטלעריש וואָגיקער. דראַמאַ־טישקייט איז ניט קיין גרויסע מעלה אין אַ דערציילונג.

# זעליג דאָרפמאַן

זינג זינגער און וויין וויינער
פון קלאָרע טרערן ווערן אויגן ריינער
פון שיינע לידער ווערן הערצער גרינגער
וויין וויינער, זינג זינגער.

מיט זיין ערשטן בוך לידער מיט דעם זייער פּאַסיקן נאָמען: „זינג זינגער" האָט אונדז דאָרפמאַן דערלאַנגט זיין פּאַספּאָרט, דערציילט ווער ער איז, פון וואַנען ער שטאַמט און פון וואַנען עס ציען יניקה זיינע לידער. לייענענדיק זיינע זינגעוודיקע אָדער בעסער געזאָגט אויסגעזונגענע לידער מיט זייער פּשוטער, געערדעטער שפּראַך (וואָס זיינען גאַנץ אָפט פּראָזע אויסגעשטעלט אין ליד־פאָרעם) האָבן זיך ביי מיר געוועקט אַסאָציאַציעס־זכרונות וועגן פאָלק־זינגער, הויף־גייער, קאַטערינטשי־קעס, קאָמעדיאַנטן־שפּילער, זינגנדיקע בעטלער — מסתמא דערפאַר וואָס דאָרפמאַן רעדט וועגן זיי אַלעמען אין זיינע לידער, אָבער אויך צוליב זיין בלי־ספקדיקער קרובהשאַפט צו די אַלערליי פּרימיטיווע פאָלק־מענטשן, רויע טאַלאַנטן און קינסטלער־נאַטורן.

ס'איז פאַר מיר אָבער אויך קלאָר געוועזן אַז ניט געקוקט אויף דעם פאָלקישן שורש פון זיינע לידער, איז דאָרפמאַן ניט קיין פאָלק־דיכטער, אַז פון זיינע פּשוטע פון האַרצן אויסגעזונגענע לידער־געזאַנגען רעדט צו אונדז אַ קנאָספּנדיקער יונגער דיכטער, וואָס אַז ער וועט זיך אויסלער־נען נוצן בעסערע פּאָעטישע מכשירים, וועט ער עפּעס האָבן אייגנס צו זאָגן, וואָס ס'וועט ווערט זיין צו הערן.

דאָרפמאַן האָט אונדז ניט אַנטוישט. זינט ער האָט אַרויסגעגעבן זיין ערשט ביכל (1938) איז דאָרפמאַן בישקשהדיק אויסגעוואַקסן. די לידער פון זיין צווייט ביכל „אַמאָל איז געווען אַ מלך" (1948) און נאָך שפּעטער לידער, צעוואָרפענע איבער זשורנאַלן, זיינען שוין ניט אַזוינע פּראָסט־פּשוטע, קינסטלעריש אָרעמע, ווי זיינע ערשטע. ער האָט אַ סך געלערנט פון אַנדערע דיכטער און זייערע גרויסע פּאָעטישע דערגרייכונגען, סיי אין פאָרעם סיי אין שפּראַך און אין דער גאַנצער טעכניק פון אויסמייס־

טרעווען אַ ליד. ער איז שוין ניט דער אַמאָליקער פּרימיטיוו־פּאָלקישער זינגער, אָבער אין תוך — און דאָס איז גוט! — איז ער געבליבן דער זעלבער. ער איז געגאַנגען אין חדר און האָט אַ סך געלערנט, ער איז געוואַקסן און רייפער געוואָרן. און זיינע לידער זיינען געוואַקסן און רייפער געוואָרן אָבער דאָס עצמדיקע פון זיין ליד־שאַפונג איז געבליבן דאָס־זעלביקע. ער איז דער זעלבער זינגער נייערט זיין קול איז שטאַרקער געוואָרן, באַקומען מער פאַרב, פאַרמאָגט מער באַוואוסטזיניקע קונסט.

דאָרפמאַנס לידער האָבן עפּעס אין זיך פון אימפּראָוויזאַציע (קען זיין ער אַרבעט אויף זיי שווער), פון לירישע אָדער אַנדערע שטימונגפולע געפיל אויסגוסן; זיי זיינען איצט מער ראַפינירט געלייטערט, זיי קוועלן שוין ניט אַרויס אַזוי דירעקט ווי ביים „זינג־זינגער". דאָרפמאַן געפינט שוין מעטאַפאָרן, אימאַזשן, בילדער־פאַרגלייכן, פאַרשטעלענישן אויס־צודריקן זיינע עמאָציעס און איבערלעבענישן.

אַזוי ווי במקום דעם גרינעם בחורל פון אַ פאַרוואָרפן פּויליש שטעטעלע וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרלוירענער איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, געקלאָגט און געקרעכצט און געבענקט, און זיצנדיק אין שאַפּ גע־זען בילדער פון „דאָרט", איז דאָרפמאַן איצט אַן עלעגאַנטער, אויסגע־פּוצטער ניו־יאָרקער מיט שנירלדיקע וואָנסעלעך, מיט אַ רואיק פּנים און זיכערן גאַנג און אַן אייגענעם שאַפּ — אַזוי האָבן זיינע לידער דורכגעמאַכט אַ מעטאַמאָרפאָז. אָבער ס'איז דערזעלבער זעליק — און ס'איז גוט אַזוי.

לאָמיר זיך באַקענען אַביסל מיט זעליק דאָרפמאַנס תולדות:

קליין שטעטל  
מיט נידעריקע דעכער  
אַ טישל, אַ בעטל  
אין די ענגע לעכער  
דער אָרעמער שבת  
אין אַטלעס קאַפּאָטע,  
די זון שפּיגלט זיך אין טיפער בלאָטע.

ווען ס'איז געקומען די מלחמה איז דאָס שווערע אָבער איינגעפונדע־וועט לעבן פון שטעטל געוואָרן אַ פינצטערער קאָשמאַר:

דאָס לעבן מיט דייטשע באַמבעס  
מיט נעכט אויף די פעלדער  
און שוואַרצן ברויט מיט טרערן.  
וואויל איז דעם פערד, וואויל איז דער קו  
פאַר זיי איז דאָס פעלד באַוואַקסן מיט גראָז.

אַנשטאָט קרייען פון די הענער „צעקלינגען זיך די זייגערס אויף די טישן" און ס'איז ניטאָ „צו וועמען זאָגן גוט מאָרגן, צו וועמען אויסשטרעקן אַ האַנט".

דאָרפמאַנס טעמאַטיק איז ווי פון יעדן גרינעם דאָ די שווערקייט פון לעבן אין דעם נייעם לאַנד, דער עול פון שאַפּ, פון בענקשאַפט צו דער היים. דאָס גרויליק שווערע לעבן אין דער היים האָט פון דער ווייטנס, ביי דער מאַשין פון שאַפּ, באַקומען אַן אידיליש אויסזען:

איך זיץ ביי דער מאַשין
און טראַכט פון לידער,
אַמאָל דוכט זיך מיר אויס,
אַז איך בין ווידער אין מאַלקין.

אין אַן אַנדער ליד זאָגט זעליק דאָרפמאַן:

איך וועל חלומן פון אַ פּראָסטן הויז
מיט טאָרבעס שוואַרצע ביי די ווענט
און בעטלערס זיצן ביי די לאַנגע טישן
און עסן שוואַרצע ברויט
און טרינקען טיי,
און איך בין אויך צווישן זיי.

דאָרפמאַן האָט ליב פאָרשטעלן זיך אין דער געשטאַלט פון אַ בעטלער, פון אַ בלינדן, אַ קאַטערינטשיק, אָדער אַ וואַגאַבונד.

דערנאָך קומט אַמעריקע מיט די איכה־געקלאָגן פון די ערשטע גרינע יאָרן (עמעצער וואָלט געדאַרפט צונויפשטעלן אַן אַנטאָלאָגיע פון די איכה־לידער, געשריבענע פון די „גרינע" אין אַמעריקע, עס וואָלט געווען אַן אינטערעסאַנט בוך פאַר סאָציאָלאָגן און פסיכאָלאָגן און ליטעראַטור־פאָרשער).

פאַרגעסן דעם הונגער, די בלאָטעס, די דייטשע באָמבעס. דאָס גרינע יינגל פון זאַראָמב בענקט אַהיים:

שוין לאַנג ניט געזען אַ קו פאַר די אויגן
שוין פאַרגעסן ווי אַ הון קרייט,
מויערן וואַקסן דאָ נאָך אַ רעגן
מען פראַצעט שווער פאַרן שטיקל ברויט.
אַלע גאַסן האָבן דאָ איין פּנים.

אָדער:

איך בין אַ פרעמדער בעטלער
אין אַ פרעמד לאַנד.

ער זאָגט וועגן זיך, אַז ער איז:

אַ פרעמדער בעטלער
אין אַ פרעמד לאַנד
וואָס האָט שוין טויזנט מייל אויסגעשפּאַנט
און וועט נאָך זיין לעבן גיין און גיין.

זעליק, דעם יונגן בחור אַלס פּאָעט, זעען מיר שוין אין זיינע ערשטע לידער. ער דערציילט וועגן זיין איינזאַמקייט, אָבער ס׳איז ניט גלאַט איינזאַמקייט, ס׳איז איינזאַמקייט פון דעם קינסטלער וואָס איז אַנדערש פון אַנדערע מענטשן, וואָס פילט זיך אויפגעהויבן איבערן ערב־רב, וואָס איז באַשטימט אָדער אויסדערוויילט אַלץ איבערצולעבן און דורכצופילן, כדי צו קענען דאָס שפּעטער באַזינגען אָדער דערציילן. דאָרפמאַן איז שוין פרי באַוואוסטזיניק געוואָרן וועגן זיין דיכטערישער גורלדיקייט. אויף דעם מאָטיוו געפינען מיר ביי אים אַ סך לידער, פשוטע, אָן פאַרשטעלעניש און לידער וואו ער ציט אויף זיך אַרויף אַלערליי פאַרשטעלענישן: דער וואַנדערער, דער בלינדער בעטלער, דער וואַגאַבונד א. אַז. וו.

אין אַ פשוטן לשון זאָגט אונדז זעליק:

ווען אין שטילע בעטן רוט דאָס פאָלק
מיט שווערע הענט און בלייאיקע פיס
אָקסן ליגן פון אַקער אויסגעשפּאַנט
עס שלאָפט דער הימל, עס שלאָפט די ערד,
עס שלאָפן קינדער אין די וויגן
און עס שלאָפן יידן מיט גרויע בערד,

נאָר איינער שלאָפט ניט — דאָס בין איך — איך בין דער מאַן.
דער אני הגבר וואָס שלאָפט ניט, וואָס נעמט אַריין אין זיך וואָס דער צוקונפטיקער פּאָעט וועט דאַרפן, איז זעליק, דער צוקונפטיקער פּאָעט.
אין דעם קלאָרן, פשוטן ליד זעען מיר שוין, ווי אין אַ סך אַנדערע, דאָס וואָס דער שפּעטערדיקער דאָרפמאַן וועט מיט מער אויסגערייפטע,

קינסטלערישע מיטלען בעסער אַרויסברענגען: זיין חוש פאַר בילדע־רישקייט, פאַר גראַטעסקער בילדערישקייט, וואָס ווערט ביי אים שפּע־טער בולטער און טיפער רעאַליזירט.

אין אַ צווייט ליד וואו דער מאָטיוו פון פּאַעטישער אַנדערשקייט ווערט מער קונציק אויפגעשפּילט רעדט זעליק אַזוי:

איך בין דער בלינדער וואַנגאַ
אין אָוונט ווען די זון צעגליט דעם הימל אין גאָלד
ברענען אין מיינע אויגן אַזוינע גאָלדענע רינגען.
דאַן שטיי איך אַקעגן הימל ווי אַ וואונדערלעכער יאָלד
מיט פאַרקאַטשעטע אויגן
און מיט מיין טראַכט מייסטעריי
דערטראַכט איך זיך אין די הויכן
וואָס איז נישט מיט קיין פליגל
און מיט ניט קיין עראָפּלאַן צו גרייכן.

אין דעם ליד זעען מיר שוין אַז דאַרפמאַן האָט געגאַשט ביי משה לייבן, אפשר ביי נאַדירן. ס׳ניט קיין „מאַלעיר״. אַלע יונגע (און ניט יונגע) דיכטער און פּראָזאַאיקער נאַשן איינער ביי די אַנדערע. די פראַגע איז נאָר פון צעקייען און גוט פאַרדייען. ביי אייניקע איז דאָס געגאַשטע ניט צו דערקענען, ביי אַנדערע יאָ. דאַרפמאַן וועט זיך שפּעטער אויסלער־נען (דאָס אויבן געבראַכטע ליד איז פון זיין ערשטן בוך) בעסער איבער־צוקאָכן פרעמדס, אַריינגעבן זיין אייגענע באַשמעלצעכץ און זאַלץ און פעפער, עס זאָל אַרויסקומען אַ נייע פּאַטראַווע.

די נייגונג צו גראַטעסק, צו חוזק, צו שקאַצישן פּאַראַדירן און „מאַכן דעם אַנשטעל״ איז ביי דאַרפמאַנען אַן איינגעבוירענע, אפשר אַ טייל פון זיין פאָלקס־זינגער און פורים־שפּילער ירושה. זי איז שוין געווען צו דערקענען אין זיינע ערשטע רויע לידער. ער האָט זיך געלערנט און אויסגעלערנט ווי דאָס מער און מער קינסטלעריש אַרויסצוברענגען. ס׳ניט קיין וואונדער וואָס ס׳איז אים אַמאָל שווער צו באַפרייען זיך פון אַלע סימנים פון דעם איינפלוס פון אַזעלכע שטאַרקע דיכטער־פּערזענלעכ־קייטן ווי משה לייב אָדער נאַדיר, אָדער גלאַטשטיין. אָבער נאָכאַמאָל: ס׳ניט קיין „מאַלעיר״. ס׳ניט נויטיק שטאַרק בודק זיין. דאַרפמאַן האָט גענוג אייגנס:

די אומפאַרשטענדלעכע טייטשן
ברעכן מער נישט מיין קאָפּ
אַלץ איז קלאָר:

דער צויבער האָט פאַרלוירן די גאָלדענע האָר.
די פולע קאַרשיקע ליפּן —
אַ קרומער צייכן אויף איבערצוהיפּן.

**די לעצטע שורות פון דעם זעלבן ליד:**

דערמוטיק מיך קול פון אומזעבאַרע ווייטן
איך שווידער אין גרויל פון די אַלטעגלעכקייטן.

**שורות פון אַ צווייט ליד:**

דער נאַכטיגאַל האָט פאַרשפּעטיקט אין מיין לעבן,
ער ווייס נישט אַז כ׳האָב שוין
אַ באָרד אַ שפּאָרע, מיט גרויע געוועבן.
אויב אַ מאָל אַ געזאַנג
שפּאַלט די פאַרשלאָסענע ליפּ
איז עס דעם שיכורס געטראַנק
וואָס וויל נאָך אַ הויב טאָן דעם פליגל
איבער זיין הויקערדיק לעבן
און ווינטשט זיך לחיים אין שפּיגל.

**אויב מען וויל קאָן מען אין די שורות דערשפּירן פרעמדע השפּעות. ס׳איז אָבער קלאָר פאַר אַלעמען צו זען ווי שטאַרק דאָרפמאַן פון „זינג־זינגער" האָט פּראָגרעסירט; ווי ער איז קינסטלעריש אויסגעוואָקסן.**

**פון וואָס פאַר אַ ליד פון זיינע לעצט־געדרוקטע לידער מיר זאָלן ניט אַ כאַפּ טאָן קענען מיר געפינען פיינע שורות און גאַנצע לידער ווי אָט די פיינע שורות פון ליד „פּאָרטרעט" (געדרוקט אין „זיין" נומ׳ 12):**

די לאָזט די פּוסטקייט אונטערן שלאָס
און שפּאַנט אויף שלעפּעריקע קני,
צו דער אייביק באַלויכטענער נאַכט
אַלע אינדערפרי.
אַלע לעמפּלעך שטערן די האַלב דערוואַכטע אויגן
די האָר גראָע פעדים פון יאָר.

**אָדער:**

כ׳האָב אויפגעבויט אַ יום־טוב אין מיין וועלט
און באַמאָלט אים מיט די שענסטע בלומען,

אַ פויגל צו שפּילן האָב איך אָנגעשטעלט
פאַר די געסט, קיינער איז ניט געקומען.
די זון איז אויפגעגאַנגען און פאַרגאַנגען,
דער פויגל האָט אָפּגעשפּילט און איז אַוועק,
איצט זשאַרן פאַרלאָשענע פאַרלאַנגען —
אויפן הימלברעג אַ רויטער פלעק.

דאָרפמאַנס פּאָעטישע טעכניק איז נאָך ווייט פון זיין אַ מוסטער־האַפטע, אָבער ער שלאָגט תמיד אָן אַן אייגענעם טאָן. אויב אָפילו זיין שטים איז ניט פון די שטאַרקסטע, קען זיך ניט אויפהויבן צו גרויסע הויכן, פאַרמאָגט זי אַן אייגענעם חן און קלאַנג. זיינע לידער צייכענען זיך אויס מיט בילדלעכקייט. ער פאַרבליפט אַפילו צומאָל מיט אַ שאַרפן, אָריגינעלן אימאַזש, אַ פּאַראַדאָקסאַלן פאַרגלייך אָדער אויפפאַלנדיק בילד.

איך האָב אָפט געהאַט אַזאַ דערפאַרונג מיט זיינע לידער, אַז ביים צווייטן אָדער דריטן מאָל לייענען, ביים גענויערן אַנאַליז האָב איך ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ער האָט אויף מיר ביים ערשטן מאָל אַזאַ שטאַרקן רושם געמאַכט. די סיבה דערפון איז אַוודאי די טעכנישע זייט פון זיין ליד. אָבער דאָס ווייזט ווי עכט און טיף־אינהאַלטלעך זיין ליד איז. דאָרפ־מאַן האָט באַוויזן עפּעס אַריינצופילטרירן אין זיין ליד וואָס מאַכט אויפן לייענער אַ גרויסן רושם; דאָס עפּעס איז עכטקייט, טאַלאַנט. ביי אַנדערע דיכטער טרעפט מען זיך אָן אויף דאָס פאַרקערטע. אַלץ איז פיין, קינסט־לעריש אויסגעצאַצקעט, אָבער עס פעלט די עכטקייט, די טיפע, אמתע איבערלעבונג, וואָס האָט אינספּירירט דאָס ליד. די פרוכט פאַרבליאַסקעט די אויגן אָבער אינעווייניק איז זי ליידיק, ס׳פעלט די יאָדרע. אויף אַזוינע געצאַצקעטע לידער וואָס זיינען אינעווייניק פּוסט, איז איצט ביי אונדז אַ גרויסע גערעטעניש.

לייענענדיק דאָרפמאַנס לידער אויף דער טעמע: קליין שטעטל ניו־יאָרק, אַ טעמע וואָס האָט אינספּירירט אַזוי פיל פון אונדזערע דיכטער (און פּראָזאַאיקער), זיינען מיר געקומען אויפן געדאַנק לידער פון מיין לאַנדסמאַן, דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער, נחום באָמזע. באָמזע — ווי ס׳רוב גאַליציאַנער — האָט אין זיך איינגעזאַפּט מער קולטור, געהאַט מער בילדונג, אפשר מער פּאָעטישער סענסיביליטעט אָבער דאָך איז אים, ניט געקוקט אויף דער פיינקייט און עכטקייט פון זיין ליד, געווען שווער צו דערשלאָגן זיך צו אַ בולט־אייגענעם טאָן. דאָס באמת מיס־טעריעזע אייגענע האָט דער ראַפינירטער דיכטער באָמזע אַרויסגעקראָגן ערשט ווען דער טויט האָט שוין געקלאַפּט שטאַרק אין זיין טיר. דאָרפמאַן,

ווען מען ליד איז ניט תמיד אַזוי עסטעטיש באַפרידיקנדיק, האָט אָבער די גרויסע מעלה פון האָבן אַן אייגן קול וואָס מען קאָן תיכף דערקענען.

וואָס דאָס איז איז ניט אַ זאַך וואָס מ׳קען אָנטאַפּן מיטן פינגער און זאָגן: אָט דאָס איז עס! איך דערמאָן זיך, אַז גלאַטשטיין האָט ערגעץ געזאָגט, אַז דער לייענער מוז דעם פּאָעט געטרויען. דאָרפמאַן וועקט ביי אונדז דעם צוטרוי מיט זיין עכטקייט. ער מאַכט אויף אונדז אַ שטאַרקן רושם (וואָס איז צומאָל אומדעפינירלעך) מיט זיין פּאָזע פון זינגער וואָס אימפּראָוויזירט לויט זיינע שטימונגען פאַר אונדז אַ ליד אין וועלכן דער לירישער אונטערטאָן ווערט פאַרשטעלט דורך שקאַצישן איינפאַל, גראָ־טעסקן חוזק־שפּיל.

די גרויסע חורבן־טראַגעדיע האָט געשטעלט יעדן יידישן שרייבער פאַר אַ שווערן נסיון: ווי אַזוי געפינט מען דאָס ריכטיקע וואָרט פאַר דעם גרויסן שוידער? שווייגן קען מען ניט. צייטונגסלייט איז גוט. זיי האָבן דערפאַר פאַרטיקע ווערטער. דער דיכטער מוז געפינען זיין אייגן וואָרט.

דאָרפמאַן האָט פאַרשטאַנען אַז ער מוז זיך אויסהיטן פון אָנגעמען אַ צו הויכן טאָן. דאָס וואָלט געווען פאַלש פאַר אים.

ער האָט אַ סך לידער וואו אונדזער גרויסער בראָך ווערט באַוויינט שטיל, פּאַטעטיש, ווי עפּעס אַ גראָטעסקע וואונדער־מעשה:

פרייטיק פאַרנאַכט ווען גאָט וועט צינדן דעם שבתדיקן הימל
וועלן מיר קומען רוען צום שטילן ים
און מיר׳ן זיך אַ מעשה דערציילן.
דורך גרויע פרימאָרגנס, דורך פשוטע טעג
זיינען מיר געגאַנגען דעם יידישן וועג
מיט טראָן אויף די שטיוול, אין גומענע קאַמאַשן
אַמאָל איז געווען המן טאַשן
אָבער שטענדיק איז מען צו גאָט געגאַנגען
מיט געפלאָכטענע הבדלות מיט הילכעקע געזאַנגען
מיט געקרייזלטע פאות, מיט יידישע בערד —
איז דער מערדער געקומען מיט דער ברייטער שווערד
און געשאָכטן אונדזערע קינדער
געשאָכטן אונדזערע ווייבער
געשאָכטן אונדזערע לייבער
איצט ליגן מיר ביים ים ווי מעוועס

און רוען ביי די ברעגן פון הייליקן שבת
און דער אָוונט באַדעקט זיך מיט גאָט פון אברהם טונקלקייט
נעמט מען זיך אָן אין אַ ווייסן קראַנץ
און מען טאַנצט דעם לעצטן שלש סעודות־טאַנץ.

אָט דאָס אייגענע, אייגענע מאָטיוון, אייגענער נוסח, וואָס זיינען אַ סימן מובהק פון עכטקייט, האַלטן אין זיך דעם צוזאָג פון וויטערער אַנטוויקלונג, פון ווייטערע דערגרייכונגען.

דאָס בוך עסייען ווערט אַרויסגעגעבן אויף דער
איניציאַטיוו און מיט דער הילף פון אַ קאָמיטעט
פון שרייבער.

ביכער פון דעם זעלביקן מחבר:

דערציילונגען — 1938

גרייט צום דרוק:

געקליבענע נאָוועלן און דערציילונגען

די צייכענונגען זיינען געמאַכט געוואָרן פון בן ציון און ג. דוירק